א. סוצקעווער

# פון ווילנער געטאָ

אָגיז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע 1946

# באַם דײַטש אין די נעגל

## אין שטאָט און אַף די וועגן

... ווען איך האָב דעם 22-טן יוני אײַנדערפֿרי אײַנגעשלאָסן דעם ראַדיאָ-קאָנטאַקט, האָט אַ שפּרונג געטאָן מיר אַנטקעגן, ווי אַ קנויל יאַשטשערקעס, אַ היסטעריש געשריי אַף דײַטש. פֿון דעם גאַנצן געפֿילדער האָב איך בלויז געדרונגען, אַז דאָס דײַטשישע מיליטער האָט אַ שפּאַר געטאָן איבער די גרענעצן. איך בין אַראָפּגעלאָפֿן אין דרויסן. איך גיי, ווו די אויגן טראָגן. איך קום אַרײַן צו נויעך פּרילוצקי. ער איז פֿאַרטאָן בא זײַן ווערק „פֿאָנעטיק פֿון ייִדיש".

— מיט דער ערשטער באָמבע אַף דער רוסישער ערד האָט זיך היטלער אויסגעגראָבן אַ קייווער, — זאָגט פּרילוצקי. אָבער וואָס צו טאָן — ווייס ער ניט. ער שרײַבט ווײַטער די „פֿאָנעטיק פֿון ייִדיש".

איבער די גאַסן יאָגן פֿײַערלעשער. לעבן דער גרינער בריק איז אַ סרייפֿע. איך בין אַוועק צו מײַן מאַמען אַהיים, הינטער דער גרינער בריק. מײַן מאַמע האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט, באַפֿאַלן מיך קושן, מיך געטרייסט, אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן צום גוטן. זי האָט אויסגעקאָכט שטשאַוויע זופּ פֿאַרווײַסט מיט מילך...

עראָפּלאַנען האָבן ניט אויפֿגעהערט באָמבאַרדירן. אַנטקעגן אונדז, אַף דער צווייטער זײַט ווילִיע, האָט געפֿלאַקערט אַ גאַז-רעזערוואַר. דער רייעך איז אַרײַנגעדרונגען אַזש אַהער אין צימערל און געריסן אין האַלדז.

— מאַמע, לאָמיר זיך ראַטעווען אינאיינעם!

די מאַמע האָט מיר געגלעט די האָר, אַ קוש געטאָן אין שטערן און מיט אַ פֿײַנלעכן אויסדרוק, וואָס ניט מעגלעך צו פֿאַרגעסן, צוגעגעבן:

— איך, מייַן קינד, וועל אין ערגעץ ניט גיין. מייַן לעבן איז אין דיר. דו גיי און ראַטעווע דייַנע יונגע יאָרן.

כ'בין אוועק צו דאָוויד אומרו, דעם רעדאַקטאָר פון „עמעס“. זיצן מיר און קלערן פון אַן אויסוועג. אַזייגער צוועלף באַנאַכט איז אין צימער געוואָרן בלענדנדיק-ליכטיק. אַעראָפּלאַנען האָבן אינדערלופטן אופגעהאַנגען ליכט-ראַקעטעס. אַנטקעגן פענצטער, אין ראַיאָן פון דעם קרייַץ-באַרג, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן דייַטשישע פּאַראַשוטיסטן.

דעם סוינעס אַעראָפּלאַנען זייַנען געפלויגן איבער די הייַזער. אפן ראָג גלעזער-גאַס און ברייטער איז אייַנגעפאַלן אַ מויער. זעכציק מענטשן זייַנען געבליבן אונטער די ציגל. אויך אפ פּאָרטאָווע זייַנען אייַנגעפאַלן מויערן. רויך פון סרייפעס האָט זיך געשפּרייט איבער די גאַסן. מענטשן מיט פּעקלעך אין די הענט האָבן זיך געצויגן אַרויס דער שטאָט. קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן, אַז דער דייַטש איז שוין גאָר נאָענט, און ער וועט פאַרצוקן ווילנע.

מיר ציען זיך אויך—אַ קאָמפּאַניע שרייַבער, כאַווײרים, נאָענטע. איך לאָז איבער מייַן שטוב אפ הפקר. פון מייַן אייגנטום באַווייַז איך מיטצונעמען בלויז די שוין אָפּגעדרוקטע בלעטלעך פון מייַן פּאָעמע „סיביר“. מייַן פרוי נעמט מיט איר טאָגבוך, וואָס זי שרייַבט פון צען יאָר אָן. מיר שפּאַנען אַרופ סובאָטש אין דער ריכטונג צו מינסק.

מיר באַגעגענען אַ טאַבאָר מיט ייִדן. די וועגענער אָנגעפּראָפּט מיט קישנס און ווייַבער. בײַ אַן אָנטרייַבער פון אַ פערד-און-וואָגן דערוויסן מיר זיך, אַז דאָס אַנטלויפט ער מיט זייַן מישפּאָכע פון די „ביליקע הייַזער“. אין דאָרף סלאָבאָדע ווױנט זייַנער אַ באַקאַנטער פויער. בײַ אים וויל ער איבערזייַן די מילכאָמע-צייַט, און ווען מע וועט די דייַטשן פאַרטרייַבן אפ צוריק, וועט ער זיך אומקערן קיין ווילנע.

וואָס אַ מינוט ווערט געדיכטער אפ די וועגן. עס ציען אפ מיזרעך טיפער אין לאַנד יוגנטלעכע, אויך עלטערע און אפילע זקיינים. מע יאָגט פון דער מאַגיפע, און די מאַגיפע יאָגט איבער... דייַטשישע אַעראָפּלאַנען לאָזן זיך אַראָפּ ווי הײשעריקן. זיי יאָגן זיך נאָך אייַנציקע מענטשן. אין דער לויפעניש ווערט צעשפּליטערט אונדזער גרופּע. אומרו מיט דער פרוי זייַנען אין דער בעהאָלע ניט געוואָרן. דאָס קינד זייערס ניבערט אפ מייַנע הענט. איך וויל אַרייַנגיין אין אַ כאַטע אָנצוטרינקען דאָס קינד, נאָר אין כאַטעס זייַנען פּוסט. די פּויערים — צעלאָפן.

נאכט. מיר שלאָפנ אינ וואלד. רויטארמייער וואָרענענ אונדז, מיר זאָלנ זייַנ געהיט מיט מענטשנ, ווייַל אראָפּגעוואָרפענע דייַטשנ גייענ אינ קליידער פונ רויטארמייער. מייַנ כאַווערס קינד, געבליבנ אפ מייַנע אָרעמס, איז זיכ פארגאנגענ אינ א געוויינ. עס בענקט נאָכ דער מאמענ. עס הונגערט. דאָס הארצ ווערט צעריסנ. בא דער לעוואָנע-שייַנ קלייַב איכ אָנ א פּאָר יאגעדעס אונ גיב דעמ קינד — עס זאָל ניט אויסגיינ אפ מייַנע הענט.

* * *

לעבנ אָשמענע האָט אונדז דער דייַטש שוינ דעריאָגט. פונדערווייַטנ האָט זיכ געטראָגנ א געקלימפּעריי פונ טאנקענ. פויערים האָבנ אונדז דערציילט, אז די גאנצע געגנט איז שוינ באוועדעמט מיט דייַטשנ. וווה׳נ לויפט מענ? אונ דערצו טראָג איכ נאָכ דאָס קינד. דערפעד ברענענ. אעראָפּלאנענ איבער די קעפּ. מיר דערקענענ צווישנ זיי אויכ פיל סאָוועטישע. זיי ראנגלענ זיכ אונטער די וואָלקנס מיט די דייַטשישע לופט-רויבער. איינגעקנוילט אינ רויכ, פאלנ אייניקע אראָפּ לעבנ אונדז.

שוינ ניט ווייַט פונ ווילנע טרעפ איכ זיכ מיטנ טאטנ פונעמ קינד, וואָס בא מיר אפ די הענט. איכ גיב אימ אָפּ זייַנ אייפעלע, אונ איכ בינ גליקלעכ, וואָס איכ האָב עס דערהאלטנ באמ לעבנ. מיר נעכטיקנ אינ א שייַער בא א פויערטע. דורכ די שפּאלטנ זעענ מיר, ווי עס ברענט נייַ-ווילייקע. באנאכט קומענ אָנ מאָטאָציקלענ, שטעלנ זיכ אָפּ בא דעמ שייַער. איכ דערהער די שפּראכ, וואָס האָט געשענדט אייראָפּע. דייַטשישע זשאנדארנ נישטערנ אינ דאָרפ. זיי רופנ ארויס אונדזער פויערטע אונ פרעגנ זי, צי זי באהאלט ניט אויס קיינ יידנ. מייַנע כאווירימ שלאָפנ. איכ איינער בינ אופ. פונ איר ס א ווערט הענגט אָפּ אונדזער לעבנ. זי ענטפערט אפ איר מוטערשפראכ: „נייִנ, דאָ איז קיינער ניטאָ“. אונ די זשאנדארנ פאָרנ אוועק ווייַטער.

טאנקענ, טאנקענ, טאנקענ. דער גאנצער אָשמענער טראקט איז איינ טאנקענ-קייט. זיי פויקנ, רוישנ, הילכנ אונ פארטויבנ. מיר ווארטנ א האלבנ טאָג. ענדלעכ רייַסנ מיר זיכ דורכ. מיינ זעלבנ וועג, וואָס מיר זייַנענ אנטלאָפנ, גייענ מיר צוריק. בא דער ווילייקע וואשנ מיר זיכ ארומ. מיר צערייַסנ די פּאפּירלעכ, דאָקומענטנ — טאָמער א רעוויזיע, זאָל מענ גאָרניט געפינענ. מייַנ פרוי לאָזט איר טאָגבוכ בלעטלעכווייַז מיטנ וואסער.

* * *

איכ בינ צוריק אינ שטאָט. אפ די גאסנ האָב איכ קײנ ייִדנ קימאט ניט באמערקט. עטלעכע זקײנים מיט אײַנגעבויגענע קעפ האָבנ זיכ געשארט בא די ווענט. די באפעלקערונג איז געלעגנ אינ די הײַזער. איבער דער שטאָט זײַנעג ארומגעגאנגענ עפעס נײַע פינצטערע פארשוינענ מיט ווײַסע אָרעמבענדער אונ קלײנע ביקלעכ אפ די אקסלענ. איכ האָב דערקענט צווישנ זײ אײנעם א סטודענט פונ ווילנער אוניווערסיטעט.

לעבנ שלאָסבארג האָבנ די ווײַסע אָרעמבענדער געפירט אונטערנ ביקס ארום צוואנציק מאנ. צווישנ זײ — זאלמענ שאכיראָ, א פראָ-וויזאָר פונ ווילקאָמירער גאס. מע האָט זײ אלעמענ ארופגעפירט אפנ שלאָסבארג. בא דער גרינער בריק האָב איכ דערהערט א זאלפ פונ א סאכ ביקסנ אינ ראיאָנ פונ דעם שלאָסבארג. איכ האָב זיכ צומגעדרײט אונ געזענ בלויז א פלאטערדיקנ האקנקרײצ אפ געדימינס פאלאצ.

אינ מײַנ שטוב אפ סובאָטש-גאס 6, ווו איכ האָב אלצ איבער-געלאָזט, האָב איכ זיכ מער ניט צוריקגעקערט. איכ בינ אוועק צו מײַנ מאמענ אפ ווילקאָמירער 14, ווו איכ האָב אָפגעלעבט צוואנציק יאָר. מײַנ מאמענ האָב איכ געטראָפנ א פארווײנטע. עמעצער האָט איר אָנגעזאָגט, אז מע האָט מיכ געזענ א טויטנ, א צעריסענעם פונ א באָמבע.

## גזײרעס אונ לאטעס

אפ מאָרגנ איז פונ שטאָט אָנגעקומענ א שאָכנ אונ דערציילט, אז מע כאפט ייִדנ אפ ארבעט. די ייִדנ, וואָס מע כאפט, לאָזט מענ אָפ אפ דער נאכט אהײמ אונ מע גיט זײ ארויס פאפירלעכ, אז זײ זײַנענ שוינ „געכאפטע“. כוצ דעמ דערציילט דער שאָכנ, אז די דײַטשנ האָבנ אינ דער לוקישקער טורמע אוועקגעפירט ווי אָרוועס-לײַט ארומ צוויי הונדערט ייִדנ אונ פאָליאקנ. אויב די באפעלקערונג וועט זיכ מיט עפעס „פארזינדיקנ“, וועלנ די אָרוועס-לײַט באצאָלנ מיט זײערע קעפ. די זעלבע נאכט האָט זיכ ביז באגינענ געהערט א שיסערײַ פונ דער טורמע, וואָס שטײט אפ דער אנדערער זײַט ווילִיע, אנטקעגנ מײַנ פענצטער. ווער שיסט אונ אינ וועמענ — האָט קײנער ניט געוווסט. אזוי האָט זיכ איבערגעכאזערט עטלעכע מעסלעס נאָכאנאנד. שפעטער האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דעמ זעלבנ אָוונט,

ווענ מע האָט אינ טורמע געבראכט די אָרוועס-לײַט, האָט מענ זיי גרופּעסווײַז דערשאָסנ אינעמ טפּיסע-הויפ.

די שיסערײַ אינ דער לוקישקער טורמע האָט ניט אופגעהערט. די כאפּעניש אפ מענער אויכ ניט. יעדער פּאָליציי-צירקל האָט באַקומענ א פאראָרדענונג אָנצוכאפּנ צו פופציק יידנ א טאָג. שוינ ניט אפ דער געוויינלעכער ארבעט, נאָר אפ עכּעס א געהיימענ ציל, וועלכנ קיינער האָט ניט געוווּסט.

כאפּונעס (אזוי האָבנ די יידנ אָנגערופנ זייערע כאפּערס) לויפנ ארומ איבער די גאסנ אונ קאָנטראָלירנ, טאפּנ, נישטערנ. זיי שטעלנ אָפּ יעדנ איינעמ. אויב א ייד האָט ניט קיינ שײַנ, אז ער ארבעט, אָדער אויב דער שײַנ איז א ביסל אָנגעריסנ, צעקנייטשט, פירט מענ דעמ יידנ אינ דער לוקישקער טורמע.

די פאשיסטישע פּאָליציי האָט קאָנפיסקירט די סכוירעס פונ די יידישע קראָמענ, ארויסגעשלײַדערט די יידנ פונ אלע אונטערנעמונגענ. פונ קיִעווער גאס, שאָפּענ-גאס, גרויס-סטעפּנ-גאס האָט מענ אינ מעשעכ פונ א שאָ צײַט ארויסגעטריבנ אלע „ניט-אריער“ אונ זייערע דירעס פארכאפּט. גלײַכצײַטיק האָט מענ פארנומענ פונ דאָרטנ אלע מענער. אינ גאס האָבנ זיכ באוויזנ די ערשטע באפעלנ:

יידנ טאָרנ ניט ריידנ דורכנ טעלעפאָנ.

יידנ האָבנ קיינ רעכט ניט צו פאָרנ מיט דער באנ.

יידנ טאָרנ ניט ארײַנקומענ אינ קיינ שטאָטישנ אנשטאלט (באָד, שפּיטאָל, קינאָ-טעאטער, קאפע).

יידנ מוזנ אָפּטראָגנ זייערע וועלאָסיפּעדנ אונ ראדיאָס.

אלע יידנ ווערנ ארויסגעוואָרפנ פונ אוניווערסיטעט.

אינ שטאָט האָט זיכ באוויזנ די באקאנטע אופשריפט: „ארײַנטריט פיר יודענ פערבאָטענ“.

אינ די אָרטיקע צײַטונגענ האָבנ זיכ באוויזנ שוידערלעכע ארטיקלענ וועגנ יידנ. דער גאנצער גיפט פונ דער דײַטשישער פּראָפּאגאנדע, צוגעגרייט פאר לאנגע יאָרנ, איז ארײַנגעדרונגענ אינ דער היגער פּרעסע, וווּ ס'האָבנ מיטגעארבעט פאשיסטישע אגענטנ — דײַטשיש-ליטווישע נאציאָנאליסטנ.

דעמ 4-טנ יול איז אינ די צײַטונגענ אונ אפ די ווענט פארעפנטלעכט געוואָרנ אזא מודאָע: „אינ העסקעמ מיטנ באפעל פונ דער דײַטשישער מיליטערישער מאכט פונ 3-טנ יול 1941 מעלדנ מיר, אז אלע יידנ אָנ אונטערשייד פונ געשלעכט אונ עלטער דארפנ טראָגנ אפ דער ברוסט אונ פלייצע א לאטע פונ צענ סאנטימעטער

אפ צענ סאנטימעטער. אינמיטנ דארפ זײַנ א געלער קרײַז אונ אינ-ווייניק א "J". א מוסטער איז פאראנ אינ אלע ווילנער פּאָליציי-צירקלענ.

דער באפעל גייט ארײַנ אינ קראַפט פונ 8-טנ יול 1941.

פאר ניט אויספירנ דעמ באפעל — די גרעסטע שטראָפ.

מיליטערישער קאָמענדאנט פונ ווילנע צענפעניג".

אינ א פּאָר טעג ארומ האָט דער שטאָט-קאָמענדאנט נוימאנ ארויסגעגעבנ א נײַעמ געזעצ וועגנ לאטעס: ניט קיינ געלע דארפנ זיי זײַנ, אונ ניט אפ דער ברוכט אונ פּלייצע דארפ מענ זיי טראָגנ, נאָר מע דארפ אָנייענ אפנ ארבל א בלויענ אָרעמבאנד מיט א ווײַסנ מאָגנ-דאָוויד. שפּעטער מיט א טאָג איז אויכ זאָט דער געזעצ באָטל געוואָרנ: מע דארפ שוינ ווידער טראָגנ געלע לאטעס אפ דער ברוכט אונ פּלייצע.

די דײַטשנ האָבנ מיט די דאָזיקע געזעצנ געוואָלט וואָס מער באליידיקנ, דערנידעריקנ אונ צעטומלענ די ייִדישע בעפעלקערונג אונ קענענ „געזעצלעכ" ארויסבאקומענ וואָס מער קאָרבאָנעס. די ייִדנ האָבנ ניט געקענט, פּאָשעט ניט באוויזנ אויסצופירנ די נאָכ-אנאנדיקע שפּאָגל-נײַע באפעלנ. אונ פארנ טראָגנ ניט די לאטע, וואָס מע דארפ, האָט מענ גלײַכ ארעסטירט.

נאָכ ניט געענדיקט מיט די לאטעס — ווידער א נײַס:

ייִדנ טאָרנ ניט האָבנ קיינ קאָנטאקט, טאָרנ ניט ריידנ מיט ניט-ייִדנ.

ייִדנ האָבנ ניט קיינ רעכט צו פארקויפנ וועלכע-ניט-איז זאכנ, וואָס זײַנענ ביז איצט געווענ זייער אייגנטומ, ווײַל דאָס גאנצע פארמעגנ פונ די ייִדנ געהערט פונ הײַנט אונ ווײַטער צו דער דײַטשישער מעלוכע, אונ עס ווערט צײַטווײַליק בלויז איבערגעלאָזט בא דעמ געוועזענעמ באלעבאָס.

ווי עס דרינגט ארויס פונ דעמ ערשטנ פונקט, איז פארבאָטנ פאר די ייִדנ צו באזוכנ דעמ מארק.

פאר ניט אונטערוואַרפנ זיכ די פאראָרדענונגענ ווערט מענ דערשאָסנ.

דעמ 2-טנ אווגוסט איז אָנגעקומענ הינגסט ווי דער געביטס-קאָמיסאר פונ ווילנע.

אינ דעמ זעלבנ טאָג האָט ער שוינ באוויזנ זײַנ קויעכ.

אפ שפּיטאָל-גאס אונ נאָוויגאָראָד זײַנענ פאָרגעקומענ צוויי גרויסע פּאָגראָמענ. דורכגעפירט האָבנ זיי די מאסנ-מערדער שווײַנענבערג אונ ווײַס. כוצ דעמ האָט ער ארופגעלייגט א ריזיקע קאָנטריבוציע אפ דער ייִדישער באפעלקערונג.

איינ פאראָרדענונג איז פּאָרויסגעלאָפּנ דער צווייטער:

ייִדנ מעגנ גיינ אינ שטאָט בלויז ביז זעקס אינ אָוונט.

אפ די טראָטוארנ איז ייִדנ פארבאָטנ צו גיינ. זיי מעגנ גיינ בלויז אפנ ברוק אונ איינציקוויַיז, ווי עס גייענ גענדז.

אפ מיצקעוויטש-גאס, זאוואלנע, ברייטע, שלאָס-גאס, קאַטעדראל-פלאצ אונ ארום באנ איז ייִדנ פארבאָטנ צו גיינ.

די ייִדנ האָבנ געפרווט די געזעצנ גריוועער זיַינ. מע טאָר ניט גיינ אפנ מארק, איז אָדער מע פלעגט ריזיקירנ אונ גיינ אָנ לאטעס ווי ניט-ייִדנ, אָדער די ניט-ייִדישע שכיינים פלעגנ אופקויפנ שפּיַיז אונ אריַינטראָגנ אינ די ייִדישע שטיבער. אויכ מיטנ גיינ איבער די גאסנ האָבנ זיכ די ייִדנ אנ אייצע געגעבנ: מע האָט דורכגעהאקט הויפנ אונ געמאכט דורכגענג. מע איז ארומגעגאנגענ צעגדליקער גאסנ אונ געקומענ, ווו מע דארפ.

## כאפונעס

דער געכטאפּאָ-אָפיצער שוויַינענבערג האָט געארבעט פליַיסיק. אפ ווילנער 12 האָט ער געשאפנ זיַינ שטאב. ער האָט צוגעצויגנ די ליטווישע פאשיכטנ פונ „איפּאַט נגאס בוריס", אָדער ווי מע האָט זיי פאָשעט גערופנ די „איפּאטינגא" („אויסדערווייליטע"), אונ האָט זיי פאנאנדערגעטיילט אפ צוויי העלפטנ: די אופגאבע פונ דער ערשטער העלפט איז צו כאפנ ייִדנ, אונ פונ דער צווייטער — אויסצופירנ עקזעקוציעס איבער די געכאפטע.

* * *

עס האָבנ זיכ איבער די גאסנ א לאָז געטאָנ כאפונעס. זייער אופגאבע איז צוערשט געווענ: אופזוכנ ייִדישע מענער אונ זיי שלעפנ צו דער ארבעט. אָבער ניט אינ דער עצעם ארבעט איז זיי געגאנגענ. עס איז געווענ א גוט, פונ פאָרויס צוגעגרייט מיטל, וויַאזוי אריַינצונאַרנ אונ פארלענדנ די ייִדישע באפעלקערונג. די ארבעטנדיקע ייִדנ האָט מענ טכילעס „ניט געטשעפעט". פארקערט, זיי האָבנ באקומענ צעטלענ, אז זיי ארבעטנ. מיט אזא צעטל האָט מענ זיי ניט געטאָרט פארהאלטנ. אינגיכנ איז די ייִדישע באפעלקערונג צעטיילט געוואָרנ אפ צוויי טיילנ: די, וואָס ארבעטנ, אונ די, וואָס באהאלטנ זיכ אינ מאלינעס. געפונענ א באהאלטענעם ייִדנ, פלעגנ די כאפונעס אים הייסנ מיטנעמענ א האנטעכ אונ זייפ אונ פלעגנ

אים אָפּפירן אין דער לוקישקער טורמע. אין טורמע איז געווען שוויינענבערג. פון אים פלעגט מען זיך זעלטן ארויסדרייען.

אפ ווילנער 12, אין דער געביידע פון דער „איפּאטינגא", איז געווען א קארטאָטעק פון די געכאפּטע. ס'הייסט פון יענע געכאפּטע, וואָס מע האָט אוועקגעפירט אין דער לוקישקער טורמע. אין דער קארטאָטעק איז געווען פּאָלגנדיקע רובריקן: נאָמען און פאמיליע־נאָמען פונעם פארכאפּטן, ווען געבוירן און נאָמען פונעם כאפּער. אפ דער צווייטער זייט פלעגט דער סעקרעטאר נזרווישא צושרייבן מיט א רויטן בלייער א ♌ אָדער א P. ♌ האָט באטייט, אז דער קאָרבן איז אין דער לוקישקער טורמע. א P — אז מע האָט אים שוין אָפּגעפירט קיין פּאָנאר.

פאר איטלעכן געכאפּטן ייִדן, וואָס איז באשטימט געווען אפ אומקום, האָט דער כאפּער באקומען צו צען רובל.

פיל כאפּונעס האָבן געהאט צו זיך געהילפן. מערכטנטייל זיינען דאָס געווען גאָר יונגע אגענטלעך. זיי פלעגן פריִער אויס־שמעקן די ערטער, ווו ייִדן באהאלטן זיך. פאר אזא האָט מען גע־ציטערט ניט ווינציקער ווי פאר א דערוואקסענעם. די כאפּונעס פלעגן ניט נאָר כאפּן מענטשן צום טויט, נאָר אויך זיך איבער זיי איזדיעקעווען. אין זייער גלאנצ־פּעריאָד, ערעוו דער געטאָ, פלעגן זיי באפאלן באָטע־מעדראָשים און פלעגן אוועקפירן די דאוונערס אזוי, ווי זיי שטייען, אין טאלעס־און־טפילן. געווען איז אזא פאל: בייס א כאפּעניש האָט זיך געראשן שמוקלער באהאלטן אין אן אלמער. א כאפּון האָט אים דערטאפּט און געשלעפּט אפן הויף. דער ייִד האָט זיך געפּרוווט אויסקויפן. ער האָט אָבער ניט געהאט גענוג געלט, האָט ער זיך געבעטן בא זיין כאפּון, וועלכן ער האָט געקענט ווי א סטודענט פון אוניווערסיטעט:

— האק מיר אויס מיינע גאָלדענע ציינער, נאָר לאָז מיך לעבן.

באם סטודענט האָט זיך אופגעוועקט דער „געוויכן": ער האָט שמוקלערן ארויסגעהאקט די ציינער און געלאָזן לעבן.

## דער ערשטער ייִדנראט

דעם 4־טן יול איז אפן שולהויף אריינגעפאָרן א טאקסי, און צוויי דייטשן מיט ביקסן אפ די אקסלען האָבן באפוילן ארויסרופן דעם ווילנער ראָוו. עס איז צו זיי ארויס דער שטאָט־שאמעס כאיִמ־

מייער גאָרדאָנ, א הויכער שיינער ייִד מיט א ווײַסער באָרד. „דו ביסט עס דער ווילנער ראָוו?"—האָט איינער פונ די דײַטשנ געפרעגט אונ אָנגעשטעלט אפּ אים די ביקס. גאָרדאָנ האָט געענטפערט, אז ער איז בלויז א שאמעס. דער ערשטער ראָוו רובינשטיינ איז אינ אמעריקע, אונ דער צווייטער ראָוו, כאיִמ-אויזער גראָדזענסקי, ז.-ל. געשטאָרבנ.

— אויב אזוי,—האָבנ די דײַטשנ געמאָלדנ דעמ שאמעס, — ביכטו דער ראָוו. אונ ביז מאָרגנ דארפסטו אופשטעלנ א ייִדנראט.

עס איז גערופנ געוואָרנ א פארזאמלונג פונ די ווילנער קלאל-טוער, אונטערנ פאָרזיצ פונ דעמ אלטנ אונ גוט באקאנטנ ד״ר גערשוני. גערשוני האָט דערקלערט, אז די, וועלכע מע וועט אויסקלײַבנ אינ ייִדנראט, טאָרנ זיך ניט אָפּזאָגנ. עס איז געגליכנ, ווי זיי וואָלטנ געגאנגענ אפּ קידעש-האשעמ. אונ ער האָט זיך ביטער צעוויינט. אינ ייִדנראט זײַנענ אויסגעקליבנ געוואָרנ זעכצנ פערזאָנ. צווישנ זיי: ד״ר יאקאָוו וויגאָדסקי, האָראוו שוב, עליִעזער קרוק, אדוואָקאט פינכאָס קאָנ, פרופ׳ ד״ר שאבאד-גאווראָנסקי, סאול טראָצקי אונ דער באנקיר לאנגבאָרט. פארנ פאָרזיצער איז אויסגעקליבנ געוואָרנ אינזשעניער סאול טראָצקי.

דער ייִדנראט האָט זיך ארײַנגעקליבנ אפּ סטראשונ-גאס 6, אינ ביניענ פונ דער געוועזענער ביבליִאָטעק „מעפיצע-האסקאָלע".

דאָס ערשטע, וואָס איז ארופגעלייגט געוואָרנ אפנ ייִדנראט, איז צונויפזאמלענ דאָס גאָלד אונ די ווערטזאכנ בא דער ייִדישער באפעלקערונג.

* * *

ווי נאָר עס זײַנענ ארײַנ אינ ווילנע די דײַטשנ, האָט נאָך געפרווט אָנגורטנ זײַנע קויכעס דער אלטער ווילנער קלאל-טוער, דער געוועזענער פאָרזיצער פונ דער ווילנער ייִדישער קעהילע — ד״ר יאקאָוו וויגאָדסקי.

צו פינפ אונ אכציק יאָר איז אימ באשערט געווענ צו דערוענ דעמ האקנקרייצ איבער זײַנ היימשטאָט. ער איז שוינ געווענ קראנק. קוימ וואָס געגאנגענ. ווענ די נײַע מאכטהאָבער האָבנ אָנגעהויבנ זייער מאָרד איבער דער ייִדישער באפעלקערונג, זײַנענ צענדליקער אונ הונדערטער מענטשנ געלאָפנ צו וויגאָדסקינ. בא ד ע מ האָט מענ אוועקגעריבט א זונ, בא ד ע מ א טאטנ, זאָל ער ווי אלעמאָל זיי העלפנ, זיי ראטעווענ.

דער קראנקער וויגאָדסקי האָט זיך אופגעהויבן פון בעט, אָנגעטאָן זײַנע שווארצע קליידער מיט די אָקאָרשט אָנגענייטע לאטעס, גענומען א שטעקן און איז אוועק צום רעפערענט פאר ייִדישע איניאָנים מורער אָפצושרײַען די גזיירעס. דער שטורמיסט בא דער טיר האָט אים ניט ארײַנגעלאָזן. געהייסן ווארטן אפ די טרעפ. אין א שאָ ארום איז ארויסגעקומען מורער.

דער זאָקן איז צוגעגאנגען נעענטער, זיך פאָרגעשטעלט, ווער ער איז, און דערציילט דעם נײַעם הערשער וועגן די גרויסע אוולעס, וואָס ווערן אָפגעטאָן לעגאבע די ייִדן. מורער האָט ניט געענטפערט קיין וואָרט. ער האָט ארופגעצויגן אפ דער האנט א ווײַסע הענטשקע און אראָפגעשלײַדערט וויגאָדסקין פון אלע טרעפ.

דער זאָקן האָט זיך קוים אופגעהויבן. זיך ארומגעווישט דאָס בלוט און מיטן ברוק, ווי אלע ייִדן, זיך אוועקגעלאָזט אהיים. ער איז געגאנגען דורך מיצקעוויטש-גאס. ס'איז געווען דעמלט, ווען עס איז שוין ארויס דער געזעץ, אז די הויפּט-גאסן זײַנען פארווערט פאר ייִדן. עס איז גלײַך אויסגעוואקסן א כאפער און האָט א נעם געטאָן ד״ר יאקאָוו וויגאָדסקין. צופעליק האָט עס באמערקט א ניט-ייִדישער פראָפעסאָר, ער האָט אויסגעקויפט דעם זאָקן און אים געבראכט אהיים.

פון דעמלט אָן איז שוין דער אלטער קלאל-טוער מער ניט ארויס פון שטוב. ביז איינמאָל איז געקומען צו זײַן שטוב א טאקסי. מע האָט אים ארויסגעשלעפט פון בעט און אוועקגעפירט אין דער לוקישקער טורמע.

מײַן פרוי האָט אים שפעטער געזען אין טורמע. א כוידעש לאנג האָט אים שווײַנענבערג געמאטערט. צו וויגאָדסקין אין קאמער האָט ער ארײַנגעוואָרפן מייסים. די ייִדן, אָנגעכאפטע בייס פארשיי-דענע פראָוואָקאציעס, האָבן זיך געצויגן צו דעם זאָקן און געמאָנט בא אים טרייסט. וויגאָדסקי האָט געמונטערט די פארמישפּעטע ייִדן. דאָס געלט האָט ער געהייסן צערײַסן און דאָס גאָלד און צירונג ארײַנוואַרפן אין אָפּטריט, קעדיי עס זאָל ניט ארײַנפאלן אין די מערדערישע הענט.

## די האק

... מײַן מאמע האָט אפ א רעגע פארגעסן פון דעם דײַטשישן געזעץ: זי האָט געשטעלט א פוס אפן טראָטואר. א שטורמיסט האָט זי אָנגעכאפט פאר די האָר און געשמיסן מיט דער נאהײַקע איבערן

פאָנעם. ווען זי איז שוין געלעגן א פארבלוטיקטע אין רינשטאָק, האָט ער זיך הויך פאַנאנדערגעלאכט און איז אוועק. א שאָכנטע האָט זי געבראכט אהיים. כ'האָב איר ארומגעוואשן דאָס בלוט און דאָס ערשטע מאָל דערפילט אין זיך דאָס פײַער פון נעקאָמע.

מיטאמאָל האָבן זיך אין פּאָדערהויז דערהערט טריט. כ'האָב זיך באהאלטן אין א טונקעלן צימערל, וווּ עס איז געווען אונדזער קיך. עס זײַנען ארײַנגעקומען צוויי כאפונעס. איך שטיי אינעם צימערל, צוגעשפארט צו דער וואנט און הער, וואָס די כאפונעס ריידן. אזוי־ווי עס איז אן אָרעמע סאלקע, זוכן זיי ניט קיין גאָלד. זיי פרעגן בלויז, צי ס'זײַנען דאָ מענער. דערהערט, אז ניט, רופט זיך איינער אָפּ: „מע דארף א זוך טאָן — די זשידעס האָבן זיך אויסגעלערנט צו באהאלטן".

איך הער, ווי עס עפנט זיך די טיר פון דעם פינצטערן צימערל און עמעצ גייט ארײַן מיט אן עלעקטריש לעמפל. איך שפאר זיך אָן לעבן צעבראָכענעם אויוון און דערטאפּ א האק. איך גיב זיך א וואָרט, אז אויב דער כאפון וועט מיך באמערקן און וועלן מיטנעמען, שפאלט איך אים מיט דער האק דעם קאָפּ.

אָט איז ער ארײַן. איך זע א שווארצן קאפעליוש און א פּאָנעם מיט א שיטערן בערדל. מיטן לעמפל פּאָכט ער איבער די ווענט. דעריקער זוכט ער אין די ווינקלען. דער כאפון גייט ארײַן טיפער. איך הער שוין זײַן אָטעם. ער שטעלט זיך מיט דער פלייצע צו מיר. די האק, צוגעוואקסן צו מײַן דלאָניע, ווארט, איך זאָל אויספילן מײַן וואָרט. איך ווארט, ער זאָל זיך אומקערן און מיך באמערקן. אין יענער סעקונדע האָט זיך דערוועקט אין מיר דער גרויסער געפיל פון נעקאָמע איך האָב קיינמאָל נאָך ניט איבער־געלעבט אזא געפיל. איך האָב געוואָרט, ער זאָל א דריי טאָן דעם קאָפּ און מיך באמערקן. איך האָב געוואָלט נעקאָמע נעמען פאר דער פארבלוטיקטער מאמען.

דער כאפון האָט אלץ און אומעטום באלויכטן, בלויז הינטער זײַן פלייצע איז אים ניט איינגעפאלן צו זוכן, און ער איז ארויס פון צימער.

## מײַן ערשטע מאלינע

אין מײַן צימערל אָפּ ווילקאָמירער 14, אין שטענדיקער טויט־שרעק פאר די כאפונעס און שטורמיסטן, וואָס האָבן זיך אויך א לאָז געטאָן איבער די ייִדישע שטיבער, בין איך געלעגן טאָג ווי

נאַכט צוגעדעקט מיט שמאטעס און געמאַכט פּלענער, ווי און וויאזוי זיך אויסצובויען א „מאַלינע". א מאַלינע — א וואָרט, וואָס איז גיך פּאָפּולער געוואָרן בא דער יידישער באפעלקערונג, — האָט געהייסן אן אָרט, ווי מע קאָן זיך באהאַלטן פון די כאַפּונעס.

מײַן שטוב איז א הילצערנע סאַלקע אפן צווייטן גאָרן. דער בוידעם איז אן אָפענער, מע וועט זיכער געפינען. די כאַפּונעס האָבן זיך אויסגעלערנט זוכן. לעצטנס קומען זיי מיט העק און אפילע מיט שפּירהינט. דאָס איינציקע אָרט איז דער קוימען פון צעבראָכענעם אויוון אין קיך. באנאַכט האָב איך פּאָרזיכטיק ארויסגענומען עטלעכע ציגל און בין ארופגעקראָכן אין דער הייך, פּונקט אנטקעגן דער לעווּאָנע... דרײַ נעכט האָב איך זיך געמאַטערט אין דעם קוימען און פארסאַמט די לונגען אין דער שטיקנדיקער סאַזשע. איינמאָל איז מיר אײַנגעפאַלן א געדאַנק, אז אונטערן בלעכענעם דעכל, וואָס גייט אראָפּ פון דעם פענצטער, באַדאַרף זיך געפינען א פּוסט אָרט. אויב מע זאָל פון ערגעץ דורכשנײַדן אן ארײַנגאַנג און אים גוט פארמאַסקירן, איז מעגלעך דאָרטן ארײַנצוקריכן אין „וווינען". אין פּאָדערהויז, פאַרן עפענען די טיר, האָט זיך געפונען א טונקל קעמערל אַפּ צו האַלטן האָלץ. אין יענעם קעמערל האָב איך ארויסגעריסן א ברעט און געמאַכט אן ארײַנגאַנג אונטערן בלעכענעם דעכל. די מאַלינע האָט זיך ארויסגעוויזן א ביסעלע צו נידעריק. איך האָב געקענט בלויז ליגן אין דער גאַנצער לענג און עס איז קוים געווען מעגלעך זיך איבערצודרייען אף דער אנדער זײַט.

איך פלעג ארײַנקריכן מיט די פיס פאָרויס און נאָכדעם צוציען די ברעט אף צוריק און פארדרייען מיט א דראָט אינעווייניק, מע זאָל ניט קענען צוקומען. אזוי בין איך אָפּגעלעגן אין דער מאַלינע 7 וואָכן. איך האָב אויסגעבויערט דורכן בלעך א פּיצל עפענונג און פאַר דעם ביסל שײַן אין פאָרם פון א נאָדל-ליכט האָב איך געשריבן מײַנע לידער „פענעמער אין זונפּן".

די בלעך, אָנגעוואַרעמט פון דער יול-זון, האָט צעבריט מײַן לײַב. איך פלעג קוים דערוואַרטן, עס זאָל אָנקומען דער אָוונט. אין ביין-האשמאָשעס פלעגט זיך צושאַרן אהער כײַן פרוי, וואָס איז ארומגעגאַנגען אָן לאַטעס, און מיר דערלאַנגען פון אונטערן ברעט א שטיקל ברויט. עפענען די מאַלינע האָב איך ניט געוואָלט, ווײַל צו יעדער רעגע קענען זיך אָנטראָגן כאַפּונעס.

* * *

אונטער מיר, אינ דער אונטערשטער פוסטער דירע (די זינ האָט מענ פונ דאָרטנ צוגעכאפט, די אלטע מאמע איז געשטאָרבנ), האָט זיך אריַינגעקליבנ א געוועזענער באאמטער פונ ווילנער מאגיסטראט, איינער א ניקאָלייַ פטאשעק. ער האָט געוואָרפנ א שרעק אפ די עטלעכע נאָכ געבליבענע יידישע איַינוווינער. אינ אָוונט פלעגט ער זיך אוועקזעצנ אפ די טרעפ אונ רייניקנ זיַינ ביקס. איינמאָל האָט ער זיך באַרימט פאר די שכיינים, אז ער קומט נאָרוואָס פונ דעם שטעטל פאָדבראָדז, ווו ער האָט מיט די אייגענע הענט דער-שאָסנ 50 יידנ. אפ אים איז דאָס געווענ צו גלייבנ. איבערנ גאנצנ הויפ האָבנ זיך געלופטערט אָנגערויבטע זאכנ. גראָד איז כיַינ באהעלטעניש אויסגעקומענ איבער זיַינ בעט, עמעצער האָט אים אונטערגעזאָגט, אז רייַנעס זונ, — מיכ, הייסט עס — האָט מענ ניט געזענ אראָפפירנ פונ די טרעפ, מסתמא באהאלט ער זיך ערגעצ אוס. פטאשעק איז ארופ צו מיַינ מוטער א קוק טאָנ.

די גאנצע צייַט פונ מיַינ בראָטנ זיך אינ דער כאלינע האָב איכ א.יסגעמיטנ פונ דאָרטנ ארויסצוגיינ אפילע באנאכט. איכ האָב געוווּסט, אז קוים וועל איכ געכאפט פונ די היצליעס, איז שוינ מיַינ לעבנ פארשפילט. אינ דער באהעלטעניש בינ איכ געוואָרנ קראנק. איכ האָב אָבער באשלאָסנ ניט ארויסצוגיינ פונ דאָרטנ. מיַינ מאמע האָט זיך געבעטנ בא מיר, האָט אריַינגעשעפטשעט אינ א ספעציעלנ שפאלט, איכ זאָל ארויסקריכנ אונ כאפנ לופט אונ דעם קראנקנ גופ א ביסל צוהיילנ. איינמאָל האָב איכ זיך געלאָזט איַינריידנ. ארויס-געקראָכנ פונ דער באהעלטעניש אונ אריַינ אינ שטוב. עס איז געווענ פרייַטיק-צונאכטס. די מאמע האָט געבענטשט ליכט. אינ פענצטער האָט אריַינגעקוקט דער מיַי-בוים ווי א בסורע פונ פרידנ. איכ האָב זיך אויסגעטאָנ האלב-נאקעט אונ גענומענ זיך ארומוואשנ. אינ דער זעלבער צייַט איז אריַינ פטאשעק. ער האָט זיך געמאכט, ווי ער זעט מיכ ניט, אונ געפרעגט בא דער מאמענ, צי עס איז א גוטע דירע בא איר? ער וויל בעסער זיך ארופקלייַבנ אויבנ, אונטנ שטערט מענ אים צו שלאָפנ. אלציינס, זאָגט ער, וועט מענ איַנגיכנ די יידנ אריַינטרייַבנ אינ געטאָ, וויל ער באצייַטנס נעמענ די וווינונג. מיַינ מאמע איז פארטאָנ געווענ אינ ליכט בענטשנ. זי האָט ניט געהערט זיַינע רייד. ער האָט זיך העפלעכ געזעגנט אונ פארמאכט די טיר. איכ האָב גלייַכ דערשפירט, אז פטאשעק האָט באשלאָסנ מיכ צו כאפנ.

און איידער איך האָב נאָך באוויזן אָנצוטאָן דאָס העמד — ערשט איך הער א געלאפ, א געפּילדער, א שטורמיסט מיט פּטאשעקנ רייסן זיך אריין דורך דער טיר. וויאַזוי איך האָב זיך דעמלט ארויס-געריסן פון זייערע הענט, פארשטיי איך ניט. פלינק ווי א בליץ בין איך ארויסגעשפּרונגען אין פאָדערהויז און זיך באהאלטן צוריק אין דער מאלינע.

## א פארווײַלונג בא דײַטשן

ווייטער ליגן אין דער מאלינע האָט שוין ניט געהאט קיין זינען. איך האָב באשלאָסן צו אנטלויפן, זיך אריבערכאפן אין שטאָט. איך האָב געוווּסט, אז ארום־גאס, לעבן די שעסקינער בערג, אין די אמוניציע-לאגערן, ארבעטן ייִדן. איך האָב פארטראכט זיך אריבער-צוכאפּן אָן לאטעס אהינצו, און פון דאָרט, שוין ווי א ייִד, מיט דער גאנצער קאָלאָנע אָפּמארשירן אין שטאָט.

איך האָב אָנגעשריבן א צאוואָע (טאָמער כאפּט מען מיך), פארוקט זי אין דער באהעלטעניש, ווו איך בין זיבן וואָכן אָפּגעלעגן אין פיבער, און באנאכט, דעם 5-טן אווגוסט 1941, האָב איך זיך אריבער-געכאפּט אפ א צווייטן הויף, זיך דאָרט באהאלטן אפ א בוידעם, און באטאָג האָב איך אוועקגעשפּאנט אָן לאטעס מיטן טראָטואר צו די שעסקינער בערג. איך בין אָבער באגאנגען א גרויסן פעלער. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז היינט איז גאָר זונטיק, און דעם טאָג טרייבט מען ניט די ייִדן צו דער ארבעט.

לעבן פּודטעס ציגעלניע האָט מיך אָפּגעשטעלט א שיקערער שטורמיסט און געפאָדערט דאָקומענטן. געזען, אז איך בין אריינגע-פאלן, זאָג איך אים, אז איך בין א ייִד און איך האָב פארגעסן אָנצוטאָן די לאטעס.

— גוט, וואָס דו האָכט אָנגעטראָפן אפ מיר, ניט אפ מײַנע יענע קאָלעגן, — ווייַזט ער מיטן פינגער אין דער אנטקעגנדיקער ריכטונג, — זיי וואָלטן דיר אָפּגעשניטן די אויערן. גיך, זעכטו, וועל דיר קיין שלעכטס ניט טאָן. היינט באנאכט וועל איך דיך אָפּלאָזן, איצט וועסטו גיין מיט מיר, דו וועסט שפּילן אין א צירק.

איך זוך אין געדאנק אן אייצע, וויאַזוי זיך צו ראטעווען. איך נעם אראָפּ פון מײַן האנט דאָס זייגערל, גיב עס אים און בעט, ער זאָל מיך באפרייען. דער שטורמיסט צעלאכט זיך, רוקט אריין אין קעשענע די האנט, ציט ארויס פון דאָרטן עפּשעו א צענדליק זייגערלעך און ווייזט זיי מיר:

— אין פּאָניעוועזש האָט מיר א ייִד געוואָלט אָפּגעבן זײַן נײַעם צוויי־גאָרנדיקן מויער, אבי איך זאָל אים שיסן וואָס גיכער. און בא א צווייטן האָב איך געבעטן זײַן האַנטזייגערל, ווען איך אים לאָזן לעבן, איז דאָס אים געווען א שאָד... נאָר דיר, — קלימפּערט ער מיט די זייגערלעך, — וועל איך ניט טאָן קיין שלעכטס. איך שווער בא היטלערן! דו וועסט בלויז בא מיר שפּילן אין צירק. מער גאָרניט.

וואָס אזוינס דער שטורמיסט האָט פארטראכט, האָב איך ניט געקענט באנעמען. איך האָב געהאַט בלויז איין פארלאַנג: ער זאָל מיך נאָר ניט אוועקשלעפּן אין דער לוקישקער טורמע, פונוואַנען עס זײַנען שוין צו מיר דערגאַנגען גרוסן, וויאַזוי שוויַינענבערג פּײַניקט. פאר דעם האָב איך מוירע געהאַט פיל מער, ווי פאר דערשאָסן ווערן. איך האָב געקלערט אנטלויפן. נאָר מיטן שטורמיסט איז מיטגעגאַנגען, ווי זײַן שאָטן, א שווארצער קודלאַטער הונט. ווער ווייסט, ער קען מיך נאָך דעריאָגן, כאַפּן, און דעמלט וועט זײַן ערגער. איך האָב באשלאָסן צו אנטלויפן בלויז אין דעם פאל, ווען איך וועל זיך איבערצײַגן אַפּ זיכער, אז דער שטורמיסט פירט מיך צום טויט.

אין דער זעלבער צײַט זײַנען אָנגעגאַנגען זײַנע צוויי קאָלעגן. זיי האָבן געפירט צוויי ייִדן מיט געלע לאַטעס. דערזען, אז זייער קאָלעגע איז אויך ניט מיט ליידיקן, האָבן זיי זיך שטארק דערפרייט.

— מארש! — האָט א פּײַפּ געטאָן איינער פון די צוגעקומענע שטורמיסטן און געוויזן וווּהין צו גיין. די דרײַ זײַנען נאָכגעגאַנגען אונדז פון הינטן און געטריבן ווי די שאָף. דער הונט איז פאָרויס־געלאָפן ווי דער שאָליעך פון טויט. אזוי זײַנען מיר געגאַנגען ביז צו דער ווילקאָמירער גאַס, צו דער אלטער קלויז.

אַפּן וועג האָב איך זיך אומגעקוקט אַפּ מײַנע צוויי מיטגייער. דער ערשטער איז דער אכציקיעריקער ראָוו פון אונדזער גאַס, קאַסעל. „דער אלטער" האָט מען אים גערופן. א נידעריקער, גרייכט קוים מײַן אַקסל, ווײַס ווי שניי. די שווארצע לאַנגע קאַפּאָטע מאַכט אים נאָך נידעריקער. מיר דאַכט, עס איז א קינד, פארגרימירט פאר א זאָקן. מיר איז אויכטערליש, וואָס ער גייט אָן א שטעקן. איך דערמאָן זיך, אז דער שטורמיסט, וואָס האָט אים אָקאָרשט צוגעפירט, האָט זיך געשפּילט מיט א שטעקן. פאָרזיכטיק טו איך א בייג דעם קאָפּ אַפּ הינטער, און מײַן כשאַד באַשטעטיקט זיך: עס איז דער שטעקן פונעם אכציקיעריקן ראָוו. דער שטורמיסט האָט זיך באַוואָרנט, אז דער קאָרבן זײַנער זאָל ניט אנטלויפן.

דער צווייטער איז א יונג ייִנגל מוישקע. אויכ א באקאנטער, פונ דער זעלבער גאס. ער גייט דעמ קאָפּ אראָפּגעבויגנ, קוקט אפנ ברוק, אונ זײַנ פּאָנעמ פּיבערט אינ ראָזלעכע פלעקנ. דאָס צעשראָקענע ייִנגל איז א קאָנטראסט צו דעמ זײַקנס רויִקײַט. דער טויט איז נאָכ פאר אימ צו גרויס, מוישקע קענ אימ ניט באנעמענ.

מיר האָבנ אלע דרײַ ניט געוווּסט, וווּהינ מע פירט אונדז. דאָס ייִנגל האָט גיקוקט א צעשראָקנס דאָ אפ מיר, דאָ אפ דעמ זאָקנ, מיט אזא אויסדרוק, ווי אינ אונדז האָט זיכ באהאלטנ זײַנ גורל.

לעבנ דער אלטער קלויז האָט שוינ געווארט א האמוינ, וועלכנ די דײַטשנ האָבנ באצײַטנס צונויפגעטריבנ. דער שטורמיסט, וואָס האָט זיכ געשפּילט מיטנ זאָקנס ביינערדיק שטעקעלע, האָט אונדז זירײַענ צוגעפירט צו דער וואנט פונ דער קלויז אונ געהייסנ זיכ אויסטאָנ. ערשט איצט האָב איכ באמערקט, ווי איבער דער גאנצער לענג פונ דער גאס איז איבערגעצויגנ א סייפער-טוירע מיט סימאָנימ פונ רעדער, וואָס זײַנענ איבער איר דורכגעפאָרנ. אכוצ דער צעראָלטער סייפער-טוירע איבער דער גאס איז א היפנ סייפער-טוירעס געלעגנ לעבנ דער קלויז, מיט צעריסענע פארבלוטיקטע מענטעלעכ, דורכגעזוימטע מיט זילבערנע פּערעמ. אונ לעבנ זיי — א בערגל אָנגעהויפטע ברעטלעכ אינ פאָרמ פונ א שײַטער.

„הייסט עס, אז מע קלײַבט זיכ אונדז פארברענענ", — איז מיר דורכגעלאָפנ א געדאנק. איכ האָב א קוק געטאָנ אפנ זאָקנ, אונ זײַנ בליק האָט אָפּגעטייט מײַנ מוירע. בלויז דאָס ייִנגל האָט געוויינט: „מאמע!"

דער שטורמיסט האָט ארויסגענומענ זײַנ רעוואָלווער אונ נאָכ־אמאָל איבערגעכאזערט דעמ באפעל: „אויסטאָנ זיכ!", אָבער דאָס מאָל שוינ ניט מיט קיינ שטיל קאָל, נאָר מיט אזא געוויי, אז א צוקוקער איז פונ שרעק אראָפּגעפאלנ פונ פארקאנ. דער שטורמיסט האָט מיט א שוועבעלע אונטערגעצונדנ דעמ שײַטער.

דער ערשטער האָט זיכ אויסגעטאָנ דער ראָוו. זײַנ דארער אײַנגעשרומפּענער גופּ, אינ שײַנ פונ אופגייענדיקנ שײַטער, האָט אויסגעזענ ווי א וועקסענע יאָרצײַט-ליכט, אויסגעבויגנ אונ געל. נאָכ אימ — איכ. די הענט אליינ, ניט הערנדיק די באפעלנ פונ געדאנק, האָבנ אראָפּגעצויגנ מײַנע לײַכטע זומערדיקע קליידער. צולעצט האָט זיכ אויסגעטאָנ דאָס ייִנגל. די קליידער האָט ער געהאלטנ אינ די הענט ווי שלאנגענ אונ ניט געוווּסט וואָס מיט זיי צו טאָנ. דער שטורמיסט האָט אונדז באפוילנ אופצולייגנ די קליידער אינ איינ

פּעקל, און ער אַליין האָט אַלץ צוגעדעקט מיטן ראָווס טאַלעס-קאָטן.

מיר האָבן געדאַרפט טאַנצן אַרום פֿײַער און זינגען. זינגען אַפֿ רוסיש. דער ראָוו האָט קיין רוסיש ניט געקענט. ער האָט געשוויגן. איצט איז שוין צוגעלאָפֿן אַ צווייטער שטורמיסט — דער, וואָס האָט געקלימפּערט מיט די זייגערלעך, — און אַ שטופּ געטאָן דעם ראָוו צום פֿײַער. דער ראָוו האָט פֿאַרמאַכט זײַנע אויגן. דער רויך האָט אים אַרומגעקנוילט. ס'האָט זיך דערהערט אַ רייעך פֿון אָפּגעסמאַליעטע האָר. צום ערשטן מאָל האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון זײַן מויל אַן „אוי".

מע האָט אונדז, געשלאָגן, באַפֿוילן רײַסן די סייפֿער-טוירעס און זיי וואַרפֿן אין פֿײַער. די ערשטע סייפֿער-טוירע האָבן די דײַטשן אַרײַנגעשטעקט דעם נאַקעטן זאָקן. דער פּאַרמעט איז געווען האַרט. די סייפֿער-טוירע איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון זײַנע הענט און צוגעדעקט דעם פֿלאַקער. דאָס פֿײַער האָט זיך אין אָנהייב פֿאַרשטיקט, פֿאַרטונקלט. שפּעטער האָט דער פֿלאַקער מיט נאָך מער קראַפֿט זיך אַדורכגעריסן דורכן פּאַרמעט און מיט אַ געקנאַק אַ פֿלייץ געטאָן אין דער הייך צו דעם פֿײַער פֿון זון-פֿאַרגאַנג. דאָס יינגל האָט געגאָסן טרערן, זיך צוגעדעקט מיט די הענט דעם קאָפּ, זײַנע האָר זאָלן זיך ניט אָנכאַפּן.

דערנאָך האָט אונדז דער צערעמאָניע-מײַסטער געהייסן זיך אָנטאָן.

מיר האָבן זיך אָנגעטאָן. די זון איז פֿאַרגאַנגען. די שטורמיסטן זײַנען אַוועק.

דער ראָוו איז אַרײַן אין דער כאָרעוווער קלויז און זיך געשטעלט דאַוונען. דאָס יינגל איז אַנטלאָפֿן. איך בין אויך אין קלויז אַרײַן, זיך אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל וואַרטן אויפֿן מאָרגעדיקן טאָג.

## קעפּ

עטלעכע וואָכן האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן אַפֿ סאַלטאַנישאָק, אַ פֿאָרשטאָט פֿון ווילנע, בא דער מישפּאָכע פֿון דעם באַקאַנטן ווילנער רעוואָליוציאָנער באַסטאַצקי, וואָס איז אין יאָר 1936 געפֿאַלן אין שפּאַניע. פֿון מײַן נײַער צײַטווײַליקער היים בין איך, צוזאַמען מיט די געבליבענע מענער פֿון דער מישפּאָכע באַסטאַצקי, געגאַנגען אַרבעטן אין די אַמוניציע-לאַגערן אַפֿ די שעסקינער בערג. ווען ניט די האַרציקע מישפּאָכע, וואָס האָט מיך אַרײַנגענומען צו זיך, וואָלט איך שוין לאַנג ניט געווען צווישן די לעבעדיקע. אַרבעטן האָב איך

געמוזט גיין, קעדיי צו באקומען א שיין פון דעם ווילנער ארבעטס-אמט. יענע טעג איז עס געווען די איינציקע רעטונג קעגן די כאפונעס. די באסטאצקיס האָבן איבער מיר איינגעשטעלט דאָס לעבן, ווייל ניט קיין איינגעמאָלדענעם האָט מען ניט געטאָרט ארופ-לאָזן אפ דער שוועל. און יעדער ייִד, וועלכער איז געזאנגען זיך איבערמען אפ א צווייטער ווינונג, איז שוין ניט צוריקגעקומען פון פאָליציי-צירקל אהיים.

די ארבעט אין די אמוניציע-לאגערן איז באשטאנען אין אופ-קלייבן די קוילן, גראנאטן, באָמבעס, וואָס די רויטע ארמיי האָט ניט באוויזן אופצורייסן פארן פארלאָזן די שטאָט. מיט מיר צוזאמען האָט דאָרט געארבעט לייב שריפטזעצער — דער גוט באקאנטער און באליבטער אקטיאָר. ער האָט אויסגעזען געל און אויסגעדארט ווי נאָך א טיפוס. מיר האָבן ניט דערלאָזן, ער זאָל שווער ארבעטן, אים צוגעטראָגן די פּאָרציע זופּ און געקויפט פאר אים בא די פויערים עפּל. די עפּל איז אים שטענדיק א שאָד געווען אופצועסן. ער פלעגט ארויסנעמען זיינע מעסערל, זיי צעשנייַדן אפ דינע כאלאָ-קים און אָנפילן מיט זיי דעם אונטערשלאק פונעם רעקל, קעדיי די זשאנדארן וואָס קאָנטראָלירן אפ די גאסן, זאָלן גאָרניט געפינען. די עפּל האָט ער געטראָגן אהיים פאר זיין קראנק טעכטערל.

— איך שפיל מיין לעצטע ראָליע, — האָט ער מיר געזאָגט. — דער אקטיאָר לייב שריפטזעצער, וואָס זיין גאנצן לעבן האָט ער געשפילט שאָלעם-אליינעמען, שפילט איצט די קאָמעדיע „מענאכעם-מענדל אונטערן האקנקרייץ“.

מיט מיר צוזאמען האָט דאָ געארבעט האָפמעקלער, דער דיריגענט פון סימפאָנישן אָרקעסטער אין ווילנער ראדיאָ. ווען ער איז געגאנגען מיט דער קאָלאָנע אהיים, האָט אפ אים אָנגעוויזן א מאָסער, אז ער האָט געארבעט אין ראדיאָ, און מע האָט אים אוועקגעפירט אין טורמע.

די שטימונג בא די ארבעטער איז געווען א ביטערע. די דייטשן, וואָס זיינען שוין געווען בא לענינגראד, האָבן זיך באריימט אין זייערע בלעטער, אז מאָרגן-איבערמאָרגן וועט פאלן די שטאָט. איבער די גאסן פון ווילנע האָבן די דייטשן ספעציעל ארומגעפירט קאָלאָנעס געפאנגענע רויטארמייער, אויסגעהונגערטע, נאקעטע, צו באווייזן דערמיט דער באפעלקערונג, ווער עס איז דער זיגער.

* * *

איינמאָל, ס'איז געווענ א וואָכנ צוויי פארנ ארײַנטרײַבנ די ייִדנ אינ געטאָ, איז פונ יענער זײַט דראָט פונ אונדזער נײַעמ ארבעט-פלאצ אינ בורבישאָק פארבײַגעגאנגענ א פויערטע אונ מיר אָנגעוויזנ, אז דאָ, ווו עס איז א געלער זאמד, ליגנ באגראָבנ 50 ייִדנ. די דײַטשנ האָבנ זיי געקעפט. זי האָט עס צופעליק אליינ געזענ. ניט ווײַט פונדאנענ האָט זי געפיטערט איר ציג, די זעלבע ציג, וואָס זי פיטערט אויכ איצטער. די דײַטשנ האָבנ דאָ געבראכט געבונדענע יונגע ייִדנ אונ מיט א האק אָפגעהאקט זיי די קעפ. איכ האָב דערציילט וועגנ דער געשיכטע קאפלאנ-ק[illegible]אנסקינ, אונדזער בריגאדיר. ער האָט ניט געגלייבט. „די פויערטעס האָבנ ליב צו באָלבענ", — האָט ער געזאָגט אונ א מאַכ געטאָנ מיט דער האנט.

מיטיק-צײַט, ווענ די וועכטער זײַנענ אוועק פונ פלאצ, האָב איכ גענומענ א רידל אונ אָנגעהויבנ גראָבנ אינעמ זאמד. ניט געגראָבנ קיינ האלב מעטער, האָט זיכ דער רידל אָנגעשטויסנ אפ עפעס הארטס. איכ האָב אָפגעשאָטנ דעמ זאמד, אונ דער רידל איז פארקילט געוואָרנ אינ מײַנע הענט. א גופ אָנ א קאָפ איז געלעגנ איבערגעוואָרפנ איבער א צווייטנ. די העלדזער האָבנ נאָכ אויסגעזענ ראָז אונ פריש. פונ איינעמס א פלייצע האָט ווי א בלינד אויג ארופגעקוקט א געלע לאטע: מער האָב איכ שוינ ניט געגראָבנ. טיפער ווי דעמ עמ'ס וועל איכ ניט דערגרייכנ. איכ האָב בלויז ארויפגענומענ די געלע לאטע פונעמ האָרוג אונ זי פארדריקט אינ פויסט.

## אינ אנ אָרנ פאר מייסימ

אפ סאלטאנישאָק האָבנ זיכ אָנגעהויבנ רעוויזיעס. ווו זיכ צו באהאלטנ איז ניטאָ. מײַנ פאפירל, אז איכ ארבעט, איז שוינ גאָרניט ווערט. אָט זײַנענ אוועק צו דער ארבעט עטלעכע מענער פונ דער מישפאָכע באסטאצקי אונ זיכ ניט צוריקגעקערט. צו וואָס דארפנ די כאפונעס זוכנ איינציקווײַז אינ די שטיבער, אז א כאכ גרינגער איז אָנצוכאפנ א גאנצע מאכנע. איכ האָב גערעכנט אוועקצוגיינ מיט א גרופע ייִדנ אינ א לאגער, ווו מע גראָבט טאָרפ. אינ רעשע, ביא-לאָוואקע אונ אנדערשווו זײַנענ שוינ געווענ אזוינע לאגערנ.

פינכאָס קאָנ, דער דעמלטיקער פאָרזיצער פונ ערשטנ ייִדנראט, האָט געראטנ מײַנ פרוי, איכ זאָל בעסער אוועקגיינ אינ קענע ארבעטנ בא א פאָרעצ אינ א מאיאָנטעק. אויכ די פריצימ האָבנ רעכט געהאט

אויסצונוצנ די ייִדנ. דאָרטנ האָט זיכ דעמלט אויסבאהאלטנ דער דירעקטאָר פונ דער ווילנער פערעצ-גימנאַזיע יויכעפ טעפער. עס האָט זיכ געדאַכט, אז ווײַטער פונ שטאָט, צווישנ וועלדער, וועט מענ ניט פילנ אזוי די רעציכעס.

איכ בינ אוועק אפ סטראשונ-גאס 6, אפנ הויפ פונ ייִדנראט, קעדיי זיכ צוצושליסנ אָנ א גרופע, וואָס קלײַבט זיכ אינ קענע. פינכאָס קאָנ האָט מיכ דערזענ פונ זײַנ פענצטער, ווי ער אמטירט, אונ האָט מיכ ארײַנגערופנ צו זיכ. זײַנ פאָנעם איז געווענ געל אונ צעקנייטשט ווי די לאטע אפ זײַנ ברוסט. ער האָט זיכ אָקאָרעט אומגעקערט פונ מווערנ. אלצ, וואָס ביז איצט איז געשענ, איז נאָר אנ אָנהייב. עס וועלנ נאָכ זײַנ פראָוואָקאציעס. עס וועט נאָכ זײַנ א געטאָ. ייִדיש בלוט וועט באפארבנ ווילנע. אינ איינס איז אָבער קאָנ זיכער: אינ דײַטשלאנדס פולשטענדיקער מאפאָלע.

איכ דערצייל קאָנענ, אז איכ האָב באשלאָסנ צו פאָלגנ זײַנ אייצע. איכ קענ מער ניט אָנקוקנ די פענעמער פונ אונדזערע מערדער. איכ קענ מער ניט זענ, ווי מע טרעט אונדז מיט די פיס. ער ענטפערט מיר באהערשט, קאלט, אז איכ האָב שוינ ניט וווהינ צו פאָרנ. מיט א האלב שאָ צוריק האָט ער זיכ דערוווּסט, אז די ארבעטער, צוזאמענ מיט טעפערנ, האָט מענ נעכטנ געשאָסנ. איז דאָס נאָכ ווייניק. דערוויס איכ זיכ פונ באקאנטע: דאָוויד אומרו האָבנ אוועקגעשלעפט די כאַפונעס. די מיטגלידער פונ „יונג-ווילנע“ מוישע לעווינ, שימשנ קאהאנ אונ בענציע מיכטאָמ האָט מענ געזענ פירנ קיינ פאָנאר. דער לאָדזער דיכטער ייִסראָעל ראבאָנ איז דערשאָסנ געוואָרנ הינטערנ שטאָט, מײַנ פרײַנט קאָזשענ, דער וואַרשעווער מאָלער, איז שוינ אויכ ניט צווישנ די לעבעדיקע. דעמ לאנגיעריקנ פאָרזיצער פונ ווילנער ליטעראטנ-פארייִנ מוישע שאליט האָט צוגענומענ די געסטאפאָ. דער אקטיאָר מאָריס לאמפע, וואָס א פאָר טאָג פאר דער מילכאָמע האָט ער געענדיקט שפילנ אינ טעאטער דאָס גרויסע געווינס“, האָט די גאנצע צײַט זיכ אויסבאהאלטנ אינ זײַנ האָטעל. די כאפונעס האָבנ זיכ דערוווּסט, אונ ער איז פארשלעפט געוואָרנ ווי אלע אנדערע.

איכ פרעג אנ אייצע וועגנ זיכ. וואָס טוט מענ ווײַטער? קאָנ דערציילט מיר וועגנ מורערס באפעל, אז אפנ הויפ פונ דעמ ייִדנראט מוזנ שטענדיק אונ צו יעדער צײַט זיכ געפינענ פופציק ייִדנ. אויב, זאָגט קאָנ, עס איז פאראנ ניינ אונ פערציק, קענ איכ דאָ בלײַבנ. מיר ציילנ איבער: עס איז דאָ פונקט פופציק. קאָנ זוכט אנ אויסוועג.

ער וויל מיך ראַטעווען. ער קען אָבער ניט אַרויסשיקן פונדאַנען קיין מענטשן. ווײַל דאָס מיינט: זיך איבערגעבן אין די הענט פון כאַפּונעס. איך באַמערק מײַן פרײַנטס פאַרלעגנהײַט און זאָג אים: זיך וועל זיך דאָ אַליין ערגעץ באַהאַלטן, און קיינער וועט מיך ניט זען.

אױפן הויף איז שטיל. פון דעם אָפענעם פענצטער, וווּ די ביבליאָטעק „מעקיצע־האַסקאָלע", טראָגן זיך טפילעס. אונטן אויף די טרעפּ זיצט אַ הײַפל ייִדן. אינמיטן — דער „יעשיווע־באָכער" פון כּטעפּן־גאַס — אַ כיראָמאַנט און „פּאָרויסזעער". ייִדן שטופּן זיך: איטלעכער וויל פון זים הערן אַ וואָרט.

עס איז געוואָרן טינקעלער. איך האָב אָנגעהויבן צו זוכן אַ באַהעלטעניש. אויף יענעם הויף האָט זיך געפונען די כעוורע־קאַדישע. אין אַ ווינקל זײַנען אָנגעשטעלט געווען אָרנס פאַר מייסים. איך בין אַרײַנגעקראָכן זין אַן אָרן, צוגעמאַכט איבערן קאָפּ דעם דעק, געלעגן אין דער פאַרשטיקטער לופט, אין זװי, ליונדיק אין אָרן, האָב איך אויסגעוועבט מײַן ליד „איך ליג אין אַ מיטע".

•

* * *

אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען איך בין אַרויסגעקראָכן פון אָרן, זין דער הויף שוין געווען פול. דאָ האָבן זיך ייִדן פאַרזאַמלט, זיך אויסגעשטעלט זין קאָלאָנעס, און יעדער קאָלאָנע מיט איר בריגאַדיר איז אַוועק צו דער אַרבעט. צום ערשטן מאָל פאַר איבער צוויי כאָדאָשים האָב איך דערזען דאָ באַקאַנטע פּנעמער. אָט איז יאַקאָוו בערעגאָלסקי, דער אַרטיסט פון באַקו, וואָס איז ניט אַ פּאָר טעג פאַר דער מילכאָמע געקומען שפּילן טעאַטער אין ווילנע. די געלע לאַטע אויף זײַן האַרצן איז עפּעס גרעסער ווי בײַ אַלעמען. זי רײַסט מאַמעש די אויגן. ער זאָגט מיר אָן די כינמכע, אַז זײַן פרוי האָט געבוירן אַ ייִנגל. דער אַרטיסט בליאַכער איז פאַרשמײַעט ביז גאָר. ער האָט אַרויסגעקראָגן צען שײַנען בײַ זײַן פעלדפלאַכל און צעטיילט זיי די באַקאַנטע. איך טרעף כאַים סעמיאַטיצקין, דעם פרומען דיכטער פון די „טראָפּנס טוי", וואָס זינגט ער האָט דערזען, ווי מע קוילעט אונדז, האָט ער אָנגעהויבן ריכערן שאַבעס. פרוי שאַליט קומט זיך דערוויסן אין ייִדנראַט פּראָכים וועגן איר צוגערויבטן מאַן — דעם כאָדזיצער פון ווילנער ליטעראַטן־פאַריין. כּאַמעס באַגלײַטן זיי די זין און בענטשן זיי פאַרן אַוועקגיין. איך באַגעגן דאָ אַ קראַנקע, אַ פאַרוויינטע נויעך פרילוצקיס פרוי פּאַולע. זי מאַכט באַמיונגען צו ראַטעווען איר מאַן. זי איז פאַרקראָכן אַזש אין געכטאַפּאָ צו

נויגעבויערנ אליינ. יענער האָט צוגעזאָגט, איבערגעכאזוערט דרײַ מאָל, אז די דײַטשנ אכטנ געלערנטע. פאולע האָפט, כאָטש זי האָט שוינ ניט קיינ קויעכ צו האָפנ.

אינ דער זעלבער צײַט איז ארײַנגעפאָרנ אפנ הויפ פונ ייִדנראט אנ אגאָלע. דער שווארצער מייסימ-פירער מיט דער געל'ער לאטע האָט דערציילט די ארומיקע: זאלמענ-בער דער קאברענ אפנ זארעטשער בעסוילעמ האָט זיכ אויסבאהאלטנ מיט זײַנ מישפאָכע זאלבעצוועלפט אפנ בוידעמ פונ דער טארע-שטוב. מע האָט אימ געמאסערט. נעכטנ אָוונט זײַנעג געקומענ שטורמיסטנ, אופגעזוכט די באהאלטענע, זיי באשולדיקט, אז באנאכט האָבנ זיי געצונדנ פײַער אונ געגעבנ צייכנס די פײַנטלעכע עראָפּלאנענ. אינ זאלמענ-בערס מישפאָכע זײַנענ געווענ דרײַ ווײַבער אונ פיר קינדער. צוויי פונ זיי אייפעלעכ. די ייִדנ האָבנ געפרוווט טײַנענ, אז זיי האָבנ גאָר ניט קיינ שוועבעלעכ, אז די קינדער רייכערנ ניט קיינ פאפיראָסנ... עס האָט גאָרניט געהאָלפנ. די מענער האָט מענ געגעבנ רידלענ אונ געהייסנ אויסגראָבנ א קייווער. די שטורמיסטנ האָבנ פאר די מאמעס אינ די אויגנ צעשמעטערט זי קינדער אָנ די ביימער. די מענער אונ די פרויענ באגראָבנ לעבעדיקע. דער איינציקער איז געבליבנ זאלמענ-בער. ער איז אנטלאָפנ צווישנ די מאצייוועס, זיכ אויסגעגראָבנ א קייווער אונ דאָרטנ לעבט ער.

דער מייסימ-פירער האָט נאָכ ניט געענדיקט זײַנ טרויעריקע געשיכטע, איז ארײַנגעלאָפנ א יונגערמאנ אונ מיט טרערנ אינ די אויגנ גענומענ דערציילנ: ער איז געגאנגענ מיט א גרופע ייִדנ אפנ פאָלאָצקער טראקט, ווו זיי ארבעטנ באמ פאריכטנ דעמ ברוק. באמ ראנד פונ „שטיבל-וואלד" האָבנ זיי דערזעג א שרעקלעכ בילד: פינפ יונגע ייִדנ זײַנענ צוגעבונדנ צו באזונדערע ביימער, מיט די הענט אפ די רוקנס. זייערע לײַבער זײַנענ צעשניטנ פאסנווײַז. קענטיק מיט נאַ-הײַקעס. אימ דאכט זיכ, אז עמעצ פונ זיי לעבט נאָכ. ער האָט געוואָלט זיי באפרײַענ, ארונטערנעמענ פונ די ביימער, האָט קיינער פונ זײַנע כאווײרימ ניט געהאט בא זיכ קיינ מעסער. ער איז געקומענ אָנזאָגנ: לויפט צומ „שטיבל-וואלד", ראטעוועט אונדזערע ברידער!..

איכ האָב באשלאָסנ צו דער ארבעט ניט צו גיינ. דער טויט ווייס ניט פונ קיינ גרענעצנ. איכ האָב זיכ דורכגעדרייט דורכ די גאסנ, אונ אפ דאָמיניקאנער זאווולעק בינ איכ ארופ צו בײַנ ברויט עלטערנ.

# בראַנפּן און בלוט

מײַן באַקאַנטער, מאָטל גדוד, האָט מיר דערציילט:

„דאָס איז געווען אין יול 1941. איך בין צוזאַמען מיט מײַן טאַטן אַוועק אַרבעטן אויפֿן אַעראָדראָם אין פּראָובאַנעק. מיר האָבן באַקומען שײַנען, אַז מע טאָר אונדז ניט פֿאַרהאַלטן, און זײַנען געווען צופֿרידן, וואָס מיר זײַנען אַרויס פֿון דער מאַלינע.

איינמאָל, ווען איך האָב זיך אומגעקערט מיט מײַנעם אַ כאַווער פֿון דער אַרבעט, האָט אונדז אָנגעיאָגט אַן באַקשט אַ טאַקסי, און דרײַ דײַטשישע אָפֿיצערן האָבן אונדז באַפֿוילן אַרײַן אין טאַקסי. צפֿן וועג האָבן זיי אויפֿגענומען נאָך זעקס ייִדן און האָבן אונדז אַלעמען אַוועקגעפֿירט אין בערנאַדינער גאָרטן. דאָרט האָב איך שוין געטראָפֿן בײַ אַ פֿינף הונדערט ייִדן. מע האָט אונדז געהאַלטן ביז נאַכט, שטרענג באַוואַכט פֿון פּאָליציי. אויסגעשעפּט פֿון היציקן טאָג, פֿון מײַן שווערער אַרבעט אין פּראָובאַנעק, האָב איך אײַנגעדרעמלט צווישן אַ קופּע ייִדן. ווען איך האָב געעפֿנט די אויגן, איז שוין אונטערגעגאַנגען די זון. אַנטקעגן מיר איז געשטאַנען אַ „שוואַרצע וואָראָנע״ — אַ גלאַנציקע לאַסט-מאַשין מיט קליינע פֿאַרגראַטעוועטע פֿענצטערלעך. פֿון הינטן האָט זיך געעפֿנט אַ טיר, און אַ דײַטשישער אָפֿיצער מיט אַ שאַבלדל אויפֿן הוט האָט אַראָפּגעצויגן די אײַזערנע טרעפּלעך.

מע האָט אונדז באַפֿוילן איינציקווײַז אַרויפֿגיין. דער אָפֿיצער האָט געציילט. ווען אין אַוטאָ האָבן זיך שוין געפֿונען פֿינף און דרײַסיק ייִדן, האָט ער אַ הייב געטאָן די האַנט און דעם זעקס-און-דרײַסיקסטן, וועלכער איז געשטאַנען שוין אויפֿן טרעפּל, האָט מען אָפּגעשטופּט צוריק. דער אָפֿיצער האָט אונדז פֿאַרשלאָסן פֿון דרויסן, און אַליין האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט מיטן שאָפֿער אין דער קאַבינע.

ווי דרויסן אַזוי אינווייניק איז דער אַוטאָ שוואַרץ. קיין בענק זײַנען ניטאָ. בלויז די זעקס וועכטער האָבן געהאַט וווּ צו זיצן. ריידן האָט מען ניט געטאָרט. וויינען אויך ניט. פֿאַר אַ מינדסטער באַוועגונג האָבן אונדז די וועכטער געשלאָגן, געשטאָכן מיט באַגנעטן. נאָכן אָפּפֿאָרן אַ מינוט צען האָט זיך די „וואָראָנע״ אָפּגעשטעלט. דער אָפֿיצער האָט אויפֿגעשלאָסן דאָס טירל. די זעקס וועכטער זײַנען אַראָפּגעשפּרונגען און אַוועק אָן אַ זײַט. איך האָב דערזען אַ פּאַרקאַן פֿון שטעכלדראָט און אַ טויער פֿון ברעטער. אויפֿן טויער אַ גרויסער פּאַניער־פּלאַקאַט: „אַכטונג! לעבנס־געפֿאַר! מינירט!״

ווענ די וועכטער זײַנענ אראָפּגעגאנגענ, האָט מענ אונדז גענפירט ווײַטער. די טיר איז שוינ ניט געווענ פארשלאָסנ. ווענ דער אווטאָ האָט זיכ אָפּגעשטעלט צום צווייטנ מאָל, איז צוגעקומענ צום טיר שווײַנענבערג. אפ וועמענ ער האָט אָנגעוויזנ מיטנ פינגער, האָט יענער באדארפט אראָפּ.

מיכ האָט ער אויסגערופנ דעם זיבעטנ. דורכ דער אָפענער טיר פונ אווטאָ האָב איכ געזענ, ווי מע דערשיסט מײַנע באקאנטע. אינ א גראָבנ, וואָס האָט געצויגנ צו א גרויסנ קיווער, האָט מענ באדארפט זיכ אויסטאָנ. ווענ דער מענטש איז שוינ געווענ נאקעט, האָט אימ שווײַנענבערג ארײַנגעפירט אינ גרוב און מיט א רעוואָלווער געשאָסנ אינ פּאטילניצע.

איכ האָב געוואָלט וואָס גיכער אומקומענ. א נאקעטער בינ איכ ארײַנגעלאָפנ אינ גרוב און געהערט א כאָרכלעניש פונ נאָכ לעבעדיקע מענטשנ. ווענ עס האָט א קנאל געטאָנ א שאָס פונ א רעוואָלווער, בינ איכ געפאלנ אפנ רוקנ. די קויל האָט מיכ אויסגעמיטנ. איכ האָב געהערט, ווי עס רעדט שווײַנענבערג מיט די דערבײַיקע סאָלדאטנ. ער האָט זיי געלערנט, ווי מע דארפ אומברענגענ. אינ א פּאָר מינוט ארומ האָב איכ דערפילט אפ זיכ א זשיפענדיקנ גופ, און א שטראָמ בלוט האָט זיכ ארײַנגעגאָסנ אינ מײַנ מויל. איכ האָב געהערט, ווי דער מענטש גויסעסט און ווי עס קאָכנ זײַנע געדערימ. אינ יענער רגע האָב איכ פארלאָרנ דעמ באוווסטזײַנ. ווענ איכ האָב זיכ אופגעכאַפּט, איז שוינ געשטאנענ די זונ הויכ. זי האָט דורכגעלויכטנ דאָס בלוט, וואָס האָט פארשווומענ מײַנע אויגנ. קיינ שיסערײַ איז שוינ ניט געווענ. א ווינטעלע האָט מיכ דערפרישט. שפּעטער א ביסל האָט זיכ דערהערט א שיסערײַ פונ א קוילנוואָרפער. דאָס האָבנ די וועכטער דורכגעשטעפּט דעמ קיווער. דעמלט בינ איכ לײַכט פארוווּנדעט געוואָרנ.

ווענ די שיסערײַ האָט אופגעהערט צום צווייטנ מאָל, האָבנ די שיסער, א טייל אינ מיליטערישע מונדירנ, א טייל ציווילע, זיכ אוועקגעזעצט באמ קיווער-ראנד און געטרונקענ בראנפנ. שיקערע איז מענ זיכ צעגאנגענ פונ קיווער. ניט ווײַט אפ א בערגל איז געבליבנ א וואכ.

אז ארומ האָט זיכ פולשטענדיק בארויִקט, בינ איכ א נאקעטער ארויסגעקראָכנ פונ גרוב און געפויזעט דורכ גראָז און קוסטעס, ביז איכ בינ אָנגעקומענ צו דעמ דראָטענעמ פארקאנ. פונדערווײַטנ האָב איכ דערזענ די „וואָראָנע“, וואָס איז ווידער געקומענ אָנגעפאקט מיט מענטשנ.

א פּאָליאַק האָט מיך אַרײַנגעלאָזן אין שטוב, האָט פאַרבונדן מײַן וווּנד און געגעבן מיר קליידער. איך האָב איבערגענעכטיקט, זיך אָנגעטרונקען מיט מילך און אויף מאָרגן באַגינען אַוועק אין שטאָט.

ווען איך האָב דערציילט וועגן מײַנע איבערלעבונגען אין פּאָנאַר, האָט מײַנע אייגענער מאַמע מיר ניט געוואָלט גלייבן".

## פּאָנאַר

פּאָנאַר איז אַ דאַטשע־אָרט הינטער ווילנע, אויפן זיבעטן קילאָמעטער פון גראָדנער שליאַך. רעכטס וויקלט זיך די ווילִיע און פאַרשווימט הינטער בערג. די געגנט איז באַרימט מיט איר שיינער לאַנדשאַפט. זי איז באַזונגען דורך אַדאַם מִיצקעוויטשן. נאַפּאָלעאָן האָט זיך אין ווילנע געהאַט אויסגעדריקט, אַז ער וואָלט פּאָנאַר אויף די הענט אַריבערגעטראָגן קיין פראַנקרײַך.

דאָס אָרט געפינט זיך רעכטס פון דער באַן־ליניע ווילנע — וואַרשע אויפן צענטן קילאָמעטער. דאָרטן געפינען זיך גרויסע גריבער, וואָס זײַנען פריִער באַשטימט געווען פאַר מיליטערישע צוועקן, און צוויי קלענערע גריבער, אינווייניק אויסגעפלאַסטערט מיט שטיינער און צעמענט.

ווי נאָר עס זײַנען געקומען די דײַטשן, האָבן זיי דערשמעקט דאָס אָרט. עס איז געווען ווי צוגעמאָסטן פאַר זייערע מאָרד-פּלענער. רעכטס גייט דער טראַקט, דורך וועלכן מע קען מיט אויטאָס אַרײַנפירן די קאָרבאָנעס; לינקס — די באַן-ליניע ווילנע — וואַרשע.

ווען די פאַבריק איז שוין געווען פאַרטיק און דאָס וואָרט „פּאָנאַר" איז געוואָרן אַ שרעק און אַ קלאָלע, האָבן די דײַטשן אַרויסגעגעבן אין ווילנע אַ מאַפּע, וווּ פּאָנאַר איז ניט דערמאָנט געוואָרן. דאָס אָרט איז נאָר באַפלעקט געווען מיט גרינס.

## די ערשטע, אָדער די גרויסע, פּראָוואָקאַציע

דעם 31־טן אויגוסט 1941 האָט דער דײַטשישער אָפיצער שוויַינענבערג, צוזאַמען מיט זײַנע אַדיוטאַנטן ווײַס און הערינג, מיט אַ ספּעציִעלן שיסער־באַטאַליאָן אַרומגערינגלט די יִידישע קוואַרטאַלן: יִידישע גאַס, יאַטקעווער גאַס, סטראַשון-גאַס, גלעזער-גאַס, גאָען-גאַס, דאָמיניקאַנער געסל, לידסקע און דײַטשישע גאַס. שוויַינענבערג איז געלאָפן איבער די הויפן מיט אַ נאַהײַקע, געשריגן, מע זאָל וואָס גיכער, אין משך פון צען מינוט, אַרויס אויפן הויף. מיטנעמען קען מען בלויז אַ האַנטפּעקל מיטן סאַמע וואַרטפולסטן פונעם פאַרמעגן. ווער עס וועט צו דער צײַט ניט אַראָפּגיין, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

איך בין דעמלט געשלאָפֿן. א שמיץ פון א נאהײַקע האָט צע־שניטן מײַן שלאָף. איך האָב א שפרונג געטאָן פון בעט און דערזען קעגן מיר שוויַינענבערגן מיט א הינטל בא דער זײַט. שווייַנענבערג איז געלאָפֿן איבערן שטוב און מיט דער נאהײַקע געכוואָשטשעט די אייַנוווינער, זיי געטריבן אפן הויף. זייַן פּאָנעם האָט זיך מיר אריינ-געשרויפט אין אויג. איך בין אראָפּ אפן הויף. יידן מיט פעקלעך אין די הענט זייַנען געשטאנען מיט ווייַב-און-קינד און געווארט אפ א ישועה. אלע האָבן געדעדט, אז דאָס פירט מען אין געטאָ. און דאָך האָט קיינער ניט געגלייבט. האָט עמעץ זיך דערוועגט צו זאָגן, אז דאָס פירט מען ערגעץ אנדערש, האָבן מענטשן אים פאר-שאָלטן.

איך האָב געפרווט אנטלויפן. אריייַנגעקראָכן אין א ליידיקער שטוב, אויסגעזוצט די שויבן און בין ארויסגעשפרונגען אפן גאס. א פּאָליציאנט האָט מיך באמערקט, אָנגעצילט די ביקס. איך האָב זיך ארייַנגעצויגן צוריק און זיך אויסגעמישט מיט די שכיינים. איך האָב געזוכט מייַן פרוי. זי איז ערגעץ פארשוואונדן. זיך עפשער געראטעוועט? קיינער ווייכט ניט.

אין הויף זייַנען אריייַנגעקומען צוואנציק פּאָליציאנטן. דער עלט-סטער האָט געהייסן דעם אוילעם זיך אויסשטעלן צו פיר אין א ריי. שווייַנענבערג האָט געהאלטן א רעדע, אז מע פירט אונדז אין געטאָ, מע זאָל גיין רויק און פאָלגן די באפעלן. ער האָט ארויסגענומען א קעסטל ציגארעטן און פאָרגעלייגט צו רייכערן. די צוואנציק שיסער האָבן אונדז גענומען אונטער באגנעטן און ארויסגעפירט דורכן טויער פון הויף. דאָס איז געווען צוועלף באנאכט. פאָרויס און הינטער מיר האָבן זיך געצויגן מאכנעס פון אנדערע געסלעך און אנדערע הויפן. קומענדיק צו זאוואלנע, נעענטער אין דער ריכטונג צו דער לוקישקער טורמע, האָבן אלע שוין דערזען, אז מע פירט ניט אין געטאָ. ווייַבער האָבן אָנגעהויבן וויינען, זיך רייַסן פאר די האָר. די דרעמלדיקע קינדער אפ זייערע אָרעמס האָבן זיך אופגעכאפט אין שרעק און שטארקער זיך אייַנגעקלאמערט אין די מאמישע העלדזער. באם ראָג פּאָרטאָווע האָבן מיר אָנגעיאָגט נאָך א פארטיע. איך האָב דאָרט דערזען מייַן פרוי. איך האָב געוואָלט אריבערלויפן אהין. אויב אומקומען—איז צוזאמען. א גלאנציקער באגנעט האָט מיר אָבער פארשטעלט דעם וועג.

שוין נאָענט צו דער טורמע. איך ווייס ניט, וויאזוי האָט זיך מיר אייַנגעגעבן צו אנטלויפן. איך געדענק בלויז, אז אין קאָפּ איז מיר

ליכטיק געוואָרן, ווי געטראָפֿן פֿון א בליץ. איך בין געלאָפֿן אָן א פּלאַן, צוּ א כעזשבן. מיר האָט געדאַכט, איך האָב דורכגעבראָכן ווענט, דורכגעשניטן מויערן.

איך האָב זיך אופגעכאַפּט באַם ברעג ווילִיע. עס האָט גענומען טאָגן. פּונקט אנטקעגן מיר, אפ דער אנדערער זײַט, האָב איך דערקענט מײַן הויף. דאָרטן איז מײַן מאַמע. קאָן זײַן, זי קוקט איצט דורכן פענצטער צו מיר אהערצו, קאָן זײַן, זי רופט אצינד נאָך הילף: א שטורמיסט קוילעט!

* * *

אפ מאָרגן, דעם 1-טן סענטיאַבער 1941, זײַנען איבער די ווילנער גאַסן פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן פּלאַקאַטן מיט דער אונטערשריפט פונעם געביטס-קאָמיסאַר פון ווילנע הינגסט:

דעם 31-טן אווגוסט 1941 איז געפאַלן א שאָס אפ א דײַטשישן מיליטערמאַן. עס האָט זיך אײַנגעגעבן צו כאַפּן די מערדער. זיי זײַנען יִידן. די יִידן וועלן דערפאַר טײַער באַצאָלן.

דעם זעלבן טאָג איז די צײַט פון גיין איבער די גאַסן רעדוצירט געוואָרן פאַר יִידן ביז דרײַ באַטאָג. פון דרײַ באַטאָג זײַנען אלע יִידן מעכויעוו צו זײַן אין די שטיבער: ניט אפ די הויפן, בוידעמער אָדער ערגעץ אנדערשוו.

אכוץ דעם האָט הינגסט באַפוילן, אז די יִידן מוזן גלײַך אַרײַנטראָגן אין די פּאָליצײַ-צירקלען זייער גאַנצ גאָלד, זילבער און צירונג. א יִיד טאָר ניט האָבן מער ווי דרײַ הונדערט סאָוועטישע רובל. דאָס הייסט דרײַסיק מאַרק. דאָס הייסט — צוויי קילאָ ברויט, וואָס מע טאָר ניט קויפן.

## אין לוקישקער טורמע

ווי עס קומען אהין די פארכאַפּטע, האָט קיינער ניט געוווּסט. מע האָט זיי געפירט „זיך פארשרײַבן אפ ארבעט" אין דער לוקישקער טורמע. א סאַך יִידן, ניט קענענדיק שוין מער אויסהאַלטן פון די כאַפּונעס, זײַנען אוועק זיך פארשרײַבן פרײַוויליק. בעסער, האָבן זיי געטראַכט, וועלן מיר טראָגן שטיינער, איידער ליגן אין גרוב און ביסלעכווײַז אויסגיין. נאָר אויסגעצאַנקט האָט מען דאַפקע אין טורמע.

מײַן פרוי, וואָס האָט בײַס דער גרויסער פּראָוואָקאַציע געהאַט דעם שלימאַזל אַרײַנצופאַלן אין דער לוקישקער טורמע, האָט מיר

שפעטער, נאָך איר באפרײַונג, דערציילט, וואָס זי האָט געזען דאָרט:
„גלײַך ווי מיר זײַנען געקומען אפֿן לוקישקער מארק, נאָך ניט דערגאנגען צו דער טורמע, האָט אונדז איבערגענומען א שפאלער ציוויל געקליידטע פּאָליציי. מיר האָבן געמוזט דורכגיין צווישןביידע רייען און אופֿנעמען פֿון די ראָצכים דעם ערשטן קאבאָלאס־פּאָנעם. איבער מײַן קאָפּ האָט זיך צעבראָכן א שטעקן. פֿיל קינדער און זקיינים זײַנען צו דער טורמע ניט דערגאנגען. געפֿאלן אפֿן מארק. די אנדערע ייִדן האָבן זיי געמוזט מיטשלעפּן אונטער די אײַזערנע קלעפּ. מאמעס האָבן געטראָטן אף קינדער. קינדער האָבן זיך געוואלגערט לעבן צעטראָטענע מאמעס. ענדלעך זײַנען מיר אין טורמע. גלײַך ווי מיר זײַנען ארײַן הינטערן טויער, האָט מען אונדז באפוילן אָפּצוווארפֿן אָן א זײַט די געבראכטע פּעקלעך מיט די אייבערשטע בגאָדים. נאָכדעם האָט מען געעפֿנט טירן און מיט די פֿיס אונדז ארײַנגעשפּאַרט אין גרויסע שוין אָנגעפּראָפּטע קאמערן. מע איז געלעגן אין ענגשאפֿט איינער אפֿן אנדערן. קיין לופֿט איז ניט געווען. מע האָט ניט געקענט זיך באוועגן, שטעלן א טראָט.

אף מאָרגן באנאכט איז געקומען שווײַנענבערג מיט פּארקאשערטע ארבל, ווי בא א קאצעוו, מיט דער נאהײַקע אין האנט. ער האָט זיך געשטעלט אינמיטן זאל אפֿן קערפּער פֿון א פֿארכאלעשטער פרוי, געהייסן אלעמען זיך אומקערן מיט די פּענעמער צו די ווענט און אָנגעזאָגט: פֿאר אויסדרייען דעם קאָפּ וועל איך פֿארפּײַניקן צום טויט! ער האָט געשמיסן מיט זײַן נאהײַקע און ארויסגעגעבן באפעלן: אופשטיין! זעצן זיך! אופשטיין! זעצן זיך!..

א פרוי האָט זיך אופגעהאנגען אף די ווינדעלעך פֿון איר קינד. מענטשן זײַנען געפֿאלן פֿארכאלעשט ווי מילבן ארום א פֿײַער. מע האָט געוואָרט אפֿן טויט ווי אפֿן איינציקן אויסלייזער. נאָר קיין גרינגן טויט האָט אונדז שווײַנענבערג נישט פֿארגונען. ער האָט אונדז אָפּגעהאלטן אין די קאמערן איבער א וואָך. יעדער נאכט פֿלעגט ער קומען אין די קאמערן און איבערכאזערן זײַן גימנאסטיק. ווער עס האָט זיך ניט אופגעשטעלט, אָדער געזעצט זיך פֿאר דער צײַט, איז אין דער זעלבער סעקונדע צעשניטן געוואָרן פּאסנווײַז. צווישן די פֿארפּײַניקטע האָב איך דערקענט די ארטיסטן כאש און קאדיש. אפֿן זעקסטן טאָג האָבן די וועכטער מיט אײַזערנע האָקנס ארויסגעשלעפּט פֿון די קאמערן די דערשטאָכענע, דערשטיקטע און פֿארפּײַניקטע. מע האָט זיי געשלעפּט איבער די לאנגע בלוטיקע קאָרידאָרן און זיי ארײַנגעוואָרפֿן אין דער קאמער פֿון אלגעמיינעם קלאָזעט.

פֿאַר אַרויסגיין דערליידיקן אַ באַדערפֿעניש האָבן די וועכטער זיך געהייסן טײַער באַצאָלן, ניט ווינציקער ווי טויזנט רובל אַ מאָל. שפּעטער איז די פּרײַז געשטיגן און דערגאַנגען ביז צען רובל גאָלד. אויך קיין וואַסער פֿלעגט מען אומזיסט ניט געבן. פֿאַר אַ טרונק האָט מען געדאַרפֿט באַצאָלן אַ זייגערל אָדער אַ ווערטפֿולן רינג.

אַ טייל ייִדן פֿון אַנדערע קוואַרטאַלן, וואָס האָבן אויסגעמיטן די פּראָוואָקאַציע, האָבן געפּרוווט אונטערקויפֿן די דײַטשן, קעדיי צו ראַטעווען פֿון דער טפֿיסע זייערע ווײַבער און קינדער.

דער אָבער-לייטענאַנט פֿון די בורבישקער פֿאַרשן וואַגנער איז פֿאַר אַ סאַך גאָלד אַוועק אין דער טורמע אַרויסציִען אַכט ייִדן. ער איז אַרײַן מיט דער האַסקאָמע פֿון שווײַנענבערגן אין די קאַמערן און האָט אויסגערופֿן אַכט נעמען. ווען ער האָט אויסגערופֿן דעם נאָמען גאָלדבערג, אַ פֿרוי פֿון קאַלוואַריִער גום. 60, וואָס איז שוין געלעגן אַ דערשטיקטע דורך שווײַנענבערגס קינזשאַל, האָב איך אין מײַן פֿאַרצווייפֿלונג אויסגערופֿן: איך! — און דער אָבער-לייטענאַנט האָט אַ געשריי געטאָן: „שנעלער! ליוס!“.

שווײַנענבערג אַליין האָט אונדז אַרויסגעפֿירט צום טויער. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ רעוואָלווער. ער האָט געמאָלדן:

— איך ווייס אַלץ. אויב איר וועט עמעצן דערציילן כאָטש אַ וואָרט וועגן דעם, וואָס איר האָט דאָ געזען, וועט איר מעקאַנע זײַן דעם גורל איַיערע ברידער, — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער טורמע.

באַם אַרויסגיין פֿון טורמע האָט זיך אַ פֿרוי פֿאַרטשעפּעט מיט איר שאַל אָן שווײַנענבערגס אַ קנעפּל פֿון שינעל. דער טאַליען האָט זי פֿאַרהאַלטן און זי צוריק אומגעקערט אין טורמע.

## ווידער בײַ דער מאַמען

וווּהין גייט מען ווײַטער? איך בין געלעגן בײַ דער ווילִיע האַלב-נאַקעט און זיך געבריִענט אויף דער זון, איך זאָל ניט אויסזען פֿאַרדעכטיק. אָוונט-צײַט בין איך אַריבער דעם טײַך און באָרוועסערהייט זיך אַרײַנגעשאַרט צו דער מאַמען. פּטאַשעקט אָנגערויבטע זאַכן האָבן זיך נאָך אַלץ געלופּטערט אויפֿן הויף. די פֿון ווינט אָנגעבלאָזענע בלוזעס און העמדער האָבן אויסגעזען ווי מייסים. די מאַמע האָט שוין אויסגעוויינט דעם בליאַסק פֿון אירע אויגן. זי איז געווען זיכער, אַז מע האָט מיך שוין דערשאָסן. איטלעכס מאָל, ווען זי האָט געהערט אַ שאָס פֿון דער אַנטקעגנדיקער טורמע, האָט זי געמיינט, אַז עס איז אין מיר.

איך דערוויס זיך נײַס וועגן באקאנטע, שכײנים. דעם האָט מען געכאפט, יענעם האָט מען געשאָסן. דעם אלטן כאזן פון סקאפּאָווקערס הויף האָבן נעכטן זינגעכאפּט די שטורמיסטן, אים געהײסן אויסגראָבן א טיפע גרוב, באפוילן אים נאָכדעם ארײַנגײן זונ ביזן האלדז אים פארשאָטן מיט ערד. זײַנע טעכטער האָט מען אויסגעטאָן נאקעטע און באפוילן ארומטאנצן ארום טאטן.

פארטאָג האָב איך זיך געזעגנט מיט דער מאמען, פאזע די ברעגן פון דער ווילִיע אוועק אפּ סאלטאנישאָק — ווידער צו דער מישפּאָכע באסטאצקי.

## ציגײַנער

בא די סאלטאנישקער גערטנער האָב איך באגעגנט א טאבאָר ציגײַנער. אן אלטער איז געגאנגען פאָרויס מיט א קינד אפּ זײַן אקסל. פאמעלעך האָט ער צוגעשמיסן די פערד. א ציגײַנערקע האָט זיך געשפּילט מיט אירע גלִיזערנע קארעלן און בײס-מײַסע געזונגען א ראָמאנס. אין אָנהײב האָב איך מעקאנע געווען דעם פרײַען שיי־ ווער. זײ טראָגן דאָך ניט קײן לאטעס. און אזוי ווי איך באטראכט די פארבײַפאָרער, שפּרינגט עמעץ ארויס פון וואָגן און לאָזט זיך לויפן צו מיר.

— דערקאָנסט מיך?

איך בין געבליבן נישטוימעם: טכילעס האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אז עס איז דער ברודער פון מאריע קוויעק — דער ציגײַנערשער זינגער, מיט וועלכן איך האָב זיך אמאָל געהאט באקאנט. נאָר פונוואנען האָט ער זיך אויסגעלערנט יִדיש? לאנג האָב איך ניט גע־ דארפטווארטן. דער ציגײַנער האָט אלײן זיך פאָרגעשטעלט:

— איך בין כאיִם גאָרדאָן, דערקענסט ניט?

ערשט איצט האָב איך אים דערקענט. ניט צוואנציק יאָר צוריק האָבן מיר צוזאמען געלערנט אין „בײס-יעהודאָ“. נאָך קינדווײַז, גע־ דענק איך, האָט מען אים גערופן כאיִמקע דער ציגײַנער.

וויִאזוי ער קומט אין ציגײַנערשן טאבאָר? עס איז א פּאָשעטע מײַסע: ווען די דײַטשן זײַנען ארײַן קײן ווילנע, האָט כאיִמקע זיך געפונען הינטערן שטאָט אין דעם דערפל דאָלניע. דעם פּאָריקן שא־ בעס האָט פּאָליציי ארומגערינגלט דאָס דערפל און אלע יִדן אוועק־ געפירט קײן וועליטשאנ. אהין זײַנען דורכן טאָג געבראכט געוואָרן די יִדן פון קענע, אנדרעלישאָק, מעדניק, לאווארישאָק, שומסק, סאָראָק־ טאטאר, דאָלניע און נײַ-ווילײקע. מע האָט אלע מענער געגעבן

רידלענ און זיי באַפּוילנ אויסצוגראָבנ א לאנגע אָקאָפּע אינ דער פאָרמ פונ א דאַלעד. די פּרויענ מיט די קינדער האָט מענ געהאַלטנ באַזונדער. ביז אָוונט האָט מענ געגראָבנ. באַם זונ-פּאַרגאַנג, ווענ די אָקאָפּע איז שוינ געווענ פאַרטיק, האָט פונ אַנטקעגנדיקנ וועלדל זיכ א לאָז געטאָנ א בינטל אָרטיקע פּאַשיכטנ און אַרומגענומענ מיט א פייַער דעמ צעטומלטנ אוילעמ. מע איז געווענ אַזוי געפּלעפט, אַז קיינער איז זיכ ניט צעלאָפנ. מיט די רידלענ אינ די הענט איז מענ געפאַלנ אינ אָקאָפּע. עס איז גלַלצ געווענ אַזוי פּלוצלינג, אַז קיינער האָט ניט באַוויזנ צו זענ דעמ טויט. גאָרדאָנ איז געווענ געשטאַנענ הינטער א בוימ, און די קוילנ זייַנענ פאַרבייַגעפלויגנ לעבנ זייַנ אויער. בייס-מייַסע האָט ער זיכ צעטומלט,— ניט פאַרשטאַנענ, וואָס דאָ טוט זיכ. נאָר דאָס פלייצנדיקע בלוט אַפנ געלנ זאַמד האָט אויפגעוועקט זייַנ באַוווסטזייַנ. ער האָט אַרייַנגעיאָגט אינ א קאָרנפעלד און זיכ דאָרטנ באַהאַלטנ.

אַפ מאָרגנ אינדערפרי האָט ער דורכ די זאַנגענ געזענ, ווי דער געסטאַפּיסט ווייַס איז אָנגעקומענ מיט א טאַבאָר ציגייַנער און זיי באַפּוילנ אַרייַנצוּוואַרפנ די דערשאָסענע אינ די גריבער. אַז ווייַס איז אַוועקגעפאָרנ, איז גאָרדאָנ אַרויסגעקראָכנ פונ צווישנ די זאַנגענ און געבעטנ די ציגייַנער, זיי זאָלנ אימ נעמענ מיט זיכ. דער אַלטער, זייַנ נאָמענ איז פעדאָר, האָט אימ גוט באַטראַכט און געהייסנ זיכ אַרייַנזעצנ אינ וואָגנ. ער האָט געשמיכנ מיט דער בייַטש זייַנע קינדער, וואָס האָבנ געפּרוּווט זיכ צורירנ צו די קליידער פונ די דערשאָסענע. צו כאַימענ האָט ער געזאָגט:

— מאָרגנ, איבערמאָרגנ וועט דאָס געשענ מיט ביר.

כאַימ האָט מיר פאַרגעלייגט גיינ מיט אימ. פעדאָר איז א מענטש א בריליאַנט. ער וועט ניט האָבנ דאגעגנ. וואָס שייַעכ מייַנ בלייכ פּאָנעמ, וועט ער מיכ אייַנשמירנ מיט הינטיש פעטס, פונ דעמ ווערט אייַנגעברוינט די הויט, און איכ וועל אויסזענ ווי ער. עס וועט מיכ קיינער ניט דערקענענ. איכ האָב געדאַנקט דעמ ציגייַנער און זיכ אָפּגעזאָגט פונ גליק. איכ קענ ניט איבערלאָזנ מייַנע אייגענע. איכ ווייס נאָכ ניט דעמ גוירל פונ מייַנ פרוי. נעכטנ האָב איכ זי איבער-געלאָזנ באַמ טויער פונ דער טורמע.

כאַימ האָט זיכ מיט מיר געזעגנט. ער האָט נאָכגעיאָגט דעמ ציגייַנערשנ טאַבאָר, וואָס האָט געוואַרט אַפ אימ באַמ אַנטקעגנדיקנ קלויסטער.

# צווישנ פרײַנט

איכ בינ ווידער בא דער מישפּאָכע באסטאצקי. וווּהינ צו גיינ אנדערשוווּ האָב איכ ניט געהאט. פאר די עטלעכע טעג האָט זיכ די מישפּאָכע פארקלענערט. עס האָבנ געפעלט דרײַ מענער. זיי האָבנ זיכ ניט צוריקגעקערט פונ דער ארבעט.

אינדערפרי זײַנענ די געבליבענע מענער פונ דער מישפּאָכע באסטאצקי, צוויי זינ אונ א שוועסטערקינד, אוועק ווי אלע טאָג צו דער ארבעט. איכ בינ אויכ געגאנגענ: אינ דער היים קאָנ מענ ארײַנפאלנ צו די כאפּונעס. הagאם אויכ דאָס ארבעטנ איז שוינ ניט מער קיינ גאראנטיע: פיל ארבעטנדיקע מאכנעס האָט מענ גלײַכ פונ דער ארבעט אוועקגענומענ אינ טורמע.

אפנ ארבעטס-פּלאצ האָט געפעלט בא א העלפט מענטשנ. זיי האָבנ געוווינט אינ די ייִדישע געסלעכ אונ זײַנענ ארײַנגעפאלנ בעשאס דער פּראָוואָקאציע, נאָר די געבליבענע האָבנ געארבעט ווײַטער. ווידער האָט מענ געהאנדלט מיט די ארומיקע פויערים. זיכ געדונגענ פאר א רובל, אונ עס האָט געמאכט דעמ אײַנדרוק, ווי איטלעכער האָט אונטערגעקויפט דעמ טויט.

מיטיק-צײַט איז געקומענ דער באלעבאָס, דער געוועזענער אדטיסט, פעלדפעבל הערדער אונ אופגערופנ ארומ זיכ אלע קנעכט. ער האָט גערעדט עפּשער א שאָ. געוואָלט אונדז איבערצײַגנ אינ זײַנ גוטסקײַט, אינ זײַנ אָרנטלעכקײַט. דערציילט מיט אופגעבלאָזענעמ פּאטאָס, אז זײַנ בעסטער יוגנט-כאווער איז געוועזנ א ייִד; אז די נירנבערגער געזעצנ ווארפט ער זיכ ניט אונטער, כאָטש אלײנ איז ער א פּארטיי-מאנ פונ 1926. צומ סאָפ האָט ער פאָרגעלייגט, עס זאָלנ אופהייבנ הענט די יעניקע ייִדנ, וועמענס ברידער, שוועסטער אָדער קרויווימ זײַנענ ארײַנגעפאלנ אינ דער לוקישקער טורמע. ער וועט אלעמענ באפרײַענ. אפילע אינ מילכאָמע-צײַט מוז מענ זיכ אופירנ מאָראליש... ער, דער פעלדפעבל הערדער, וועט אזוינס ניט דערלאָזנ, בא אימ איז רעכט צו ראפּאָרטירנ אינ בערלינ. אלע האָבנ אופגעהויבנ די הענט. בא איינעמ האָט געפעלט א ברודער, באמ צווייטנ א ווײַב, בא א דריטנ א קאָרעוו. אנדערע האָבנ אופגעהויבנ די הענט אפ טראפ — שוינ עטלעכע מעסלעס ווי זיי נעכטיקנ ניט אינ שטוב. ווער קענ וויסנ, ווו זײַנענ די נאָענטסטע?

נאָכ דעמ, ווי קאפּיטאַנ-קאפּלאנסקי, דער בריגאדיר, האָט אופגעשטעלט די רעשימע, פארשריבנ אלע נעמענ פונ די ברידער אונ קרויווימ, האָט דער פעלדפעבל הערדער פארטרויט עפּעס קאפּלאנסקינ

אפן אויער און איז אוועקגעפאָרן אפ זײַן טאקסי. קאפלאנסקי האָט אונדז געמאָלדן, אז דער פעלדפעבל פאָדערט דרײַ גאָלדענע זייגערס פון דער פירמע „צימא“, כאר זײַן ווײַב א קאראקולנעם מאנטל, פינף פאָר שיך און שטיוול, שאמפאניער און פוטער, ווײַל אליינ האָט ער קיין צײַט ניט דאָס צו זוכן. וואָס גיכער מע וועט אים געבן די מאטאָנעס, אלץ גיכער וועט דער פעלדפעבל פאָרן מיט דער רעשימע אין טורמע און וועט ראטעווען די געפאנגענע.

אפ מאָרגן זײַנען די מאטאָנעס גרייט געווען. דער פעלדפעבל הערדער איז געקומען אפ זײַן טאקסי און באוויליקט זיי צו נעמען. ווי מיר האָבן זיך שפעטער דערוווסט, איז ער אין א שאָ ארום אוועקגעפאָרן קיין קאָוונע.

## דער סאָף פונעם ערשטן יידנראט

פון די אָנגעקומענע ארבעטער פון שטאָט דערוויס איך זיך: דעם 1-טן סעפטיאבער 1941 איז אינ יידנראט געקומען בוראקאס, איינער פון די שעפן פון דער היגער „איפאטינגא“, און געגעבן א פאראָרדענונג, אז אפ מאָרגן, צו נײַן אינדערפרי זאָל דער יידנראט צושטעלן אפ ווילנער 12, אפן הויף פון דער „איפאטינגא“, צען וועגענער. אויב די וועגענער וועלן ניט זײַן, וועט עס דערנאָך דעם יידנראט פארדריסן. בוראקאס האָט גוט געוווסט, אז אלע פערד און וועגענער האָט מען בא די יידן שוין לאנג קאָנפיסקירט. אויך דער יידנראט האָט פארשטאנען, אז עס איז בלויז א שפיצל, אז בוראקאסן גייט טאקע דערין, אז דער יידנראט זאָל דעם באפעל ניט אימשטאנד זײַן אויסצופירן. פונדעסטוועגן האָט פינכאָס קאָן ניט געוואָלט מיט די אייגענע הענט העלפן דער פראָוואָקאציע. עס האָט זיך אײַנגעגעבן בא ניט יידישע פורמאנעס צוצוקויפן פורן, און מע האָט זיי אוועקגעשיקט אין דער „איפאטינגא“. נאָר בוראקאס האָט די מאטאָנע ניט אָנגענומען.

— עס איז שוין צו שפעט, — האָט ער געזאָגט. — עס איז שוין צען מינוט נאָך נײַן...

ארום עלף אזייגער איז אינ יידנראט געקומען שווײַנענבערג מיט צוויי באוואָפנטע געהילפן. ער האָט אויסגעשטעלט בא די ווענט אלע, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, און געטאָן א געשריי:

— וועל פון אײַך האָט עס אָנגענומען די באשטעלונג?

עס איז ארויסגעטראָטן פינכאָס קאָן און געמאָלדן:

— איך.

— הייכט עס, דו האָסט עס ניט אויסגעפירט די פאַראָרדענונג? — האָט שוויַינענבערג א שניט געטאָן קאָנען מיט דער נאַהײַקע. — עס איז נאָך אלץ צו שוואכ בא אײַך דער זיקאָרן. איך וועל אײַך נעמען צו זיך, וועט איר בעסער פארגעדענקען. — ער האָט אָפּגעקליבן צו זיך 16 ייִדן. צווישן זיי זײַנען געווען פינכאָס קאָן, האָראוו קאַצ, דער פארוואלטער פון „מעפּיצע-האסקאָלע" קראסנער, סאול טראָצקי אא., וואָס האָבן זיך דאָרט צופעליק געפונען. מע האָט זיי אויסגעשטעלט פּאָרוויַז, און שוויַינענבערגס געהילפן האָבן זיי אָפּגעפירט אונטער באגנעטן אין טורמע. פון דאָרטן איז שוין קיינער ניט געקומען.

אפ דער טיר פון ייִדנראט האָבן די דײַטשן אופגעהאנגען א שלאָס.

## דער בלוטיקער שפּאס

דעם 6-טן סענטיאבער 1941, זעקס פארטאָג, ווען איך און די גאנצע מישפּאָכע באסטאצקי זײַנען נאָך געשלאָפן, האָט זיך אין דרויסן דערהערט א פּײַפעריַי און א ווילד צאָקען פון פערדישע טלאָען. צוגעשפּרונגען צום פענצטער, האָב איך דערזען, אז די היגע פּאָליציי טראָגט זיך ווי א הײשעריק איבער די גאסן. די שטוביקע האָבן זיך גלײַך אָנגעטאָן. מע האָט געקוקט דורכן פענצטער און זיך געגרייט אפ אן אומגליק. די גאסן זײַנען געווען געשלאָסן. אָן דאָ-קומענטן האָט מען קיינעם ניט דורכגעלאָזן. וואָס אונדז דערווארט, האָבן מיר נאָך ניט געוווסט. נאָר אלע האָבן געפילט, אז עס קומט עפּעס פּאָר.

עס האָט זיך מיטאמאָל דערהערט א געבראזג פון שויבן. פּונקט אנטקעגן אונדזער פענצטער, אין א שכיינעסדיקן הויז, האָט א פּאָלי-ציאנט מיט א האק אין האנט געזעצט אין א ייִדישער טיר, קענטיק, א פארשלאָסענער, און געריטשעט, מע זאָל וואָס גיכער אים עפענען. ווען די טיר האָט זיך געעפנט, האָט ער די אײַנוווינער באפוילן ארויסגיין אין דרויסן.

נאָך וואָס וואַרטן מיר אין שטוב? באלד וועט דאָך פּאָליציי אויך אהער ארײַנקומען. און ווּהין זיי שלעפּן, ווייס דאָך ווידער קיינער ניט. בעסער אנטלויפן, — זאָגט איינער פון דער מישפּאָכע. אנטלויפן צו דעם ארבעטס-פּלאצ, אפ די שעסקינער בערג. עס איז דאָך ניט ווײַט, סאכאקל א האלבער קילאָמעטער. קען זײַן, מירן דאָרט גע-פינען „אונדזער" דײַטש, דעם פעלדפעבל הערדער, אָדער ווי מע האָט אים גערופן „דער סוכאָטניק". נעכטן האָט ער דאָך באקומען אזוי-

פיל מאטאָנעס, צוגעזאָגט צו פארטיידיקן זײַנע ייִדן. עפשער וועט ער באשיצן איצט?

זאלבעדריט — איך, שמערל און זײַן שוועסטערקינד דער סטודענט — האָבן מיר זיך ווי שטענדיק אוועקגעלאָזט צו דער ארבעט. מיר האָבן אויסגעמיטן די הויפּט-גאס און דורכן הויף און גערטנער זיך דער־נעענטערט צו די בערג. די פּאָליציי האָט אונדז קענטיק ניט באמערקט. מיר זײַנען דורכגעשווומען צווישן הויכע קוסטן פּאָמידאָרן, און מיר זײַנען ארויסגעקומען צו די שעפּקינער בערג.

נאָר דאָ האָט אונדז אָנגעיאָגט א רײַטער... ער איז געלאָפן גאלאָפּ איבער די שטויביקע וועגן, אונדז אָנגעיאָגט און געהייסן זיך אָפּשטעלן. דער רײַטער האָט ניט גערעדט קיין וואָרט. ער האָט אפ שטומלאָשן אונדז געהייסן מיטגיין, און בא א טײַכל האָט ער אונדז איבערגעגעבן א צווייטן. יענער האָט שוין געטראָגן א העלם, און די ביקס האָט ער געהאלטן אונדז אנטקעגן.

„געזעגן זיך מיט דײַנע לידער”, — האָב איך א טראכט געטאָן, און גלײַכצײַטיק האָט זיך געוועבט בא מיר א נײַ געזאנג...

נאָר דער מענטש מיטן העלם האָט אונדז געטריבן פּאָרויס און געשמייכלט צו זײַן ביקס. דער שווייס אפ זײַן אָנגעהיצטן פּאָנעם איז דאָס מיִעסטע, וואָס איך האָב געזען אין מײַן לעבן. אפן בארג איז א יונגע פויערטע אונדז געקומען אנטקעגן. דער מענטש מיטן העלם האָט זי פארטשעפּעט, א קניפּ געטאָן אין באק און געזאָגט צו איר:

— דיר געפעלן זייערע זאכן? קום, איך וועל דיר באלד זיי געבן.

די פויערטע האָט אים ניט געענטפערט. ער איז געבליבן באליידיקט. הינטערן בארג האָבן געווארט שוין אנדערע. אלע אין העלמען. ער האָט געהייסן אונדז זיך אומדרייען מיט די פּלייצעס און מיט די הענט פארשטעלן זיך די אויגן. איך האָב ארופגעלייגט אפ די אויגן די פינגער, זיך צוגעהערט, ווי פּאָרויס פאר מיר זינגט א פויגל, ווי הינטער מיר ווערן אָפּגעצויגן פון ביקסן די שלעסער, און צווישן די פינגער אפ מײַנע אויגן האָב איך דערזען א שפּריצנדיק פײַער — א געקנאל, איבערן געקנאל — צווײַגן... איך האָב א פאל געטאָן אין גראָז. דער ערשטער געדאנק, וואָס האָט א שניט געטאָן דעם באוווסטזײַן, איז געווען, צי בין איך טאקע טויט? זיך איבער־געצײַגט, אז ניט, האָב איך א קוק געטאָן אפ די כאווײרים. איינער איז געשטאנען אפ די קני, און דער צווייטער האָט זיך אפילע ניט אײַנגעבויגן.

הייסט עס, מיר לעבן. טאָ ווער האָט דאָ אין אונדז געשאָסן? ערשט

איצטער האָב איך דערהערט הינטער מײַן פּלײצע אַ געלעכטער, און דער מאַן מיטן שטאָלענעם העלם האָט אונדז געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— עס איז געװען אַ שפּאַס, הייבט זיך אויף. איך וועל אײַך פירן אין געטאָ.

## דער וועג צו דער געטאָ

מיר האָבן אַלץ ניט געגלייבט. געמיינט, דאָס איז איינע פון די פּראָוואָקאַציעס. צוקומענדיק אָבער נענטער צו ווילקאָמירער גאַס, וווהין דער שטאָלענער העלם האָט אונדז געפירט, האָב איך דערזען, ווי מע פירט אויך אַנדערע מאַכנעס.

אַף אויף ווילקאָמירער גאַס, וווּ עס איז געווען אַמאָל די „גרויסע מיל", האָט מען די קופּעס ייִדן אופגעטריבן אַפן הויף. געהייסן דאָרט וואַרטן. צום ערשטן מאָל פאַר די עטלעכע כאָדאָשים האָב איך דערזען פאַר זיך מײַנע אַלטע באַקאַנטע שכיינים און כאַווײרים פון לאַנגע יאָרן. אַלעמען האָט מען באַגײנען אַרויסגעריסן פון די הײַזער, ניט דערלויבט מיטנעמען קימאַט גאָרנישט פון די זאַכן, און גלײַך ווי די באַלעבאַטים האָבן איבערגעטראָטן זייערע שוועלן, האָט מען די טירן פאַרכאַסמעט און באַם אַרײַנגאַנג אַרופגעקלעפּט אַ צעטל:

„דויטשעס אײַגענטום!"

דער הויף האָט געפּלײצט מיט ייִדן. ערשט-געבוירענע קינדער, גויסעסדיקע זקיינים, טראָגעדיקע פרויען — אַלץ איז אופגעמישט אין דעם קאָכיקן קעסלגרוב. די געיאָגטע האָבן ניט געוויינט. דער ערעוו געטאָ האָט אויסגעברענט די טרערן, פאַרשטיינערט די געפילן. מע האָט דערשפּירט דעם שוידער פון דער צײַט. דערשמעקט, אַז עפּעס גרייט זיך.

איך דערמאָן זיך אַ פרוי מיט אַ בלייכן אויסגעצויגענעם פּאָנעם. זי איז געשטאַנען מיט אַ קינד אַף איר אָרעם לעבן פּאַרקאַן און אַרויסגעקוקט צו איר הויז. דאָס קינד האָט געוויינט, האָט אויסגע-שטרעקט די הענטלעך איבערן פּלויט, וווּ עס איז געשטאַנען דער וועכטער, וואָס האָט געהיט די געפאַנגענע. דער וועכטער האָט געגעסן עפּל. ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַן עפּל און גע-געבן דעם קינד. דאָס קינד האָט אופגעהערט וויינען און זיך גענומען צו דעם עפּל. די פרוי האָט אַרויסגעריסן בא דעם קינד די מאַטאָנע און אַף צוריק אַ וואָרף געטאָן צו דעם וועכטער. דער-בײַ האָט זי געזאָגט:

— איך דארף ניט פון א מערדער קיין ראכמאָנעס!

נאָך עמעץ איז געזעסן אײַנגעבויגן אף א שטיין, די פינגער אײַנגעוואקסן אין באָרד, און איבערן הויף האָט זיך געטראָגן זײַן ניגן פון טילים.

עס האָט זיך דערהערט א פײַף. צוויי אָפיצערן, א דײַטשישער און א היגער, זײַנען ארײַן אין הויף און געהייסן אלעמען זיך אויס-שטעלן צו פיר אין א ריי. דער היגער האָט אונדז געזאָגט, אז דאָס פירט מען אונדז אין געטאָ.

מע האָט גענומען זיך רירן. בא די זײַטן האָט אונדז ארומגע-רינגלט פאָליציי.

אפן וועג זײַנען צוגעקומען נאָך מענטשן פון די שכיינעסדיקע געסלעך. פאָליציי, באגלייט מיט ספעציעלע אָנווײַזער, איז געלאָפן פאָרויס און ארויסגעטריבן יענע, וואָס זײַנען נאָך געווען אין די הײַזער. א סאך יידן, וואָס ביז אצינד זײַנען זיי געלעגן אין בא-הалטענישן, האָבן זיך דערוווסט, אז מע פירט אין געטאָ. זיי האָבן מוירע געהאט אליין צו בלײַבן. עס איז ארויס א קלאנג, אז נאָך דעם, ווי מע וועט ארײַנטרײַבן אין געטאָ, וועט מען פארברענען די יידישע הײַזער. דעריבער זײַנען זיי ארויס פון דער פינצטערניש און זיך גע-שטעלט אין די רייען. זיי האָבן אויסגעזען ווי גייענדיקע מייסים.

א געקומענער פון שטאָט איז אף א ווײַל ארײַנגעשפרונגען צו אונדז אין דער מאכנע און דערציילט:

— עס זײַנען פאראן צוויי געטאָס: אף רודניצקער גאס און אף דער יידישער. אָבער ניט אלע ווערן אהין געפירט. גאנצע גאסן מיט הונדערטער און טויזנטער מענטשן פירט מען ניט אין געטאָ, נאָר אין דער לוקישקער טורמע.

פארבײַגייענדיק אונדזער הויז, אף ווילקאָמירער 14, האָב איך דערזען מײַן מאמע. זי איז געשטאַנען אפן באלקאָן אָנגעלענט אָן פארענטש, מיטן גראָבן קאָרבן-מינכע אונטערן אָרעם, מיט א פּעקעלע בא דער זײַט, און ניט געוווסט וואָס צו טאָן: ארונטערגיין און זיך אָנשליסן אָן דער ריי אָדער ווארטן, ביז די פאָליציי וועט ארונטערפּיאָגן. זי איז געשטאַנען צעטומלט אפן באלקאָן, און אירע פארטרערטע אויגן האָבן מיך געזוכט צווישן אוילעם. מיר האָבן זיךביידע דער-זען. דער וועכטער האָט אָבער ניט געלאָזט זיך אָפּשטעלן.

ווען די מאכנע איז געקומען אף דער גרינער בריק, האָב איך דערזען, ווי בארג-אראָפּ פון קאלווארייער גאס גייט א צווייטע מאכנע, נאָך גרעסער ווי אונדזערע. זי ווערט אויך געפירט אין א קייט פון פאָליציי.

אפ דער גרינער בריק האָבנ אלע דערשפירט, אז אָט דאָ וועט זיכ אנטשיידנ אונדזער גוירל. אויב מע וועט פירנ פאָרויס, דורכ ווילנער צו מיצקעוויטש-גאס, איז א סימענ, אז מע וועט קומענ אינ געטאָ. אויב מע וועט די מאכנע פארקערעווענ רעכטס, צו דער לוקישקער טורמע, איז א סימענ, אז מע פירט צו אנ עקזעקוציע.

באם אריבערגיינ די גרינע בריק האָט אפ א מינוט זיכ אָפּגעשטעלט דאָס הארצ. וואוהינ וועט מענ פירנ? איינ טראָט, פינפ טריט, צענ. מע האָט אוועקגעפירט פאָרויס. מע האָט געציילט. די הינטערשטע האָבנ געטראָטנ אפ די פיס. געוואָלט וואָס גיכער אריבערגיינ דעמ וועג. זיינ וואָס וויטער פונ דער לוקישקער טורמע.

איכ האָב אומגעדרייט דעמ קאָפּ, געוואָלט ויסנ, וואָס איז מיט דער גאס הינטער אונדז. איכ האָב דערזענ, ווי די הונדערטער, אינ א שפאלער פונ גלאנציקע באגנעטנ, ווערנ פארקערעוועט אפ רעכטס צו דער לוקישקער טורמע.

* * *

מע האָט געפירט אינ געטאָ וועדליק א גענויעמ פלאנ. א סאכ גאסנ האָט מענ גלייכ טאקע אָנשטאָט געטאָ אוועקגעפירט צומ טויט. פאָלגנדיקע גאסנ זיינענ צו דער געטאָ ניט דערגאנגענ: מיצקעוויטש-גאס, טאַרטאקי, פּאָרטאָווע, ביידע פּאָהולאנקעס, קאלווארייער (פונ 50-טנ נומער ביז נומער 1 זיינענ דערגאנגענ), פירמאָנט, א טייל זוועריניעצ, ווענגלאָווע, אנטאָקאָל, אא., צוזאמענ בא א צענ טויזנט מענטשנ.

קומענדיק צו מיצקעוויטש-גאס, האָב איכ דערזענ אנ אויסטערליש בילד: בא א צוואנציק מענטשנ, אנדערע האלב-נאקעטע, אנדערע אָנגעטאָנ אינ מעשוגאָימ-העמדלעכ, מיט ווילדע אויפגערייצטע פּענעמער, האָבנ מארשירט פאָרוויינ אפנ ברוק, אונ בא דער זייט האָט געשפאנט א דייטשישער אָפיצער מיט מעדאלנ אפ דער ברוסט. דאָס זיינענ געווענ די ייִדישע מעשוגאָימ פונ אנטאָקאָלער שפּיטאָל.

די דייטשנ האָבנ זיי ארומגעפירט איבער דער גאָרער שטאָט, קעדיי צו ווייזנ פאר דער ניט ייִדישער באפעלקערונג די ייִדישע ראסע. די מעשוגאָימ האָט מענ אָנגעשלאָסנ אָנ דער שפּיצ פונ אונדזער מאכנע. פאָרויס איז געפאָרנ אנ אווטאָ מיט א גרויסנ האקנקרייצ, אונ א פילמ-אָפּעראטאָר האָט פארייביקט דאָס בילד.

אויכ אנדערע גאסנ האָבנ זיכ אָנגעשלאָסנ אָנ אונדזער מאכנע. יונגע מענער זיינענ דאָרט געווענ ווינציק. די כאפּונעס האָבנ זיי אויסגעכאפּט נאָכ פריִער. דעריקער זיינענ דאָס פרויענ, קינדער אונ זקיינים. עס האָבנ זיכ מיטגעשלעפּט אויכ קראנקע אונ קאליקעס,

ארויסגעטריבענע פונ די שפיטעלער. אינ זייערע בלויע שפיטאָל־קליידער האָבנ זיי דער פראָצעסיע צוגעגעבנ א באזונדערנ אומהיימלעכנ אויסזענ.

אפ דײַטשישער גאס לעבנ פונקס ביכער־קראָמ האָבנ א בלענד געטאָנ צוויי ווײַסע טויערנ: איינער לינקס, אפנ ראָג יידישער אונ דײַטשישער, דער צווייטער רעכטס — אפ גיטקע טויבעס זאווולעק. די טויערנ זײַנענ געווענ פארמאכטע. ארומ אונ ארומ איז געשטאנענ פאָ־ליציי. די באוועגונג איז געווענ אָפּגעשטעלט. בא די טויערנ האָט אונדז אָפּגעוואַרט הערינג, שווײַנענבערגס אדיוטאנט, א געלער אויס־געצויגענער דײַטש מיט א שארבנדל אפנ היטל. ער האָט געשלײַדערט מיט די פויסטנ הינ אונ הער, ווי א שיקערער דיריגענט. דאָס האָט ער אָנגעוויזנ, וווהינ די יידנ זאָלנ גיינ — אינ דער ערשטער געטאָ אָדער אינ דער צווייטער. רעכטס איז געווענ די ערשטע, לינקס די צווייטע. עס האָט זיי פאנאנדערגעטיילט די דײַטשישע גאס.

דורכ די אָפּגעבויגענע ברעטער פונ דעמ הילצערנעמ ניט פאר־ענדיקטנ טויער האָט מיכ א פוס ארײַנגעשטופּט אינ גיטקע טויבעס זאווולעק — דאָס פאָדערהויז פונ דער ערשטער געטאָ.



דער טויער פונ ווילנער געטאָ אפ רודניצקער גאס.

# הינטערן טויער

## דאָס פּאָנעם פון געטאָ

איך בין געשווומען אין דעם קאָכעדיקן מענטשן-שטראָם און האָב ניט געקענט זיך אָפּשטעלן. ניט געפונען קיין ברעג, קיין אָנהאלט. ייִדן מיט שמאַטעס און פּעק זײַנען געלאָפן איבער די הויפן און פאַרכאַפּט וווינונגען. די וווינונגען זײַנען געווען פרײַע. דאָס האָט שווײַנענבערג מיט א וואָך צוריק אַרויסגעריסן פון דאָרט די אײַנוווי-נער און זיי פאַרשלעפּט אין טורמע. די ניט-ייִדישע באַפעלקערונג, וואָס האָט געוווינט אין דעם קוואַרטאַל פון דער געטאָ, האָט פריער, אינמיטן דער נאַכט, זיך געמוזט אַרויסקלײַבן.

איך האָב דערזען די דיכטערין לייע רודניצקי. זי איז געשווומען ווי איך אינעם האַמון. מיר האָבן בײדע זיך אויסגעקניפּלט פון אוילעם און זײַנען אַרײַן אין „מײַערקס הויף", וווּ ס'האָט געוווינט אַמאָל מאָטקע כאבאד. אירע ערשטע ווערטער זײַנען געווען: זיי וועלן לענינגראַד ניט נעמען!

אַפּ לידסקע גאַסל האָבן מיר געפונען א וווינונג. מיר זײַנען געווען נאַיִוו — געמיינט, מע וועט זיך קענען אָפּרוען. די דירע איז געווען א ליידיקע. די רעשטלעך פון דער באַלעבאַטישקײַט האָבן זיך געוואַלגערט אַפּ דער ערד. אַפּ א שטול אין א ווייקשאַפט האָט זיך געזאַלצן פלייש, אין א לאַבן ברויט האָט געשטעקט א מעסער, און אַפּן טיש איז געשטאַנען א גלאָז טיי, וואָס שווײַנענבערג האָט ניט געלאָזט אויסטרינקען דעם באַלעבאָס פון דער וווינונג.

איך האָב זיך געלייגט אַפּ א שטרויענעם געלעגער און אויפגע-קליבן די געדאַנקען. וווּ בין איך? וווּ איז מײַן פרוי? וווּ איז די מאַמע? דער טאָג האָט זיך געצויגן לאַנג, ווי א יאַם, וואָס מע זעט דעם ברעג ניט. עס איז ערשט איצט דרײַ אַזייגער. דער קאָפּ ברענט. איך ווער פאַרסאַרפּעט. איך האָב געפונען א קרוג וואַסער. אַראָפּ-געגאָסן אַפּן קאָפּ. מיר איז געוואָרן לײַכטער. איך האָב א פאַל גע-טאָן אַפּן שטרויענעם געלעגער און פאַרזונקען אין שלאָף.

אין אָוונט איז געקומען די דיכטערין און מיך אויפגעוועקט. מיר

איבערגעגעבן א גרוס פון דער מאמען. זי לעבט. א באקאנטער האט זי געזען אין געטא. מיר זיינען ארויף אין גאס, באגעגנט כא-ווירים, דעם ארטיסט בערעגאָסקי און שאבטיי בליאכערן. זיי דער-ציילן, אז די גאנצע געטא איז פאנאנדערגעטיילט מיט טויערן, אויך אינווייניק איז ניט מעגלעך דורכצוגיין פון איין גאס אין דער אנ-דערער. די טויערן אין געטא גופא זיינען מיר גאָר ניט געפעלן, איך האָב באשלאָסן זיך ארויסבאקומען אף רודניצקער גאס. עס איז די הויפט-גאס פון געטאָ. מיין באגלייטערן האָב איך פארלאָרן אין וועג. דורך בוידעמער און לעכער האָב איך זיך דערשלאָגן פון לידסקער געסל אין דער הויפט-גאס. אלץ נייע און נייע מאכנעס זיינען ארײַנ-געשווומען פון שטאָט. איך האָב דערזען צווישן זיי מיין פריינט קאלמאנאָוויטש — דעם באקאנטן געלערנטן, מיטארבעטער פון „ייוואָ". ער איז פארוואקסן מיט א שיטער בערדל. פון זיינע קנייטשן האָט ארויסגעקוקט דער יידישער גורל. איך האָב זיך ארײַנגעשטופּט צווישן אוילעם און אים גענומען אונטערן אָרעם.

— שאָלעם-אליכעם א יידן, וואָס מאכט איר?

קאלמאנאָוויטש האָט זיך דערפרייט, מיך געקלאפּט איבערן אקסל:

— אויב נאָר צווישן יידן — איז שוין גוט...

* * *

אף רודניצקער 6, וווּ עס געפינט זיך דער בנין פון דער רעאל-גימנאזיע, איז פול מיט מענטשן. יעדער וויל זיך ארײַנכאפּן אין א דירע אָט דאָ אפן הויף. מע זאָגט, דאָ וועט זיך געפינען דער יידן-ראט און דאָס אָרט איז זיכערער ווי ערגעץ אנדערש. דערווייל איז ניט מעגלעך דורכצוגיין. איטלעכער האָט זיך צוגעוואָרצלט צום באָדן און גיט ניט אָפּ קיין שפאן, גלייך עס וואָלט זיך אונטער זיים גע-פונען אן אוצער. איך זע אן אלט פּאָרפאָלק. ביידע ליגן אף א וועגעלע און קוקן אף דער געטאָ. ביידע זיינען פאראליזירט. ווי נאָר עס איז ארײַן די פּאָליציי ארויסצוטרײַבן פון דער דירע, האָט זיי אָפּגענומען די הענט-און-פיס. א קאָרעוו האָט זיי ארײַנגעלייגט אין א וועגל און געבראכט אהערצו. איך האָב געוואָלט זיי העלפן. גע-פרעגט זייער פארלאנג. דער אלטער האָט א צוק געטאָן מיט די ליפּן און שטיל, אָבער גענוג דייטלעך ארויסגערופן:

— גיט מיר סאם!

איך האָב זיך דערוווּסט, אז זייער פאמיליע איז בראנאָווסקי.

די אקטריסע וויטאלינא האָט מיך געצויגן פאר דער האנט.

— קומט מיט מיר, א דירע האָט איר שוין? איך האָב נאָך א פרײַ אָרט. מע וועט עס אויסכאפּן.

אפ דעם זעלבן הויף, אין דער וווינונג פון כויכער שטשיבוק, האָב איך זיך אײַנגעמאָשטשעט אין א ווינקל. דער באלעבאָס, וואָס האָט דאָ געוווינט פון פריער, האָט זיך שטארק געברוגעזט אפ זײַנע נײַע, ניט געבעטענע קוואַרטיראנטן. דער אַלטער שטשיבוק איז זאָך דערווײַל באלעבאָס. עס האָט קיינער קיין רעכט ניט אָנצירירן זײַן אייגנטום. פון דער וואנט הענגט נאָך אראָפּ זײַן פּאָרטרעט מיט די לעבעדיקע פארדרייטע וואָנצעס, וואָס קוקן אפ דער וועלט מיט גאדלעס און האָנאָר.

עס איז געוואָרן טונקל. איך לויף איבער הויף און געסלעך צו געפינען מײַנע נאָענטסטע. די געטאָ איז גרעסער, ווי איך האָב געמיינט. רודניצקער גאס, אָשמענער, שפּיטאָל-גאס, דיסנער, שאוולער, סטראשון-גאס, לידסקע און דרײַ הויפן פון קארמעליטן-גאס. דאָס אלץ איז אונדזער „אייגנטום", ניט אומעטום איז אָבער מעגלעך דורכצוגיין. סטראשון-גאס איז פארשפּארט מיט א טויער. לידסקע האָט ביכלאל ניט קיין דורכגאנג. מע קען אהער צוקומען נאָר דורך די בוידעמער. צו די דרײַ הויפן אפ קארמעליטן-גאס האָבן די יידן דורכגעהאקט ווענט דורך נומ. 6, 14 און 16 פון רודניצקער גאס. אפ שפּיטאָל-גאס באגעגנט מיך ליבע גראדע, די פרוי פון דעם דיכטער כאַים גראדע. זי ארבעט אין יידישן שפּיטאָל, וואָס גייט ארײַן אין געטאָ. זי איז א קראנקן-שוועסטער. זי פירט מיך ארײַן אפן שפּיטאָל-הויף און ברענגט פאר מיר א קוביק מילך. מע טראָגט א פארסאמטן. עס איז דער אלטער ד"ר גערשוני. איך טרינק די מילך און ווארג זיך.

דעם טויער, וואָס פארצוימט סטראשון-גאס, האָבן שוין הענט אופגעריסן. איך טראָג זיך אהין. אפן הויף, וווּ עס איז געווען ניט לאנג דער ערשטער יידנראט, זיצט דער לערער טורבאָוויטש, אָנגעלענט אָן א בערגל שטיינער און פארשרײַבט עפּעס אין א ביכל. דאָס פירט ער א טאָגבוך. אפ סטראשון-גאס 1 האָב איך געפונען מײַן מאמע. אין א כאָרעוו הויז, בא דער שײַן פון זון-פארגאנג, איז זי געשטאנען און געדאוונט. אפן קיך האָט זיך געווארעמט טיי. די שכיינים האָבן געגרייט עסן. א מיידל מיט א שפּיגעלע אין האנט האָט זיך געפארבט די ליפן. מע האָט געלאכט, געוויינט, געצימעוועט זאָכן. דאָס הויז ברענט, און דער זייגער גייט ווײַטער.

* * *

עס איז געווען א ליכטיקע נאכט. איך האָב ניט געקענט איינ־שלאָפן. געוועקט איז די פרוי, וואָס האָט גערעדט צו איר שאָכן: „די ערשטע נאכט אין געטאָ איז ווי די ערשטע נאכט אין קייווער". איך בין אראָפּ מיט די טרעפּ אפן הויף. אפ די גאסן זיינען געלעגן קופּעס מענטשן. ניט פאר אלעמען האָט געסטייעט דירעס, איז מען געלעגן אפ דער ערד, ווי פיש ארויסגעשלײַדערט אפ א זאמדיקן ברעג...

לעבן יאָגיכעס' קלויז האָב איך באגעגנט קאלמאנאָוויטשן. אויך ער האָט ניט געקענט איינשלאָפן. ווי איך, איז ער אראָפּ זיך צוקוקן צו דעם כורבן. מיר זיינען געגאנגען צוזאמען. איך האָב מוירע גע־האט אויסצורײדן א וואָרט, צו באליידיקן די שטילקייט. אפ רודניצ־קער 4, לעבן הילצערנעם טויער, איז געלעגן אפ א ביסל שמאטעס א האלב־נאקעטע פרוי און זיך געוואָרפן אין פאליקע. די לעוואָנע האָט באלויכטן אירע צעווינטיקטע האָר און מיט א גרינעם אומהיים־לעכן קאָליר באפארבט אירע באקן.

## די צווייטע פּראָוואָקאציע און דער צווייטער ייִדנראט

אפ מאָרגן האָט מען זיך דערוווסט נייעס. אלע מענטשן, וואָס זיינען געווען אפ לידסקע, האָט שווייגנענבערג באנאכט ארומגערינגלט מיט כאפּונעס און אלעמען אוועקגעפירט אין דער ריכטונג צו פּאָנאר. א קליינעם טייל האָט מען אפ מאָרגן צוריק געבראכט און ווידער זיי ארייגעשפּארט אין דיביידע געטאָס. דאָס איז געטאָ געוואָרן צו באַרויִקן און פארטומלען דעם אוילעם, קיינער זאָל ניט וויסן, צי זיינע נאָענטע האָבן זיך אומגעקערט אָדער ניט. גיין פון איין געטאָ אין דער אנדערער איז געווען פארבאָטן.

דאָס אוועקנעמען די ייִדן פון לידסקע האָט מען אָנגערופן די צווייטע פּראָוואָקאציע. צוזאמען האָט מען דאָרט אויסגעריבט בא א צוויי טויזנט מענטשן. ווען א הונדערט האָבן זיך אָבער אומגעקערט צוריק, איז געוואָרן די שטימונג א בעסערע.

דעם זעלבן טאָג האָט מורער באשטימט א ייִדנראט. בעראָש איז געוואָרן אויעקגעשטעלט יאקאָוו גענס, א געוועזענער אָפיצער פון דער ליטווישער ארמיי, א ייִד פון קאָוונע. צום ייִדנראט האָבן גע־הערט: אנאטאָלי פריד, אינזשעניר בוכמאן, אדוואָקאט מילקאָנאָוויצקי, פישמאן און גריגאָרי יאשונסקי.

דער ייִדנראט איז געווען פאראנטוואָרטלעך פאר דער אָרדענונג אין געטאָ. גענס האָט געשאפן אן אָרטיקע פּאָליציי, ער האָט אָרגא־

ניזירט די אדמיניסטראציע אינ געטאָ, געשאפנ א מינ סטרוקטור פאר דעמ מעשונעדיקנ צושטאנד.. ער האָט אויסגעקליבנ צוגעפאסטע יונגעלייט, זיי אָנגעטאָנ אפנ ארבל בלויע טאשמעס מיט ווייסע מאָגנ־דאָווידס און פונ היינט און ווייטער האָט מענ זיי געמוזט פאָלגנ, אויספירנ אלע זייערע באפעלנ. קעדיי מע זאָל פאָלגנ אפ אנ עמעס, איז אפ לידסקע געסל געעפנט געוואָרנ א טורמע און צו דער טורמע דריי פאָליציי־קאָמיסאריאטנ. פאר יעטווידער זינד, ווי גיינ אינ א פארקערטער ריכטונג, גיינ שפעטער ווי די באשטימטע שאָ אָדער פאר שטערנ די רו — איז מענ געוואָרנ באשטראָפט מיט געלט אָדער מיט ארעסט. מע האָט אפילע געשאפנ אינ געטאָ א געריכט מיט א גענויעמ שטראָפ-קאָדעקס און ספעציעלע מאלבושימ פאר די פארטיידיקער און פראָקוראָר.

* * *

דער יידנראט האָט שוינ דייטלעכ געזענ, אז די שפיל איז צומ טייוול. ער האָט געוווסט, אז די שכיטע האָט זיכ אריבערגעטראָגנ אינ ווייסרוסלאנד און אז דער ציל פונ די דייטשנ איז אונדז אלעמענ אויסצוראָטנ ביז איינעמ. גענס האָט געמיינט, אז אימ וועט זיכ איינגעבנ צו באפרייענ א טייל איינוווינער פונ געטאָ. ער האָט געשפילט אפ דער צייט. געוואָרט, עס זאָל זיכ דערנענטערנ דער פראָנט, די דייטשנ זאָלנ ניט באווייזנ אויסצופירנ זייער רעציכע. ער האָט געגלייבט מורערנ און ווייסנ. דער לעצטער פלעגט קומענ צו אימ אינ געטאָ אפ מיניק. די צוויי טאליאָנימ האָבנ גענסנ פארזיכערט, אז די ווילנער געטאָ וועט מענ ניט ליקווידירנ. גענס האָט געגלייבט און פלעגט דורכויס איינריידנ דעמ אוילעמ, מע זאָל גוט ארבעטנ, ווייל די געטאָ האלט זיכ נאָר אראנק דער ארבעט. ער האָט געשאפנ אינ געטאָ ווארשטאטנ, אופגעבויט פאכשולנ, די יוגנט זאָל זיכ אויסלערנענ א פאכ.

די יידישע פאָליציי, וואָס צומ גוטנ קאָנ מענ זי ניט דערמאָנענ, פלעגט מאכנ אינ די נעכט רעוויזיעס און צונעמענ דאָס געפונענע גאָלד און די ווערטפולע זאכנ. מיט דעמ האָט גענס אונטערגעשמירט זיינע דייטשנ. א סאכ מאָל האָט ער בא זיי געפויעלט און האָט ארויסגענומענ פונ טורמע געפאנגענע שוינ ערעוו דער עקזעקוציע. גענס האָט ניט פארשטאנענ, אז ער איז בלויז א ווערקצייג אינ די הענט פונ דער געסטאפאָ, אז וועלנדיק העלפנ יידנ, העלפט ער אינדערעמעסנ די דייטשנ אומצוברענגענ די געטאָ.

# א בינטל געזעצן

די ערשטע פֿאַראָרדענונג, וואָס מורער האָט אַרײַנגעשיקט אין געטאָ דעם ייִדנראַט, איז געווען: מאָרגן אינדערפֿרי דאַרף אויפֿן געטאָ-טויער הענגען אַ שילד: „אַכטונג! יודען-פֿירטעל, זעוכע-געפֿאַר! אײַנטריט פֿיר ניט-יודען פֿערבאָטען!" אַ צווייטע מעלדונג אויפֿן טויער האָט געדאַרפֿט וואָרענען, אַז עס איז פֿאַרבאָטן אַרײַנצוטראָגן אין געטאָ יעטווידער מין שפּײַז און האָלץ.

אין מעשעך פֿון דער זעלבער נאַכט האָט מען געמוזט מורערן צושטעלן אַ רעשימע: וויפֿל אײַנוווינער עס געפֿינען זיך אין געטאָ, זייערע יאָרן, פֿאַכן, אַדרעסן און צי זיי האָבן שײַנען, אַז זיי אַרבעטן.

דער אוילעם האָט ניט געוווּסט, ווי איז בעסער: רעגיסטרירן זיך צי ניט. די, וואָס האָבן געהאַט שײַנען, האָבן זיך מערכטנס רעגיסטרירט. די, וואָס האָבן קיין שײַנען ניט געהאַט, האָט מען אויף מאָרגן געצוווּנגען אַריבער אין דער צווייטער געטאָ. נאָר ווען די ווײַבער און קינדער זײַנען קאָלאָנעסווײַז אַרויס דורכן טויער אין ריכטונג צו דער צווייטער געטאָ, אויף דער אַנדער זײַט גאַס, זײַנען זיי אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ קאָרדאָן פּאָליציי, און קיינמאָל האָט מען זיי שוין מער ניט געזען. אַ טייל נאָר האָט מען אַרײַנגעפֿירט אין דער צווייטער געטאָ, כּדי דער אוילעם זאָל ניט וויסן, ווער עס לעבט און ווער ניט.

פֿון דער צווייטער געטאָ ווידער האָט מען פֿאַרלײַט באַפֿוילן צו גיין אין דער ערשטער געטאָ. זיי זײַנען אָבער אַהין ניט געקומען. אויך זיי האָט מען שוין מער ניט געזען.

עס איז ניט מעגלעך אויסצורעכענען די סעריעס געזעצן און באַפֿעלן, וואָס זײַנען אָנגעקומען פֿאַר דער געטאָ. איך וועל בלויז פּרווון ברענגען אַ קליין בינטל, און זאָל אַ נאָרמאַלער מענטש פּרווון עס באַנעמען:

ייִדן טאָרן ניט קוקן דורך פֿענצטער, וואָס גייען אַרויס אויסער דער געטאָ. דעריבער מוזן די פֿענצטער גוט פֿאַרקלאַפּט זײַן אָדער פֿאַרשמירט אויף טונקל;

ייִדן איז פֿאַרבאָטן צו ריידן וועגן פּאָליטיק;

ייִדן טאָרן ניט ריידן דײַטש;

כּאַרן האַנדלען אָדער ריידן מיט אַ ניט-ייִדן ווערט אַ ייִד דערשאָסן;

ייִדן טאָרן ניט טראָגן קיין וואָנצעס (כּדי מע זאָל לײַכטער דערקענען דעם ייִדן, ווען ער גייט אין שטאָט);

עס איז פֿאַרווערט צו עסן פֿעטס;

יִדישע פרויענ טאָרנ זיכ ניט פארבנ די האָר, די ליפּנ;
מע טאָר ניט דאַווענענ, מע טאָר זיכ ניט לערנענ;
פונ א זעקסיעריק קינד ביז א זאָקנ דארפ יעדער טראָגנ געלע לאטעס, סײַ אינ געטאָ, סײַ אויסערנ געטאָ. דערבײַ מוזנ די לאטעס זײַנ גוט צוגענייט אפ אלע שפיצנ, אונ מע דארפ זיי טראָגנ אפ דער לינקער זײַט ברוסט אונ אפ דער פּלייצע;

אז א דײַטש קומט ארײַנ אינ געטאָ, מוז מענ פאר אים אראָפּנעמענ דאָס היטל. דערבײַ טאָר מענ זיכ ניט נייגנ אונ זאָגנ „גוט-מאָרגנ";

עס איז פארווערט ארײַנצוטראָגנ אינ געטאָ בלומענ;
יִדישע פרויענ טאָרנ ניט געבוירנ. אויב א פרוי וועט געבוירנ; וועט זי געטייט ווערנ צוזאמענ מיטנ קינד.

ווענ געסטאפּאָ האָט אָפיציעל געמאָלדנ דעמ דירעקטאָר פונ געטאָ-שפּיטאָל ד״ר סעדליס, אז פונ בערלינ איז אָנגעקומענ א געזעצ, וואָס פארבאָט יִדישע פרויענ צו געבוירנ קינדער, איז אינ געטאָ פארגעקומענ אנ עמעסע צערודערונג. מע האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָנ מיט די טראָגעדיקע פרויענ, מיט די ערשט-געבוירענע אייפעלעכ. מאמעס זײַנענ אוועק געבוירנ מיטנ באוווּסטזײַנ, אז זייערע קינדער וועט מענ פארסאמענ. אָבער אויכ אָט דעמ געזעצ האָט מענ געפרווּווט שפּעטער גוּיווער זײַנ. מע פלעגט באהאלטנ די נײַ-געבוירענע גלײַכ פונ בראָכשטול אינ א פארמאסקירטנ צימער. באנאכט פלעגנ די מאמעס אהינ שטילערהייט ארײַנקומענ אונ געבנ זויגנ די קינדער. ווענ די קינדער זײַנענ עטוואָס אויפגעוואקסנ, האָט מענ זיי אינ די אָפיציעלע געטאָ-אמטנ פארמאָלדנ עלטער, ווי זיי זײַנענ.

די ראנגלעניש פונ דער יִדישער פרוי פאר געבוירנ אינ געטאָ א קינד, עס זאָל זײַנ א טרייסט נאָכ די אומגעקומענע עלטערנ, נאָכנ דערמאָרדעטנ מאנ, אונ עס זאָל אופהאלטנ דאָס ווײַטערדיקע לעבנ אונ די צוקונפט פונ א פאָלק — האָט אָנגעהאלטנ אינ געטאָ ביז די לעצטע טעג. אונ אומפארגעסלעכ איז דאָס בילד, ווענ בלייכע מאמעס מיט נײַ-געבוירענע קינדער אפ די הענט, געבוירענע קעגנ דײַטשישנ געזעצ, אויסבאהאלטענע אינ גריבער, אפ בוידעמער, אינ היילנ, זײַנענ געשלעפט געוואָרנ דורכ די געסלעכ צומ טויט.

## די צעטומל-קאָלירנ

גלײַכ ווי די דײַטשנ זײַנענ ארײַנ אינ ווילנע, האָט זיכ אָנגעהויבנ א כאפּעניש אפ יִדישע מענער. מע האָט זיי געשלעפט אפ

פארשיידענע ארבעטנ. קעדיי מע זאָל די ארבעטנדיקע אפנ גאַס ניט ארעסטירנ, האָבנ זיי פונ זייערע ארבעטסגעבער באקומענ שייַנענ. אפנ שייַנ איז געווענ א פאָטאָגראפיע פונ דעם ארבעטנדיקנ ייִדנ: א שייַנ מיט א פאָטאָגראפיע האָט זיכ גערעכנט פאר א גוטנ שייַנ. גלייַכצייַטיק זייַנענ געווענ שייַנענ אָנ פאָטאָגראפיעס.

נאָכ די שייַנענ מיט די פאָטאָגראפיעס האָט מענ אָנגעהויבנ ארויסגעבנ „ווייַסע שייַנענ", באשטעטיקטע פונ ארבעטס-אמט אינ ווילנע. דער שייַנ איז געווענ ביז א טערמינ. דאָס הייסט, ביז דעם טאָג „טאָר" מענ דעם ייִדנ ניט שיסנ. אלע מענער, וואָס האָבנ צו יענער צייַט ניט געהאט קיינ ווייַסנ שייַנ, זייַנענ פארשלעפּט געוואָרנ צומ טויט דורכ די כאפּונעס. שפּעטער האָט מענ גאנצע ארבעטער-קאָלאָנעס אויכ מיט די ווייַסע שייַנענ אוועקגעפירט אינ פּאָנאר. די שייַנענ זייַנענ געוואָרנ א מיטל אופצוזאמלענ די ייִדנ אינ א מאסע, עס זאָל גרינגער זייַנ זיי צו פאנגענ.

ווענ מע איז ארייַנ אינ געטאָ, האָט א ווייַסער שייַנ נאָכ געמוזט אפּ זיכ האָבנ דעם שטעמפּל „פאכ-ארבעטער". קעדיי צו באקומענ אָט דעם גליקלעכנ שטעמפּל, האָט מענ געצאָלט דעם ארבעטס-אמט טויזנטער. אָבער גראָד אָט די, וואָס האָבנ געהאט די שטעמפּלענ, זייַנענ פארנארט געוואָרנ אינ דער לוקישקער טורמע.

דערנאָכ האָט זיכ אָנגעהויבנ א נייַע צעטומלעניש: אזויווי עס איז אָנגעקומענ פונ הימלערנ א באשטעטיקונג, אז די ווילנער געטאָ דארפ קלוימערשט בלייַבנ אפּ שטענדיק, האָט דער דייַטשישער ארבעטס-אמט ארויסגעגעבנ דעם ייִדנראט פאר דער ערשטער געטאָ געלע שייַנענ פאר דרייַ טויזנט פאכלייַט. די דרייַ טויזנט גליקלעכע האָבנ נאָכ רעכט ארייַנשרייַבנ אינ דאָקומענט זייערע מישפּאָכעס. געבענטשט איז דער יעניקער, וואָס האָט באקומענ פונ דעם ייִדנראט אזא געלנ שייַנ. עס איז א „לעבנס-שייַנ". אזוי האָבנ אייַנגערעדט די דייַטשנ.

ווידער האָט געלויערט א שכיטע. ווידער האָבנ זיכ ייִדנ געקליגט. יעדער האָט געמיינט, ער וועט זיכ ארויסדרייענ. מע האָט געצאָלט מיט גאָלדענע צענרובלדיקע פאר די געלע פאפּירלעכ, מע האָט נאָכגעמאכט פאלשע, זיכ צוגעשריבנ צו „גליקלעכע". מיידלעכ מיט געלע שייַנענ האָבנ אינ געטאָ כאסענע געהאט. ס'איז געווענ זייער נאדנ.

א מאמע פלעגט זיכ אויסדריקנ וועגנ איר קינד: „איכ היט עס ווי מייַנ געלנ שייַנ".

דעם 24-טן אָקטיאבער 1941 האָט זיך אָנגעהויבן אין געטאָ א שכיטע אפ די, וואָס האָבן ניט קיין געלע שײַנען. די, וואָס האָבן שײַנען, האָט מען געהייסן צוזאמען מיט זייערע מישפּאָכעס אוועקגיין אפן אָרט פון ארבעטס־פּלאץ און איבערוואַרטן די שכיטע.

קעדיי מע זאָל דורכלאָזן א מישפּאָכע-מיטגליד דורכן טויער, האָט ער געמוזט האָבן א האַרט בלוי צעטל — אין פאָרם פון א ווי-



א טייל פון די צעטומל־קאָלירן: דער „גוטער" שײַן מיט דער פאָטאָגראפיע; א ווײַסער שײַן: דער ווײַסער שײַן מיטן שטעמפּל „פאכ־ארבעטער"; דער געלער שײַן; דער בלויע־ שײַן; דער ראָזער שײַן; דאָס בלויע קארטעלע, מיט וועלכן מע האָט דורכגעלאָזן דורכן געטאָ־טויער צו דער ארבעט די „צוגעשריבענע" צו א געלן שײַן־באזיצער אין די שכיטע־טעג פון די געלע שײַנען. אזא קארטעלע האָט באטײַט א לעבן; א געלע לאטע; א פּאס פון אן אָנערקענטן געטאָ־בירגער; דאָס בלעכענע נומערל, וואָס מע האָט געטראָגן אפן הארצן (גאָר אין דער הייך).

זיט־קארטל, מיט א דײַטשישן שטעמפּל. קינדער האָבן זיך גערעכנט בלויז ביז 16 יאָר. אָן עלטערן האָט מען דורכן טויער ניט דורכגעלאָזט און צוגענומען דאָס צעטל. אין א פּאָר טעג ארום, ווען אין געטאָ איז שוין געוואָרן דורכגעפירט די שכיטע, האָבן די, וואָס פארמאָגן געלע שײַנען, זיך אומגעקערט אין געטאָ.

דעם 3-טן נאָיאבער 1941 איז ווידער געווען א פאראָרדענונג, אז אלע, וואָס פארמאָגן געלע שײַנען, מוזן צוזאמען מיט זייערע מישפּאָכעס אריבערקלײַבן זיך אין דער צווייטער געטאָ. דאָרט זײַנען זיי אָפּגע-

ווען ביזן 5־טן נאָיאבער. אין די דאָזיקע טעג האָט מען אין דער ערשטער געטאָ געקוילעט זי אלע, וואָס האָבן ניט פארמאָגט קיין געלע שיַינען. בא דער אקציע זיַינען אומגעקומען אן ערעך 8 טויזנט מענטשן.

ווען א ייִד מיט א געלן שיַין איז אוועק צו דער ארבעט, האָט ער געדארפט איבערלאָזן זיַין ווייַב א קאָפּיע פון זיַין שיַין. אניט איז זי געווען אויסגעשטעלט, די קאָנטראָליאָרן זאָלן זי מיטנעמען אין פּאָנאר.

די קאָלירן-צעטומלונג האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. יעדער איינציקער, וואָס האָט ניט קיין געלן שיַין, האָט געמוזט פארמאָגן א ראָזן פּאפּירל. דאָס דאָזיקע פּאפּירל איז גילטיק נאָר פאר דער געטאָ. ארויסגיין מיט דעם דורכן טויער קען מען ניט. עס ווערן ארויסגעלאָזט בלויז די, וואָס פארמאָגן געלע שיַינען. עס האָט זיך אָנגעהויבן א יאָגעניש נאָך די ראָזע קארטלעך. די דאָזיקע שיַינען זיַינען איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי קאטעגאָריעס: מישפּאָכע-שיַינען און שוץ-שיַינען. די מישפּאָכע-שיַינען האָבן באקומען די פאמיליע-מיטגלידער פון די „געלע". און א קליינע צאָל שוץ-שיַינען איז צעטיילט געוואָרן דורכן ייִדנראט פאר די, וואָס האָבן ניט געהאט קיין געלע שיַינען.

דעם 21־טן דעקאבער איז אין געטאָ פאָרגעקומען א כאפּעניש אף די, וואָס האָבן ניט קיין ראָזע שיַינען. די כאפּעניש האָט געדויערט דריַי טעג. דורכגעפירט האָט זי די אָרטיקע „איפּאטינגא". פון קעלערס און מאלינעס האָט מען אופגענומען בא א טויזנט נעפּאשעס און אוועקגעפירט צום טויט.

א נייַע פאראָרדענונג: צו א ראָזן שיַין מוז מען נאָך האָבן א בלויען. אניט לאָזט מען ניט ארויס צו דער ארבעט אין שטאָט. איינגיכן האָט מען אָנגעהויבן ארויסצוגעבן גרינע צעטלען. נאָך די גרינע זיַינען באָטל געוואָרן אלע שיַינען. די נייטיקע ארבעטער האָבן באקומען פּעסער, ארבעטס-ביכלעך און בלעכענע נומערן, וואָס איטלעכער האָט געדארפט טראָגן אפן האלדז. מיַין נומער איז געווען 475. די רעשימעס פון די נומערן מיט די רעשימעס פון זייערע טרעגער זיַינען געלעגן אין ארבעטס-אמט, באם געביטסקאָמיסאר און אין געסטאפּאָ. די נומערן פלעגט מען ניט ארויסגעבן אָן אן ארבעטס־ביכל.

אויך מיט די נומערן איז ניט געווען אזוי פּאָשעט. צוויי גויראָלעס האָט שפּעטער צעטיילט די באפעלקערונג: נידעריקע נומערן און הויכע נומערן. אין אווגוסט 1943 האָט זיך אָנגעהויבן אן אויסראָטונגס-אקציע אף די הויכע נומערן: פון נומער צען טויזנט און ווייַטער. די איבעריקע נומערן האָבן אין יענע טעג ניט געליטן.

די סיסטעם מיט די קאָלירטע שיַינען, נומערן און ביכלעך איז געווען דאָס אויסגעפינס פון נויגעבויערס קאבינעט. די קאָלירן זיַינען

געווען ניט צופעליק. דער ציל איז געווען — צעטומלונג. די רעזול־טאטן פון די קאַלירטע פאַפּירלעך זײַנען ענלעך צו א פּסיכישער לופט־אטאקע, וואָס די דײַטשן האָבן אָנגעווענדט אין די ערשטע מילכאָמע־טעג. אזא אטאקע באשטייט דערין, וואָס באנאכט לאָזט זיך אראָפּ נידעריק אן אעראָפּלאן און נעמט ווארפן אפ א באפעלקערטן פונקט ווירבלדיקע פּראָזשעקטאָר־שײַנען פון צענדליקער קאָלירן. די אײַנוווינער נעמען לויפן אין פאניק. בײַ אזעלכע לופט־אטאקעס גייען מענטשן ניט זעלטן אראָפּ פון זינען.

## שטורמיסטן

דעם גליקלעכן שטעמפּל „פּאַכ־ארבעטער" אפן ווײַסן שײַן האָבן באקומען בלויז עטלעכע טויזנט געטאָ־אײַנוווינער. איך האָב אזא שטעמפּל ניט געהאט, ווײַל איך בין ניט געגאנגען אף ארבעט. מײַנע באקאנטע אין געטאָ האָבן מיר געראטן, איך זאָל גיין כאָטש אף א טאָג אָדער צוויי אף ארבעט, קעדיי מע זאָל מיר אָפּשטעמפּלען דעם ווײַסן שײַן.

איך האָב געפאָלגט די אייצע פון מײַנע פרײַנט און זיך געלאָזט אוועקפירן דורך שטורמיסטן אין די קאזארמעס אפ פּיראָמאָנט, לעבן אלטן ייִדישן בעסוילעם. די גרופּע, אין וועלכער איך האָב געארבעט, איז באשטאנען פון זעקס מאן. צוויי שטורמיסטן, נאָך גאָר ייִנגלעך, האָבן אונדז געבראכט צו א קופּע באלקנס און געהייסן זיי אריבער־טראָגן אף א צווייטן הויף, דערבײַ האָבן די שטורמיסטן אָנגעזאָגט, אז יעדער ייִד מוז טראָגן א באלקן, זאלבעצווייט טאָר מען ניט.

איך האָב אָנגעלייגט אלע מײַנע קויכעס און אופגעהויבן דעם קלאָץ אף מײַן אקסל. איך בין געגאנגען און מוירע געהאט צו קוקן אפן שטעכן, וואָס טיילט מיך אָפּ פונעם אָרט, ווו איך דארף אים אוועקלייגן. אז איך בין פארבײַגעגאנגען די צוויי שטורמיסטן, האָב איך דערפילט א שניט פון א נאהײַקע און דערהערט א געשריי: „לאופען"! איך האָב געהערט, ווי סע טרעשטשען מײַנע ביינער. פון מײַן קאָפּ איז גערונען בלוט און פארטונקלט מיר די אויגן. איך האָב דערזען די וועלט דורכן קאָליר פון בלוט. פונדעסטוועגן בין איך געלאָפן. דער מעשוגענער לעבנס־קויעך האָט מיך געטראָגן פאָרויס.

אוועקגעלייגט די באלקנס אפן אָרט, בין איך אוועק צוריק. מיטן נאסן שווייסיקן העמד האָב איך אויסגעווישט מײַנע פאר־לאָפענע אויגן. די שטורמיסטן האָבן געלאכט. איך האָב געהערט, ווי איינער האָט עפּעס ארײַנגערוימט דעם אנדערן אף מײַן כעזשבן, און

ווי נאָר איך האָב זיך אײַנגעריגן אופצוהייבן די באלקע, באפעלט מיר מײַן האר, איך זאָל אופהייבן צוויי: עס איז גענוג גרינג, ער וועט מיך אויסלערנען ארבעטן. דעם זעלבן נאפעל האָט ער ארויסגעגעבן דעם אלטן שטשיבוק. עס איז דער זעלבער שטשיבוק, וואָס צו אים אין וווינונג האָב איך זיך געהאט פארקליבן באם ארײַנקומען אין געטאָ. ער האָט דעמלט אפ מיר געשריִען, וואָס איך צעברעך זײַנע וואזאָנעס. אצינד האָט ער זיך געבעטן בא די שטורמיסטן, מע זאָל אים לאָזן לעבן. ער איז שוין אלט זיבעציק יאָר. ווי קון ער אופצוהייבן אזא מאסע?

דערזען א רעוואָלווער, האָט ער פונדעסטוועגן די באלקנס אופגעהויבן. איך האָב ארופגעטאָן אפ ביידע אקסלען די באלקנס, זיי ארומגעקלאמערט מיט די הענט און געלאָזן זיך אין ווײַטן וועג ארײַן. „מע זאָל מיר נאָר ניט באפעלן לויפן״!—האָב איך א טראכט געטאָן. אָבער ווי נאָר איך בין פארבײַגעגאנגען די שטורמיסטן, האָט מיך ווידער א שמיט געטאָן די נאהײַקע, און ווידער: „לאופען!״

איך האָב געפילט, אז איך וועל ניט אויסהאלטן: עס ברעכן זיך די אקסלען. פארוואָס לויף איך? פארוואָס גיב איך נאָך די שטורמיסטן? אלציינס האָב איך מער קיין קויעך ניט. נאָך א רעגע, און דאָס הארץ פלאצט מיר. איך האָב א שלײַדער געטאָן די באלקנס און גענומען לויפן. ניט לויפן, נאָר אנטלויפן. די שטורמיסטן זײַנען געווען פארנומען מיט שטשיבוקן. ער איז געלעגן אפ דער ערד אונטער די באלקנס און קוים געזשיפעט. לויפנדיק בין איך ארײַנגעפאלן אין א קאלך־גרוב. שנירלעך בלוט האָבן זיך געצויגן פון מײַן לײַב און גערייטלט דעם צעלאָזענעם קאלך. איך בין דאָרט געלעגן ביז אָוונט און אנטלאָפן אין געטאָ.

* * *

די געשיכטע מיטן שטעמפל „פאכ-ארבעטער״ האָט זיך נאָך ניט געענדיקט, דעם זעלבן אָוונט האָט מען ארײַנגעשיקט אין געטאָ א מעלדונג: אלע, וואָס האָבן דעם שטעמפל „פאכ-ארבעטער״, דארפן ארויפגיין אפן הויף. ווער עס האָט ניט דעם שטעמפל, דארף בלײַבן אין דער היים.

די, וואָס זײַנען ארויף צו די טויערן, זײַנען צוריק שוין ניט ארויף.

איך בין צום טויער ניט געגאנגען. מיר האָט געקלעקט אפ הײַנט דער שטעמפל אפ מײַן פּאָנעם.

# אינ דער צווייטער געטאָ

אז קיינ צוויי געטאָס וועלנ אינ ווילנע ניט זײַנ — דאָס האָט געפילט יעדערער. קיינער האָט אָבער אפּ זיכער ניט געוווסט, וועלכע געטאָ עס וועט איבערבלײַבנ — די ערשטע צי די צווייטע. עמעס, אינ דער ערשטער זײַנענ מער פאַכ־אַרבעטער, אינ דער צווייטער גיט מענ אָבער בעסער עסנ... מישפּאָכעס האָבנ זיכ בעקיוונ צעטיילט. א העלפט איז געווענ אינ דער ערשטער, די אנדערע העלפט אינ דער צווייטער. וועט מענ איינ געטאָ ליקווידירנ, זאָל כאָטש איבערבלײַבנ פונ דער מישפּאָכע א זייכער. דערווײַל דערוויס איכ זיכ, אז דער גאַנצער הויפ, ווו עס האָט געוווינט מײַנ מאמע, איז אריבערגעוואָרפנ אינ דער צווייטער געטאָ. איכ האָב באשלאָסנ זיכ אהינ ארײַנצובאַקומענ אונ צוריקברענגענ די מאמע. עס איז געווענ ערעוו יאָמקיפּער 1941. איכ בינ ארויס מיט א קאָלאָנע צו דער ארבעט אינ שטאָט אונ זיכ צוריקגעקערט מיט אנ אנדער קאָלאָנע, וואָס איז געגאַנגענ נעכטיקנ אינ דער צווייטער געטאָ.

מײַנ מאמע האָט זיכ געגרייט צומ יאָמטעוו. זי האָט געבראַכט א טונקל קלייד, וואָס ביז איצט האָב איכ עס קיינמאָל ניט געזענ. פונעמ טונקעלנ קלייד האָט זיכ אויסגעטיילט איר גרויער קאָפּ. אויכ אזא גרויקײַט האָב איכ קיינמאָל ניט באמערקט. די האָר האָבנ אזש געבלענדט, געלויכטנ ווי א קרוינ.

מײַנ מאמע האָט ניט געוואָלט זיכ קערנ צוריק. זי האָט שוינ קיינ קויעכ ניט. אונ אכוץ דעמ איז שוינ באלד יאָמטעוו. זי קלײַבט זיכ צו קאָלנידרע. מיר האָט זי געראַטנ, איכ זאָל צוריקגיינ. דאָרט, מיינט זי, איז פאָרט זיכערער. דאָ זײַנענ דאָכ מערסטנטייל אלטע אונ קינדער. זי האָט אָנגעצונדנ ליכט, מיכ געבענטשט אונ איז אוועק צו קאָלנידרע.

* * *

איכ בינ אוועק איבער די געסלעכ. יידנ מיט קיטלענ אונטער די אָרעמס האָבנ געאײַלט אינ די קלויזנ. אינ אלע פענצטערלעכ האָבנ געפלעמלט ליכט. דעריקער איז פול געווענ אפנ שולהויפ. מע האָט געאײַלט אינ דעמ כסידישנ שטיבל, אינ דער גרויסער שול, אונ מערסטנטייל אינ גאָענס קלויז, ווי דאָרט וואָלט געווענ זיכערער, אז די טפילעס וועלנ פארנומענ ווערנ.

אפנ הויפ האָב איכ דערהערט א געזאנג. עס האָבנ זיכ געטראָגנ יידישע ווערטער. איכ בינ נאָכגעגאנגענ די קלאנגענ. זיי האָבנ מיכ ארופגעפירט אפ טרעפ. אינ א לאנגנ, שמאָלנ צימערל, אָנ פעגצטער, איז געזעסנ דער לערער יאקאָוו גערשטיינ צווישנ א קרייז מיט קינדער אונ געזונגענ מיט זיי פערעצעס ליד: „האָפּ, ניט ווייט איז עווינ דער פרילינג". גערשטיינ האָט געענדיקט זינגענ אונ מיכ הארציק ארומגענומענ:

— איר זייט דאָ?

— איכ בינ געקומענ הערנ אייער כאָר, — האָב איכ געענטפערט.

ער האָט צונויפגענומענ די קינדער נעענטער, זיי צעשטעלט אינ אָרדענונג ווערליק די שטימענ, אונ איבערנ בוידעם, איבער דער געטאָ, איבער דער גאָרער וועלט האָט זיכ צעקלונגענ:

אונ זאָל ווי ווייט
נאָכ זיינ די צייט
פונ ליבע אונ פונ שאָלעם, —
דאָכ קומענ וועט
צי פרי צי שפעט
די צייט — עס איז קיינ כאָלעם.

* * *

ווי נאָר כ'האָב זיכ ארויסגעכאפט פונ דער צווייטער געטאָ, איז אהינ געקומענ שוויינענבערג מיט דער היגער „געפּאטינגא" אונ זיכ גענומענ צו דער ארבעט. דאָס מאָל האָט ער ווידער צוגעטראכט עפעס א נייס. ער האָט דורכגעפירט די שכיטע מיט א סיסטעם: איינ הויפ האָט ער צוגענומענ, דעם אנדערנ האָט ער געלאָזנ. נאָר עס איז געווענ פאר אים ווייניק מענטשנ. ער איז געקומענ נאָכ א באשטימטער צאָל קעפ, ניט מער אונ ניט ווינציקער. איז ער אוועק אינ די קלויזנ אונ האָט אוועקגעפירט צומ טויט די יידנ אינ קיטלענ אונ טאלייסימ.

ער האָט געבראכט מאנדאלינעס אונ באכוילנ שפילנ. אפנ וועג צו דער טורמע האָט מוישע פרומקינ, א באָכער פונ אכצנ יאָר, א געשריי געטאָנ: „לאָזט זיכ ניט פירנ! צעלויפט זיכ אינ די גאסנ!" אינ דער מאכנע איז געוואָרנ א מעהומע. פרויענ האָבנ זיכ אויסגעלייגט אפנ ברוק אונ זיינענ ניט געגאנגענ ווייטער. זקיינים זיינענ געבליבנ פארשטיינערט. יוגנטלעכע זיינענ זיכ צעלאָפנ. שוויינענבערג האָט באפוילנ שיסנ. צענדליקער זיינענ געבליבנ טויטע, אונ די לע-

בעדיקע האָבן זיי געמוזט מיטראָגן. פונדעסטוועגן זײַנען היפשע זיך צעלאָפן, צווישן אנדערע אויך דער באָכער פרומקין.

די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון דער צווייטער געטאָ איז פאָר-געקומען דעם 28-טן נאָיאבער 1941.

ווען אין דער צווייטער געטאָ זײַנען שוין קיין ייִדן ניט גע-ווען, האָט זיך אין דער צײַטונג „גאָניעץ צאָדזיענני" באַוויזן א נאָ-טיץ, אז די ייִדן פון דער צווייטער געטאָ זײַנען אויסגעשטאָרבן פון עפּידעמיעס און אז די געסלעך זײַנען פרײַ פאר באַוועגונג.

## די נאכט
## פון געלע שײַנען

דעם 23-טן אָקטיאבער 1941 צוועלף באַנאכט איז אין געטאָ א מעהומע. עס איז פון געסטאַפּאָ אָנגע-קומען א באַפעל: אלע ייִדן, וואָס האָבן „געלע שײַ-נען", דארפן מאָרגן פרי צוזאמען מיט זייערע מיש-פּאָכעס אוועקגיין צו דער ארבעט.

אין דער ערשטער גע-טאָ האָבן נאָך דעמלט גע-לעבט בא 23 טויזנט ייִדן. געלע שײַנען האָבן געהאַט בלויז 3 טויזנט. צוזאמען מיט די מישפּאָכעס — ארום נײַן טויזנט. איז וואָס וועט זײַן מיט די איבעריקע? די גענוג אויסגעפּרוווטע האָבן פארשטאַנען: אַפּ די אי-בערבלײַבנדיקע אין געטאָ וועט זיך אָנהייבן א שכיטע. ווער עס האָט נאָר געהאַט א מאַלינע, איז געלאָפן זיך באַגראָבן. עס האָבן זיך מאַלינעוועט אויך א סאַך מיט שײַנען.



ווילנער שול-הויף. דאָס אלץ איז געבליבן פון דעם גאָענס קלויז.

אין א שאָ ארום נאָכן באפעל, פונקט איינס אזייגער באנאכט, איז געקומען מורער און ארומגערינגלט די געטאָ מיט קוילנוואַרפער. די מיט די געלע שײַנען האָבן זיך צוגעגרייט פעקעלעך און גע-ווארט, עס זאָל ווערן טאָג.

איך האָב קיין געלן שײַן ניט געהאט. בא מײַן פרוי איז אזא שײַן געווען. איך בין אנטלאָפן צו מײַן מאמען. זי האָט זיך גע-ראטעוועט פון דער צווייטער געטאָ, און זי איז אין א כורווע אפ סטראַשון-גאס. איר פארפײַניקט פּאָנעם האָט דערוועקט אין מיר א קויעך, נײַ בלוט ארײַנגעגאָסן אין הארץ. איך האָב זי באהאלטן אין א קעלער, דעם ארײַנגאנג צוגעדעקט מיט שטיינער, עס זאָל ניט זײַן קענטיק, און אליין מיט א האק אוועקגעלאָפן צום טויער. איך האָב באשלאָסן זיך דורכרײַסן דורך רודניצקער גאס. באם טויער האָב איך שוין געטראָפן א האַמוין. יעדער איינער האָט זיך געוואָלט דורכרײַסן, אנטרונען ווערן, כאָטש אין שטאָט איז ניטאָ קיין באהעלטעניש.

מיט דער האק אונטערן מאנטל האָב איך זיך דורכגעריסן צום טויער. איך האָב ארויסגעצויגן די האק און גענומען זעצן אין די



די סאָרטירונג בא דעם טויער פון געטאָ בײַם דער שכיטע פון די „געלע שײַנען“.

ברעטער. דער פאָליציאנט אפ דער אנדערער זײַט האָט דערהערט די קלעפ, האָט ער אנ עפנ געטאָנ דעם טויער. אינ דעם מאָמענט האָט זיכ מיר אונ נאָכ עטלעכע מענטשנ פונעם האמוינ אײַנגעגעבנ זיכ דורכצורײַסנ.

עס איז געווענ איינס באנאכט. גיינ טאָר מענ ניט. ווו איכ וועל זיכ נאָר קערנ, וועלנ מיכ פארהאלטנ פּאַטרולנ. דער איינציקער אויס-וועג — זיכ ארײַנכאפּנ אינ דערבײַיִקנ קלויסטער. די קלויסטער־טיר איז געווענ אָפנ. איכ בינ ארײַנ אונ האָב זי צוגעמאכט. איכ האָב זיכ ארונגעדרייט אפ די טרעפ אונ צוגעקומענ צו די גלעקער. ארום דער געטאָ זײַנענ געשטאנענ קוילנווארפער. ייִדנ זײַנענ ארומגעלאָפנ אינ געטאָ אונ געזוכט א באהעלטעניש.

## דורכ דער נאכטיקער ווילנע

ווי לאנג וועל איכ זיכ באהאלטנ אינ קלויסטער? אינדערפרי וועט מענ קומענ זיכ מאָדליענ אונ מע וועט מיכ געפינענ. איכ האָב באשלאָסנ זיכ לאָזנ הינטער דער שטאָט אפ זווערינִיעצ. איכ האָב אויסגעטאָנ די שיכ, די האק ארײַנגערוקט אינ גארטל אונ אפ די שפּיצ פינגער זיכ ארויסגעשארט פאזע דער וואנט.

אפנ ראָג זאוואלנע האָב איכ געטראָפנ א ייִדנ, אײַנגעוואקסנ אינ א נישע פונ א טויער. זײַנ געטאָ-פענצטער גייט ארויס אינ שטאָט, האָט ער זיכ אראָפגעלאָזנ אפ א שטריק. איצט ליגט ער דאָ מיט א צעקלאפּטנ פוס. ער האָט כאראָטע אפ זײַנ טוּנג. איכ העלפ אימ זיכ אויפשטעלנ, נעמ אימ אונטערנ אָרעמ אונ פרעג, צי ער האָט ער-געצ אינ שטאָט באקענטע. ניינ, ער האָט קיינעמ ניט. ער איז א ווארשעווער פּאָליט. איכ לייג אימ פאָר מיטצוגיינ אונ זאָג אימ די ריכטונג. דער פּאָליט איז מאסקיני. זײַנ נאָמענ איז ראָזנבוים. ער איז א ווארשעווער אדוואָקאט. איכ הייס אימ אויסטאָנ די שיכ, זיי זאָלנ ניט קלאפּנ אינ ברוק. ער הייבט אָנ זיכ קווענקלענ: אימ וועט זײַנ קאלט. איכ באפעל אימ פּאָשעט. ער פאָלגט אונ טוט אויס.

לעבנ דער קאָרשול אפ זאוואלנע באגעגנט אונדז דער אומגליק. עס לויפנ אָנ צוויי פּאָליצײַענ אונ פארשטעלנ אונדז מיט ביקסנ דעמ וועג. קיינ ברירע איז ניטאָ — איכ דערצייל זיי דעמ עמעס: מיר זײַנענ אנטלאָפנ פונ געטאָ. איכ נעמ ארויס א פּאָר כאָלעוועס, וואָס איכ האָב מיטגענומענ פונ געטאָ, אונ רוק זיי דעמ עלטערנ ארײַנ אינ האנט. די מאטאָנע איז אימ קענטיק געווענ צומ הארצנ. ער ראט

אונדז צו גיין אַף נאָוויגאָראָד: דאָרט וועלן מיר ניט טרעפֿן קיין פּאַטרולן. אין דער צײַט האָט ראָזנבוים זיך געשושקעט מיט אַ צווייטן פּאָליציאַנט. דער אַדוואָקאַט האָט זיך פֿאַראַקעגט און ניט געוואָלט אָפּגעבן זײַן זייגער. דער זשאַנדאַר האָט אים געוואָרנט, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפֿן. איך האָב געמוזט באַרויִקן דעם אַנדערן מיט מײַנע דרײַ הונדערט רובל.

דורך נאָוויגאָראָד האָבן מיר זיך פֿאַרקערעוועט אַף וויוואָלסקע. דורך וויוואָלסקע אַף קליין פּאָהולאַנקע. אַף אַרופּ פּאָהולאַנקע איז אָנגעקומען אַ פּאַטרול. מיר האָבן זיך באַהאַלטן הינטער ביימער, און ער האָט אונדז ניט באַמערקט.

באַם צוקומען צום טויער, וואָס פֿירט אַרײַן אין זאַקרעטער וואַלד, איז אַ וואַכמאַן געזעסן און פֿאַרשטעלט דעם אַרײַנגאַנג. דער אַדוואָקאַט וויל, מיר זאָלן גיין צוריק, ווײַל דער וואַכמאַן וועט אונדז באַלד כאַפּן און איבערגעבן אין געכטאַפּאָ. איך האָב אַרויסגעצויגן די האַק, זי געהאַלטן אַף הינטער און מיט גיכע טריט זיך אַ לאָז געטאָן צום טויער. מיר זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם וואַכמאַן און אַרײַנגעשלײַכט אין וואַלד. וויאַזוי דער וועכטער האָט ניט דערהערט, פֿאַרשטיי איך ניט ביז הײַנט צו טאָג. ער איז געווען אַפּאָנעם טויט אָדער טויט־שיקער.

ווי נאָר מיר זײַנען אַרײַן צווישן די ביימער, זײַנען אונדז באַפֿאַלן הינט מיט אַזאַ געוויי, מיט אַזאַ בילעניש, אַז מייסים וואָלטן זיך געדאַרפֿט אופֿכאַפּן פֿון די קוואָרים. נאָר דער וואַכמאַן האָט זיך ניט אופֿגעכאַפּט. עפּשער אַ וויאָרסט נאָכאַנאַנד האָבן אונדז נאָכגעיאָגט די הינט. ווי נאָר זיי האָבן זיך אײַנגעשטילט, האָט דער אַדוואָקאַט ראָזנבוים אַ פֿאַל געטאָן אַף דער ערד: ער האָט מער קיין קויעך ניט; זײַנע האַרץ האָבן צעריסן די הינט; דאָ וועט ער זיך אויסגראָבן אַ קייווער און אַרײַנקריכן. פֿון מיר פֿאַרלאַנגט ער בלויז איין זאַך: איך זאָל אים גוט פֿאַרשיטן. שפּעטער אַ ביסל באַטראַכט ער זיך:

— נו גוט, זײַנען מיר אַדורך בעשאָלעם, אָבער וואָס וועט זײַן ווײַטער? ווו וועלן מיר זיך אַהינטאָן, ווען עס וועט אופֿגיין די זון?

— לאָמיר אָקאָרשט אַריבערגיין די כטראַטעגישע בריק, — דינג איך זיך מיטן וואַרשעווער, — און נאָכדעם וועלן מיר זען. עפּשער וועט געשען אַ נעס.

אין זאַקרעטער וואַלד האָב איך פֿאַרבראַכט מײַן יוגנט. מײַנע ערשטע לידער האָב איך געשריבן אין שאָטן פֿון זײַנע ביימער. נאָר

איצט איז ער געענדערט, ניט צומ דערקענענ. איכ דריי זיכ שוינ א שאָ בא די ברעגנ פונ דער ווילִיע. איכ קענ בעיינ-אויפנ ניט געפינענ די בריק. צומ טײַוול! ווּ איז זי אהינגעקומענ?

דעמ אדוואָקאט האָב איכ געהייסנ צוּוואַרטנ, ניט אָפּטרעטנ פונ אָרט, אונ איכ בינ אוועק מיט דער ווילִיע אופזוכנ די בריק. די נאכט איז געוואָרנ טינקעלער. עס האָט גענאָגט אנ עסיק רעגנדל. איכ האָב גענישטערט אומעטומ, נאָר די בריק פאָרט ניט געקאָנט געפינענ.

מיטאמאָל האָט א שטראל פײַער א שניט געגעבנ איבער מײַנ קאָפּ. אונ ווּ איכ האָב זיכ געדרייט, זײַנענ מיר נאָכגעשפּרונגענ פאסנ בלענדיקע שײַנ. בייכ-מײַסע האָב איכ גאָרניעט פארשטאנענ. געפילט בלויז, אז איכ בינ געפאנגענ פונ א פײַערדיקער כײַע.ביימער ווערנ שאָטנס, שאָטנס ווערנ ביימער, אונ ניט אנדערש — די כײַע וויל מיכ פארצוקנ. איכ האָב א שפּרונג געטאָנ פונ דעמ טײַכ-ברעג אונ זיכ אראָפּגעקײַקלט צו דער ווילִיע, צו דעמ שטראָמענדיקנ וואסער. דאָס וואסער האָט מיכ דערפרישט, אָפּגעקילט דאָס הארצ. ערשט איצט האָב איכ באמערקט, אז דאָס פײַער איז פונ א פּראָזשעקטאָר. דאָס בינ איכ ארײַנגעפאלנ אינ א נעצ פונ לופט-שוצ. איכ בינ אפּ אלע פיר דערקראָכנ צו דעמ שלאָפנדיקנ אדוואָקאט. זיכ אוועקגעזעצט לעבנ אימ אָפּרוענ. ווענ עס האָט גענומענ טאָגנ, האָב איכ דערזענ די בריק. צוויי שאָ האָב איכ זי געזוכט. ארויסגעוויזנ האָט זיכ, מע דארפ זי גאָר ניט זוכנ: מיר ליגנ ניט ווײַט פונ איר.

## יאנאָווא בארטאָשעוויטש

אריבער די סטראטעגישע בריק, שוינ אפּ זווערינִיעצ, האָט זיכ דאָס יִידל פאר מיר מודיע געווענ, אז דאָ אינ דער געגנט וווינט זײַנער א באקאנטער, א קליִענט, וועלכנ ער האָט אמאָל פארטיידיקט. ער גייט אהינ, אונ ער וועט זיכ שוינ דאָרטנ באהאלטנ. נאָר מיטנעמענ א צווייטנ, ס'הייסט מיכ, — קענ ער ניט, ווײַל מע וועט ארויסווארפנ ביידנ. קיינ גרויסע איבערראשונג איז עס פאר מיר ניט געווענ. איכ בינ אוועק, ווּהינ די אויגנ טראָגנ.

איכ בינ אָנגעקומענ אפּ העלענע-גאס 21, צו דער בִישפּאָכע בארטאָשעוויטש. א באָרוועסע אלטיטשקע האָט מיר געעפנט די טיר. מײַנ צונג איז געווענ געליימט. ניט געקענט אפילע זאָגנ קיינ „גוט-מאָרגנ". איכ האָב זיכ געזעצט אפּ א באנק אונ געשוויגנ. בלויז די האק האָב איכ ארויסגעצויגנ אונ זי אוועקגעלייגט אפנ טיש.

די אלטיטשקע האָט פארשלאָסנ די טיר, אראָפּגעלאָזנ אפנ שײַבל דאָס פאָרהענגל. איכ בינ א ביסל געקומענ צו זיכ אונ האָב איר אָנגעהויבנ צו דערציילנ, ווער איכ בינ, פונוואנענ איכ בינ אנטרונענ. אירע אלטע אויגנ זײַנענ פארלאָפנ מיט טרערנ.

— בארויִק זיכ, ליבער. דו וועסט זײַנ בא מיר. איכ וועל דיכ אויסבאהאלטנ ביז איבער דער מילכאָמע. אינ קעלער וועל איכ דיר צוגרייטנ א בעט, דאָרטנ וועסטו בא מיר וווינענ.

דערווײַל האָט זי מיכ ארופגעפירט אפנ בוידעמ, מעכאבעד געווענ מיט הייסער מילכ, צוגעדעקט מיט דרײַ פעלצנ אונ געהייסנ זיכ אויסרוענ.

ווענ איכ האָב זיכ אופגעכאפט, איז שוינ געווענ אָוונט. די אלטיטשקע איז ארופ אפנ בוידעמ, זיכ אוועקגעזעצט לעבנ מיר, אונ מיר האָבנ לאנג גערעדט. איכ האָב איר דערציילט אלצדינג, וואָס מיט מיר האָט פאסירט. דערציילט, אז מײַנ מאמע איז אינ געטאָ, אז מײַנ פרוי איז אויכ דאָרטנ אונ אז איכ ווייס ניט, וואָס מיט זיי איז געשענ.

— זײַ געדולדיק, — האָט מיכ געטרייסט די אלטינקע. — מירנ באמיִענ זיכ צו דערוויסנ, אונ איצט קומ מיט מיר. איכ האָב ארײַנגעטראָגנ אינ קעלער שטרוי, געמאכט דיר א געלעגער; איכ האָב ארײַנגעשטעלט א קליינ שײַבעלע, זאָלסט באטאָג האָבנ א ביסעלע ליכט.

מיר זײַנענ אראָפּ אונטנ. דער ארײַנגאנג אינ קעלער איז געווענ אינ דרויסנ. די אלטע איז צוערשט ארויס אפנ הויפ, א קוק געטאָנ, צי קיינער גייט ניט, אונ מיכ אפ שטומלאָשנ ארויסגערופנ. אינ קעלער איז געווענ ווארעמ, מיט דעמ רייעכ פונ קארטאָפל האָב איכ אײַנגעאָטעמט היימישקײַט. איכ בינ ארײַנגעקראָכנ אינ דעמ שטרויענעמ געלעגער, אונ לאנג, ביז טיפ אינ דער נאכט ארײַנ, גערעדט מיט דער פינצטערניש.

* * *

אינדערפרי איז ארײַנגעקומענ יאנאָווא, אזוי האָט געהייסנ די גוטע פרוי. מײַנ באשיצערנ האָט געבראכט מיר עסנ אונ א בוכ צומ לייענענ. זי האָט מיר אויכ אָפגעגעבנ א גרוס פונ איר מאנ. ער איז א גאסנקערער, דינט אינ דער שטאָטישער עלעקטרע־סטאנציע. נעכטנ באנאכט, ווענ ער איז געקומענ פונ דער ארבעט, האָט אימ יאנאָווא וועגנ מיר דערציילט. דער אלטער האָט זיכ זייער איבערגענומענ מיט זײַנ פרויס גוטסקײַט אונ האָט געזאָגט: „עס איז גוט אזוי, מע דארפ

א מענטשנ ראטעווענ". אויכ זייער זונ קאזימיעזש ווייסט שוינ, אז איכ באהאלט זיכ אויס בא זיי אינ קעלער. זי האָט אים אוועקגעשיקט צו זענ, וואָס עס טוט זיכ בא דער געטאָ.

ווענ דער זונ איז צוריקגעקומענ, האָט זי מיר דערציילט: די געטאָ איז ארומגערינגלט מיט קוילנווארפער. אינווייניק הערט זיכ א שיסעריי. נאָענט צו דער געטאָ לאָזט מענ קיינעמ ניט צו. פונ א באגעגנטער קאָלאָנע ארבעטער האָט זיכ קאזימיעזש דערוווּסט, אז אלע די, וואָס האָבנ געלע שײַנענ, זײַנענ אינדערפרי צוזאמענ מיט זייערע מישפאָכעס אוועק צו דער ארבעט. ווער אָבער עס האָט ניט געהאט קיינ געלנ שײַנ, איז פארבליבנ אינ געטאָ, וווּהינ עס האָבנ זיכ כארטאָג ארײַנגעריסנ דײַטשישע סאָלדאטנ. אינ אָוונט איז ער נאָכאמאָל אוועק צו דער געטאָ. ער האָט געזענ, ווי פונ טויער זײַנענ ארויסגעפאָרנ אווטאָס, פונ די אווטאָס האָבנ זיכ געטראָגנ געשרייענ.

* * *

אינ קעלער האָב איכ ניט געקאָנט אײַנליגנ. מיכ האָט געהויבנ פונ אָרט. וויאזוי באהאלט איכ זיכ דאָ, ווענ איכ ווייס ניט דעמ גוירל פונ מײַנע נאָענטסטע?

איכ האָב אויסגעגאָסנ מײַנ ביטער הארצ פאר מײַנ רעטערנ. איכ האָב איר דערציילט, ווו מײַנ שווער ארבעט. אינ געריכט אפנ הויפ. ער טראָגט דאָרט שטיינער אונ ציגל אפ אויסצובויענ א גאראזש. אפנ זעלבנ הויפ, לאָזט זיכ אויס, קומט צו פאָרנ איר שוועסטער פונ דאָרפ. זי האָט א דערלויבעניש אהינ ארײַנצופאָרנ אונ ברענגענ קארטאָפל. מאָרגנ, פרײַטיק, דארפ קומענ איר שוועסטער. וועט יאנאָווא נעמענ איר דערלויבעניש אונ וועט אליינ ארײַנפאָרנ אינ הויפ. זי וועט זיכ שוינ זענ מיט מײַנ שווער.

אפ מאָרגנ איז טאקע איר שוועסטער געקומענ. יאנאָווא האָט זיכ אָנגעטאָנ ווי א פויערטע, גענומענ בא דער שוועסטער די דערלויבעניש, מיטגענומענ אכוצ די קארטאָפל א גרויסנ לאבנ ברויט אונ איז אוועקגעפאָרנ צומ הויפ פונעמ געריכט, ווו איצט האָט זיכ געפונענ די געסטאפאָ. אינ א פאָר שאָ ארומ איז זי געקומענ צוריק א גליקלעכע. זי האָט אופגעזוכט מײַנ שווער. אימ איבערגעגעבנ פונ מיר א גרוס, דעמ לאבנ ברויט אונ זיכ פונ אימ דערוווּסט, אז מײַנ פרוי לעבט, אז שוינ צוויי טעג, ווי נאָכ דער ארבעט לאָזט מענ ניט גיינ צוריק אינ געטאָ. מע פירט זיי אלעמענ נעכטיקנ אינ דער לוקישקער טורמע.

יאנאָווא האָט ניט גערוט. מײַנע ליידנ זײַנענ געוואָרנ אירע. זי

איז געווען מיר איבערגעגעבן ווי אן אייגענע מאמע. אינדערפרי פלעגט זי אוועקשפאנען אין שטאָט און דערוויסן זיך, ווי עס האלט אין געטאָ. צוליב מיר האָט זי ארויסגעטריבן פון שטוב איר מאנס א קרויווע. יענע האָט א לאנגע צונג און קען ארויספלאפלען.

איינמאָל האָט מיר יאנאָווא געבראכט א צייִלעמל, עס זאָל מיך אויסהיטן פון סאקאָנע. „שאטן קען עס ניט,“ — האָט זי ליבלעך גערעדט צו מיר,—איז טו עס אָן, זון מײַנער...“

דורך יאנאָווען האָב איך באקומען א צעטעלע פון מײַן פרוי. אין דעם צעטעלע שרײַבט זי מיר, אז מײַן מאמעס באהעלטעניש האָט אויסגעהאלטן. די דײַטשישע שפירהינט האָבן ניט געפונען דעם ארײַנגאנג. אין געטאָ איז הונגער. עס פעלן דאָרט טויזנטער מענטשן. עס גרייט זיך ווידער א שחיטע. די „גליקלעכע“, וואָס פארמאָגן געלט שײַנען, דארפן זיך אריבערקלײַבן אין דער צווייטער געטאָ, וואָס איז שוין קימאט פוסט.

איך האָב איבערגעלייענט יאנאָווען דעם בריוו. און די צוויי סטראטעגן האָבן מיר באטראכט די סיטואציע. „קודעם, זאָגט זי, דארף מען זען, אז דײַנע נאָענטסטע זאָלן ניט לײַדן קיין הונגער. נאָכדעם וועלן מיר א טראכט טאָן ווײַטער“. זי איז אוועק אין שטאָט. אָפגעהיט די צײַט, ווען מײַן שוועד מיט דער קאָלאָנע ארבעטנדיקע קערט זיך אום אין געטאָ, און האָט מיט אים אָפגערעדט, אז נײַן אזייגער אָוונט זאָל מײַן פרוי זי שטענדיק אָפּווארטן אין געטאָ בא א באשטימטן טויער. זי, יאנאָווא, וועט קומען פון דער צווייטער זײַט און דורכשטופן אונטערן טויער א לאבן ברויט.

פונקט נײַן אזייגער אין אָוונט פלעגט יאנאָווא שוין זײַן בא דעם באשטימטן טויער, זעקס קילאָמעטער פון איר היים, און אונטערשפארן ברויט פאר מײַן הונגעריקער מישפּאָכע.

איינמאָל האָט זי א פּאָליציאנט געכאפּט באם אונטערשפארן דאָס ברויט. ער האָט געסטראשעט, אז אויב זי וועט נאָכאמאָל אזוינס טאָן, וועט זי פארפוילט ווערן אין דער לוקישקער טורמע. אפן מאָרגן איז זי אוועק ווידער, אונטערגעשטופּט ברויט און געבראכט מיר בריוולעך. זי האָט ניט גערוט. געזוכט מיטלען, וויאזוי צו ראטעווען מײַן מישפּאָכע. זי האָט אָפּגערעדט מיט איר שוועסטער, אז איך צוזאמען מיט מײַן פרוי וועלן אריבער צו איר אין דאָרף. אויך מײַן מאמע וועט זי ארויסנעמען פון געטאָ. זי האָט שוין גערעדט וועגן דעם מיט איר אלטן. זי וועט זי נעמען אפן אָרט פון דער ארויסגעוואָרפענער קרויווע. יענע איז דאָ פארמאָלדן, וועט ניט זײַן פארדעכטיק.

* * *

עס האָט אָנגעהויבנ ווערנ קאלט. דער פראָסט האָט אײַנגעפרירט מײַנ שײַבל. יאנאָווא האָט ארײַנגעטראָגנ א לעמפּעלע, מיר זאָל זײַנ ליכטיק. געבראכט מיר פּאפּיר, איכ זאָל קאָנענ שרײַבנ.

איינמאָל, עס איז געווענ ערעוו נײַ־יאָר, איז יאנאָוועס מאנ אראָפּגעקומענ אינ קעלער אונ מיכ געבעטנ, איכ זאָל, גיט אנדערש, ארופגײנ אויבנ. ער האָט צוגעגרייט בראנפנ, א גוטע סודע, נאָר אז איכ ליג אינ קעלער, קענ ער זיכ ניט צורירנ צום עסנ. קיינ כיישעק האָב איכ ניט געהאט, נאָר עס האָט גאָרניט געהאָלפנ. איכ האָב זיכ געמוזט אופהייבנ אונ בײַזײַנ די סודע.

בא דעם געדעקטנ טיש איז געזעסנ א גאסט. דעם אלטנס א קאָרעוו, ער איז געקומענ צו פאָרנ אפ יאָמטעוו אזש פונ ווײַדוקלע, א קליינ שטעטעלע אינ דער ליטע. אפ מײַנ פראגע, וואָס הערט זיכ אינ שטעטל, האָט מיר דער פויער דערציילט:

— אינ דעם שטעטעלע האָבנ געוווינט צוויי הונדערט ייִדנ. לאנגע יאָרנ האָבנ זיי געלעבט מיט די ליטווינער ווי ברידער. די דײַטשנ האָבנ אופגעקליבנ די צוויי הונדערט ייִדנ אונ זיי פארשפארט אינ דער סינאגאָגע. יאָנאס, דער גאלעכ פונ שטעטל, האָט באשלאָסנ צו ראטעווענ די קינדער פונ די אומגליקלעכע. ער האָט דרײַסיק קינדער ארויסגעגאנוועט פונ דער שול אונ זיי באהאלטנ אינ קלויסטער. אפ מאָרגנ איז געקומענ דיטריכ, דער שטעטלשער קאָמיסאר, אונ מיט א בינטל שטרוי אונטערגעצונדנ די שול. דעם געיאָמער פונ די ברענענדיקע איז גאָר ניט מעגלעכ צו דערציילנ. צוויי פויערים זײַנענ, צוזעענדיק די גרוילנ, מעשוגע געוואָרנ. א דריטער האָט צו די דײַטשנ ארויסגעשריִענ: „איר זײַט מערדער, ניט קיינ מענטשנ!“ די דײַטשנ האָבנ אימ גלײַכ דערשאָסנ אונ ארײַנגעוואָרפנ אינ פײַער.

ווענ די גופים האָבנ נאָכ געטליִעט אינ אש, האָט זיכ דיטריכ דורכ א מאָסער דערוווּסט, אז דער גאלעכ האָט אויסבאהאלטנ דרײַסיק קינדער. צוזאמענ מיט פּאָליציי איז ער אוועקגעלאָפנ צום קלויסטער. דער גאלעכ האָט זיכ געשטעלט אינ טיר אונ ניט צוגעלאָזנ די מערדער. „אויב איר גייט אומברענגענ די קינדער, — האָט ער געזאָגט, — וויל איכ אומקומענ מיט זיי צוזאמענ“. א שאָס אינ קאָפּ האָט אימ אוועקגעלייגט בא דער שוועל. די פּאָליציי האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אפ די קינדער, א כאפּ געטאָנ די אומגליקלעכע אונ דרײַסיק קעפּלעכ צעשמעטערט אָנ די ווענט.

* * *

די אלטינקע יאנאָווא האָט ניט אופגעהערט צו העלפן מײַן מישפּאָכע. אכוץ ברויט פלעגט זי אונטערן טויער אויך אונטערשפּארן פלייש און קארטאָפל. א סאך מאָל האָב איך זיך געמוזט מיט דער אלטינקער דינגען. איך האָב זיך ניט געקענט פארגינען אָנצונעמען אירע געשמאקע עסנס. איך האָב געוווּסט, אז זי איז אן אָרעמע און זי גיט מיר אָפּ דעם ביסן פון איר מויל.

איינמאָל האָט מיר יאנאָווא דערציילט: אפן קאטעדראל־פלאץ האָט זי געזען א טליע. דרײַ דײַטשן האָבן געבראכט אהער אן עלטערן מענטשן און האָבן אים עפּנטלעך אופגעהאנגען. אפ זײַן ברוסט איז געווען צוגעניט א ווײַס שטיקל לײַוונט מיט שווארצע אויסיעס: „פאר אויסבאהאלטן א יידן“. „נאָר מיך, — זאָגט די אלטיטשקע, — וועלן זיי ניט איבערשרעקן. איך האָב זיי אין דער ערד מיט זייערע געזעצן אינאיינעם! אפ צולאָכעס די דײַטשן וועל איך דיך דאנקע אויסבאהאלטן“.

איך בין געוואָרן קראנק. האָט יאנאָווא מיך ארופגעפירט אויבן, אין א זײַטיק צימערל, ארײַנגעלייגט אין בעט און גערופן צו מיר א דאָקטער. דערבײַ האָט זי אויסגעמארקירט אזוי, אז דער דאָקטער איז געקומען, ווען עס איז שוין געוואָרן טונקל. דעם דאָקטער האָט זי דערציילט, אז איך בין איר זון, וואָס איז אָקאָרשט אנטלאָפן פון דער קאטאָרגע אין דײַטשלאנד. דער דאָקטער האָט מיך גוט ארומגעזען, מיך אויסגעפרעגט וועגן דער שטימונג אין בערלין און איז געווען צופרידן, וואָס מע גלייבט ניט היטלערן. ער האָט פעסטגעשטעלט, אז בא מיר זײַנען אָנגערירט די לונגען, און האָט מיר פארשריבן א רעצעפּט.

דעם דאָקטערס רעצעפּט האָט מיר געהאָלפן. איך האָב זיך דערפילט בעסער. די אלטינקע האָט זיך מיט מיר געאמפּערט. זי האָט ניט געוואָלט, איך זאָל ווידער גיין אין קעלער. זי האָט אָפּגעטיילט דאָס צימערל מיט א פאָרהאנג און קיינעם צו מיר ניט ארײַנגעלאָזן. פונדעסטוועגן בין איך אראָפּ אונטן. איך האָב מוירע געהאט פאר א מעסירע. איך האָב גוט געוווּסט, אז אויב מע וועט מיך מאסערן און געפינען, וועט אויך מײַן רעטערן באצאָלן מיטן לעבן.

מער אין קעלער האָב איך ניט געקאָנט אײַנליגן. דער געיאָמער פון געטאָ האָט מיך געוואָרגן ווי א שלייף. דער געדאנק, אז איך האָב איבערגעלאָזט אפ העפקער מײַן מאמע, האָט מיך זייער געדריקט. יאנאָווא האָט ניט געוואָלט מיך אָפּלאָזן.

— זײַ דאָ, — האָט זי מיך אײַנגערעדט, — איך וועל ברענגען דײַן מאמע אהער.

האָט זיך גראָד געמאכט אזוי, אז א שאָכן פון הויף האָט מיך באמערקט. בין איך באנאכט פון דער באהעלטעניש אנטלאָפן און בין געקומען צוריק אין די פארבלוטיקטע געסלעך.

## צוריק אין געטאָ

די געטאָ האָב איך ניט דערקענט. איך האָב זיך אָפּגעווױנט פון די באוועגונגען, פון דעם גאנצן שטייגער. אלע האָבן מיר אויסגעזען אומנאָרמאל. עפּעס אנדערע מענטשן. איך האָב נאָכגעקוקט זייער געיַיל, די צוקנדיקע זשעסטן, די פיל גרויהאָריקע מיט יונגע פּנים-מער. איך האָב זיך אײַנגעהאָרכט אין זייער שפּראַך — אין דער שפּראַך פון א לעבן, וואָס וויל זיך ניט אונטערגעבן דעם טויט.

איך טרעף באקאנטע. איך בין פאר אלעמען א גרויסע איבערא-שונג. מע איז געווען זיכער, אז איך ליג שוין אפ פּאָנאר. אפ וועמען איך פרעג זיך נאָך — איז קימאט קיינער ניטאָ. לייב שריפטזעצער האָט שוין מער ניט געקענט אויסהאלטן די מאלינעס — איז ער אליין ארויסגעקראָכן און זיך אָנגעשלאָסן אָן דער כויטן-ריי. דעם רע-דאקטאָר א. י. גראָדזענסקי האָט מען נאָך פריִער אומגעבראכט. פרילוצקיס פרוי פאולע ר. האָט מען געזען ארײַנװארפן אין אווטאָ. און די אקטריסע וויטאלינא איז דערשאָסן געוואָרן אין דער צווייטער געטאָ. מע דערציילט וועגן גליקלעכע, וואָס זײַנען געשטאָרבן אפן בעט. די לערערן מאלקע כאימסאָן איז געלעגן אין געטאָ-שפּיטאָל מיט א שווערער קראנקייט. זי האָט ניט צוגעלאָזן קיין דאָקטוירים און ניט גענומען קיין רעפואס. זי האָט געוואָלט שטארבן און דערגרייכט איר ציל.

פון די דרײַ און צוואנציק טויזנט נעפאשעס, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן אין דער ערשטער געטאָ, האָב איך געפונען א העלפט. אפ די פינגער קאָן מען אָנציילן גאנצע מישפּאָכעס. בא יעדערן פּעלט עמעצער: דאָ א מאמע, דאָ א קינד, נאָר מע לעבט ווײַטער, מע לעבט און מע האָפט.

וועגן דער נאכט פון די געלע שײַנען דערציילט מען אויסטער-לישע זאכן. יידן האָבן זיך געראנגלט, ניט געוואָלט גיין. די פרוי גאלפּערן פון סאדאָווע 9 האָט מען געכאפּט אין א מאלינע. בא איר ברוסט האָט זיך געטוליעט איר קינד. דערזען די דײַטשן, איז זי געוואָרן מעשוגע. זי האָט א כאפּ געטאָן איר קינד און עס א וואָרף

געטאָן אין די מערדער. טעווקע פּעווץ, פון דער ווילנער אונטער־וועלט, האָט איבערגעביסן א דייטש דעם גאָרגל. נאָכדעם האָט ער זיך איבערגעטאָן אין דעמס קליידער און ארויסמארשירט פון געטאָ.

* * *

לויפנדיק איבער דער געטאָ מיט שפּירהינט, האָבן כאַפּונעס אנטדעקט א מאלינע. מיט העק האָבן זיי אופגעריסן די ברעטער און זיך ארייַנגעריסן אינווייניק. אַפ א שעניק איז דאָרט געלעגן א קרעכצנדיקע פרוי, און איר ערשט־געבאָרן קינד איז נאָך ניט געווען אָפּגעריסן פון איר נאָפּל. די פרוי האָט זיך געבעטן ראכמים:

— רירט מיך ניט, לאָזט מיך געבוירן, איר זייט דאָך מענטשן, איר האָט דאָך אויך קינדער.

עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. דאָס קינד האָט מען א ריס געטאָן פון דער מאמעס נאָפּל, ביידן ארופגעוואָרפן אַפ אן אווטאָ און אוועקגעפירט קיין פּאָנאר.

* * *

כיענע קאַץ, א שילערן, האָט מיר דערציילט: „אין דער נאכט פון די געלע שיינען האָבן כאַפּונעס זיך ארייַנגעריסן אין אונדזער שטוב און געהייסן מיטגיין. מייַן גאנצע מישפּאָכע, טאטע־מאמע, שוועסטער און קינדער, האָט מען צוזאמען מיט אונדזער הויף פארטריבן אין דער לוקישקער טירמע. דאָרט האָט מען אונדז אויסגעטאָן ביז די וועש. די קליידער האָט מען בא אונדז גלייַך צוגענומען און מיט אייַזערנע שטעקנס געשלאָגן איבער דער פּלייצע. אזוי זייַנען מיר געלעגן ביז פארטאָג. דעמלט איז ארייַנגעקומען ווייַס און געהייסן זיך אָנטאָן. ווען מע האָט אים געזאָגט, אז די וועכטער האָבן צוגענומען די קליידער, האָט ער אָנגעהויבן שטארק צו ריטשען:

— ווער האָט זיך דערוועגט עס צו טאָן! וויאזוי וועט איר איצט אָנקומען צו דער ארבעט! איך וועל אייַך איצט מוזן אָפּפירן אין מאשינעס!

די קינדער האָט מען אָפּגעטיילט באזונדער. די מענער אויך. נאקעטע האָט מען אונדז געלאָדן אין א לאסט־מאשין און אוועקגעפירט. איידער די מאשין איז אָפּגעפאָרן, איז ווייַס ארייַנגעשפּרונגען אין מאשין און געהאלטן פאר אונדז א רעדע:

— איר זאָלט וויסן זייַן: איך בין אייַער טאטע. איך פיר אייַך איצט אין א פאבריק צו דער ארבעט. אין וואָס אָט די ארבעט וועט באשטיין, וועט איר זיך באלד איבערצייַגן.

ער האָט ארויסגענומען א שאכטעלע צוקערקעס און איטלעכן געטיילט. א סאך האָבן געגלייבט זײַן פארזיכערונג. מע האָט אופגעהערט וויינען און געכאָלעמט וועגן דער נײַער ארבעט. אנדערע האָבן שוין אפילע זיך צעשמייכלט. איך האָב ניט געגלייבט אפ קיין האָר. איך האָב געוווּסט, אז מײַן וועג איז שוין דער לעצטער. איך מוז זיך אָבער מוידע זײַן, אז א צוקערקע האָב איך גענומען. איך האָב געטראכט בא זיך אזוי: אויב זי איז מיט סאם, איז אוואדע גוט — וועל איך זיך מער ניט מאטערן.

ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אין פּאָנאר, האָט מען אונדז מיט בײַטשן ארײַנגעטריבן אין א גראָבן.

— דאָ וועט איר ארבעטן, — האָט זיך פאנאנדערגעלאכט ווײַס, און זײַן געלעכטער האָט זיך אויסגעמישט מיט דער קראקערײַ פון די קראָען. ער האָט אונדז געהייסן אראָפּווארפן די העמדער און ווארטן אפ אונדזער ריי. ווען עמעצער האָט אזוי גיך ניט דערהערט אָדער זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, האָט ווײַס ארויסגעצויגן א שפּיז און געוואָרנט: ווער עס וועט זיך גלײַך ניט אויסטאָן, דעם וועט מען אויסשטעכן די אויגן. אפ איינער א פרוי האָט ער אויסגעפירט זײַן וואָרענונג.

אינעם גראָבן האָבן זיך געפונען בא א פּאָר הונדערט פרויען. קינדער זײַנען געווען ווייניק. מע האָט זיי אין טורמע אָפּגעטיילט באזונדער. אנדערע מאמעס האָבן אָבער אויסבאהאלטן די קינדער, און איצטער טוליען זיי זיך צו די מאמישע העלדזער.

אויב פון אָנהייב האָט מען געוויינט און געיאָמערט, האָט מען זיך וואָס ווײַטער אלץ מער באַרויִקט. בא א צוויי הונדערט טריט פון אונדז איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע. איך האָב מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי מע האָט אומגעבראכט מײַן טאטן. מע האָט אים פריִער פארטויבט מיט א שווערן אײַזן, נאָכדעם געשאָסן. ער איז געפאלן א פארבלוטיקטער אפ א קופּע מייסים.

לעבן מיר איז געלעגן מײַן שוועסטער. איר צוויי-יעריק קינד, מוישעלע, האָט געכליפּעט אפ איר ברוסט. ווען אפ א רעגע האָט זיך באַרויִקט די שיסערײַ, האָב איך דערהערט, ווי מײַן שוועסטער זינגט עפּעס. דאָס האָט זי פארוויגט איר קינד מיט דער באקאנטער פאָלקסליד:

ליולינקע, מײַן פייגעלע,
ליולינקע, מײַן קינד,
כ'האָב אָנגעוואָרן אזא ליבע —
ווי איז מיר און ווינד.

מײַנ שאָכנטע האָט געהאט בא זיכ עסנווארג. זי האָט ארויסגע-
נומענ ברויט מיט פּוטער אונ געגעסנ. אנדערע האָבנ גענומענ איר
נאָכטאָנ. באם זונ-פארגאנג איז אָנגעקומענ אונדזער ריי. צענדליקווײַז
האָט מענ געפירט דורכנ גראָבנ אונ ארײַנגעפירט אינ א ריזיקנ קיי-
ווער, אנ ערעכ פונ דרײַסיק ביז פערציק מעטער. וואָס ווײַטער מע
איז געגאנגענ, אלצ טיפער האָט זיכ געצויגנ דער גראָבנ. אינעמ
אָרט, ווו ער האָט זיכ פארייניקט מיטנ קיווער, איז ער טיפ געווענ
א זיבנ מעטער.

מײַנ צענטל איז געווענ דאָס לעצטע. ווידער איז אָנגעלאָפנ ווײַס אונ
געהייסנ זיכ שטעלנ. ער האָט אונדז געבראכט א קאָלדרע, צעריסנ זי
אפ צענ כאלאָקימ אונ איטלעכנ געהייסנ מיט די שמאטעס זיכ פארבינדנ
די אויגנ. איכ בינ געווענ די ערשטע אינ דער ריי. הינטער מיר
איז געווענ מײַנ מאמע אונ מײַנ שוועסטער.

— זיכ אָנהאלטנ איינע אָנ די אנדערע פאר די לענדנ! — האָט
אונדז באפוילנ ווײַס, אונ ער האָט אויסגעשטרעקט א שטעקנ, אָנ
וועלכנ איכ, די ערשטע, זאָל זיכ אָנהאלטנ אונ גיינ פאָרויס.

איכ האָב אָנגעטראָטנ אפ נאָכ וואַרעמע קערפּערס. זיי האָבנ זיכ
געוויגט אונטער מיר ווי א מאטראצ. ווענ מײַנע פיס האָבנ אָנגע-
טראָטנ אפ די קערפּערס, האָבנ זיכ דערטראָגנ צו מיר פארשיידענע
קלאנגענ. פּלוצעמ האָב איכ דערהערט אנ אויסגעשריי: „פײַער!” אונ
הינטער מיר דעמ אויסרופ פונ מײַנ שוועסטער: „גאָט!”. איכ האָב גע-
פילט, ווי מײַנ טײַערע איז געפאלנ. איכ בינ געבליבנ לעבנ מײַנ
שוועסטער אונ פארלוירנ דעמ באוווסטזײַנ. כאָרטאָג בינ איכ געקו-
מענ צו זיכ. איבער מיר זײַנענ געלעגנ מייסימ, פארגאָסענע מיט
קאַלכ. איכ האָב דערקענט מײַנ שוועסטער. מוישעלע האָט זיכ צוגע-
טוליעט צו איר ברוסט. איכ האָב זיכ ארויסגעגליטשט פונ אונטער
דער שווערער מאסע. איכ בינ ארײַנ אינ גראָבנ געפינענ א בעגעד.
צופּעליק האָב איכ דאָרטנ דערטאפּט מײַנ אייגנ העמד. איכ האָב עס אָנ-
געטאָנ, ארופגעכאפּט עפּעס אנ אלטנ מאנטל, אונ ניט האָבנדיק וווהינ
צו גיינ, בינ איכ אוועק אינ געטאָ.

אינ געטאָ־שפּיטאָל בינ איכ געלעגנ א כוידעש. אינ מײַנ אקסל
זײַנענ געווענ צוויי קוילנ. ווענ איכ האָב דערציילט די דאָקטוירימ
מײַנע איבערלעבונגענ, האָבנ זיי ניט געוואָלט גלייבנ”.

* * *

אינ די מויערנ אפ כטראשונ-גאס 1, 2 אונ 3 האָבנ געלעבט
בא נײַנ הונדערט מענטשנ, וואָס האָבנ געארבעט אינ שטאָט אפנ

הויף פון געסטאפאָ. די דאָזיקע ארבעטער זײַנען „באשיצט געווען" פון שווײַנענבערגן. אין דער „נאכט פון גלעזערנע שײַנען" האָט מען די נײַן הונדערט גאָרניט ניט געטאָן. נאָך דער ארבעט פלעגט מען זיי פירן נעכטיקן אין דער לוקישקער טורמע. נאָך דער שכיטע האָבן זיי זיך אומגעקערט אין זייערע בלאָקן און ווידער געגאנגען ארבעטן אין געסטאפאָ אפן הויף. אלע נײַן הונדערט האָבן געהאט גלעזערנע שײַנען.

אָנהייב יאנוואר 1942 זײַנען אין די דרײַ בלאָקן אינמיטן דער נאכט געקומען געסטאפּיסטן און געמאָלדן, אז ווער עס ארבעט נאָך אין געסטאפאָ אפן הויף זאָל אראָפּגיין אונטן: מע פירט זיי ווידער אין דער לוקישקער טורמע, קעדיי צו באשיצן. די נײַן הונדערט האָבן פרײַוויליק אוועקגעשפּרײַזט אין דער לוקישקער טורמע. בלויז צוויי פּאָליציאנטן האָבן זיי באגלייט. פיל אײַנוווינער פון אנדערע הויפן, דערהערט אזא גליק, האָבן זיך אויך ארײַנגעכאפּט אין די רייען און אוועק מיט אלעמען.

פון די נײַן הונדערט זײַנען צוריקגעקומען דרײַ הונדערט. די פארבליבענע אין טורמע, וואָס האָבן געטראָגן בעסערע קליידער, האָט מען געצוווּנגען זיך אויסצוטאָן. זיי זײַנען געבליבן נאקעט און זײַנען פארפירט געוואָרן אפן הויף פון טורמע. צווישן די פארפירטע איז געווען יודל איליאטעוויטש, דער געוועזענער סעקרעטאר פון בעקער-פאריין אין ווילנע, ווי אויך דער יונגער געלערנטער— געוועזענער מיטארבעטער פון ייִוואָ — כאיקס.

## מײַן מאמעס טויט

איך בין אוועק צו דער מאמען. זי האָט מיר אָנגעזאָגט א סימכע: מײַן פרוי האָט געבוירן אין געטאָ-שפּיטאָל א קינד. מײַן מאמע האָט פארגעסן אָן מורערס געזעץ, אז קינדער, געבוירענע אין געטאָ, מוזן געטייט ווערן. אפ מאָרגן נאָך מײַן קומען איז שוין דאָס קינד ניט געווען: מורערס באפעל איז אויסגעפירט געוואָרן.

איך האָב נאָך ניט באוויזן קומען צו זיך נאָכן אומגליק מיטן קינד, ערשט א נײַער אומגליק: איך גיי צו מײַן מאמען, און מײַן מאמע איז פארשוווּנדן. איך דערוויס זיך, אז דאָס איז די ארבעט פון דעם דײַטשישן אגענט אָבערהאוס. באנאכט איז ער געקומען אפ שפּיטאָל-גאס 7, וווּ עס האָט געוווינט מײַן מאמע, און האָט אוועקגעפירט דעם גאנצן הויף אין טורמע, און פון דאָרט — אפ פּאָנאר.

# שטאָט און געטאָ

די דײַטשן זײַנען אַרײַן אין ליטע אונטער דער מאַסקע פון באַפרײַער. זיי האָבן געשריבן אַרטיקלען וועגן דער היסטאָרישער פאַרברידערונג מיטן ליטווישן פאָלק און האָבן אָנגעטאָן די פּאָליציי אין ליטווישע אוניפאָרמען. פון דער „איפּאַטינגא", פון דער „סאַוויסאַוגא" (זעלבשוץ) און פון די „שאַוליסטן" (שיסער) האָבן די דײַטשן רעקרוטירט אין ווילנע א ליטווישע „זעלבסטפאַרוואַלטונג". איר אויפגאַבע איז געווען — אויספירן די באַפעלן פון געביטסקאָמיסאַר הינגכסט. באַם דײַטשישן גענעראַל-קאָמיסאַר פאָן-רענטעלן איז געשאַפן געוואָרן א אינסטיטוט פון ליטווישע „גענעראַל-ראַטן", בעראָש מיטן ערשטן „גענעראַל-ראַט" קוביליונאַס. זייער אויפגאַבע איז — העלפן די אָקופאַנטן דורכפירן זייער פּאָליטיק. די ליטווישע „קרײַז-שעפן" זײַנען אונטערגעוואָרפן די דײַטשישע קרײַז-קאָמיסאַרן. אין דער ליטווישער געסטאַפּאָ און אין אַלע פּאָליציי-צירקלען זײַנען די נאַטשאַלניקעס דײַטשן פון דער פאָרמאַציע ס. ד. (שוץ-דינסט).

קעדיי צו באַווײַזן, אַז די ליטווינער זײַנען די באַלעבאַטים אין לאַנד, איז אויפגעבלאָזן געוואָרן די סינע פון די ליטווינער צו די פּאָליאַקן. אויף קאַפע-הויז „דער גרינער שטראַל" איז געהאַנגען א שילד: „פיר יודען אונד פּאָלען — אײַנטריט פערבאָטען!" נאָר די פּוילישע צײַטונג „גאָניעץ צאָדזענני" האָט זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק און האָט געהאַלטן אין איין פּילדערן וועגן די „ריטערלעכע" דײַטשן.

מאַרטין ווײַס, דער אָנפירער פון דער ליטווישער „איפּאַטינגא", האָט זײַנע מיטאַרבעטער אָנגעטאָן אין אַלטע ליטווישע אוניפאָרמען. זייער „אַרבעט" אין פּאָנאַר איז געוואָרן פילמירט. שפּעטער האָט מען געסטראַשעט די ליטווינער: איר וועט ניט טאָן, וואָס מיר הייסן, וועלן מיר באַווײַזן דער וועלט, ווי איר האָט אויסגעקוילעט די יידן. דערנאָך האָט מען די פילמען געוויזן אין בערלין. די ליטווישע אינטעליגענץ האָט געפּרווט קעגן דעם פּראָטעסטירן. די פּראָטעסטירער האָט מען פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע-לאַגערס.

די נעמען פון די ווילנער גאַסן זײַנען געוואָרן דײַטשישע. איבער פיל האָטעלן, רעסטאָראַנען, קאַפע-הײַזער האָט זיך אַלץ אָפטער געוויזן די אויפשריפט: „נור פיר דויטשען". פון די שיינע ווינונגען אויף מיצקעוויטש-גאַס, זאַקרעט, שלאָס-גאַס און פּאָהולאַנקע האָט מען אַרויסגעשלײַדערט די אײַנוווינער און אָפּגעגעבן זיי דער „אויסדערווײלטער ראַסע".

אלע סאָוועטישע לערנביכער זײַנען געוואָרן פאַרברענט. אויך די ביכער פֿון די ליטווישע שרײַבער, וועלכע האָבן זיך געוואַגט קעגן ראַסנפאַרבאַנד, ווי די ווערק פֿון צווירקאַ, גיראַ, ווענצלאָוואַ, קאָר-סאַקאַס און סאָלאָמעאַ נעריס, האָט מען פאַרברענט. אַף זייער אָרט האָט זיך באַוויזן היטלערס „מײַן קאַמפּף" אין ליטוויש.

די ווענט פון די מויערן זײַנען פאַרקלעפּט געוואָרן מיט בילדער, וויאַזוי דער ייִד קוילעט אויס די ליטווינער. עס האָבן זיך געוויזן אַנטי-ייִדישע פילמען. עמיל יאַנינגס האָט געשפּילט אין דער ראָל פֿון אַ ייִדישן שווינדלער. עס האָט זיך געעפֿנט אַ העצערישע אויס-שטעלונג. פאַרן אַרויסגעבן אַ באַהאַלטענעם ייִדן איז דערקלערט גע-וואָרן אַ פּרעמיע.

קאָוונע האָט שוין געהייסן קאַוענבורג. די פאַרנומענע באַלטישע מעלוכעס האָבן די דײַטשן אָנגערופן אָסטלאַנד. אָסטלאַנד האָט גע-דאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן צו מיזרעך-פּרײַסן. דער באַלעבאָס איבער די פאַרכאַפּטע לענדער איז דער רײַכס-מיניסטער אַלפרעד ראָזענבערג.

אין פעוראַל 1942 ווערט ליטע פּראָקלאַמירט פאַר אַ „זעלבשטענ-דיקער מעלוכע". דערפאַר דאַרף זי באַצאָלן מיט צוויי הונדערט טויזנט סאָלדאַטן.

די ליטווישע געזעלשאַפט האָט דערשפּירט דעם טאַם פון דער דײַטשישער פּאָליטיק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפע קאַמפּאַניע קעגן דער מאָביליזאַציע. אין דעם דורכפאַל פון דער מאָביליזאַציע האָבן די דײַטשן באַשולדיקט די ליטווישע אינטעליגענץ. אין דער ווילנער פאַשיסטישער ליטווישער צײַטונג האָט זיך באַוויזן אַ נאָטיץ: „אונטער דער ווירקונג פון דער אינטעליגענץ איז די מאָביליזאַציע אין ליטע שלעכט געוואָרן דורכגעפירט. דאָס איז אַ פאַרברעכן קעגן דער נײַער אייראָפּע און אַן אומטאַקט קעגן אייגענעם פאָלק. די רעגיסטראַציע וועט אין דער צוקונפט געפירט ווערן נאָר פאַר דער אַרבעטס-אַרמיי. קעדיי אויסצומײַדן שווערע שטראָפן, דאַרף זיך דאָס ליטווישע פאָלק אָפּ-גרענעצן פון איר פּאָליטיקירנדיקער אינטעליגענץ".

און דאָ קומט אַן אָפיציעלע מעלדונג:

„דער אוניווערסיטעט מיט אַלע זײַנע אָפּטיילונגען ווערט געשלאָסן. פאַר די אינזשענירן פון בילדונג אין ליטע ווערט באַשטימט אַ ספּעציע-לער באַפולמעכטיקטער. לאָמיר האָפן, אַז נאָכן איזאָלירן די פּאָליטי-קירנדיקע אינטעליגענץ, וועלן די ליטווינער געפינען פאַר זיך אַ בע-סערן בײַשפּיל".

אויך אין דער ארבעטס-ארמיי האָט מען זיך ניט געיילט. מע האָט זיך אָנגעהויבן באהאלטן אין מאלינעס.

* * *

אין פרילינג 1943, ווען עס איז דורכגעפאלן אויך די מאָבילי-זאציע, האָט מען אָנגעהויבן ארעסטירן ליטווישע טוער. אויך די לע-גיאָנען צום קאמף מיט די פארטיזאנער, אָרגאניזירט דורך דעם גע-נעראל פלעכאוויטשוס, האָבן ניט געהאט קיין דערפאָלג. עס איז דערגאנגען צו אן אָפענער שיסעריי צווישן דעם ליטווישן און דייַ-טשישן מיליטער.

די דייַטשן האָבן גענומען זיך כאפן צו די פּאָליאקן. מע האָט זיי געגעבן אָנצוהערן, אז אויב זיי וועלן זיך גוט אופירן, וועט מען זיי אָפגעבן ווילנע. ווען עס האָט זיך ניט איינגעגעבן אריינצוציִען די פּאָליאקן, האָבן זיך אָנגעהויבן איבער דער שטאָט מאסן-ארעסטן. מע האָט אָפגעצאמט גאנצע קווארטאלן מיט פּאָליאקן און קינד-און-קייט ארויסגעפירט קיין דייַטשלאנד.

* * *

די העצע פון די דייַטשן האָט ניט באווירקט די גרונט-באפעל-קערונג פון ווילנע אין איר באציִונג צו די ייִדן. איך מיין ניט, פארשטייט זיך, די „איפאטינגא", די ליטווישע געסטאפּאָ און די „שאו-ליסטן", וואָס האָבן אָן ביימער צעשמעטערט קינדער און פארברענט זקיינים. איך מיין דעריקער דעם בעסערן טייל פון די שטאָטישע איינוווינער, ווי אויך די היגע אינטעליגענץ, וואָס די טראדיציע פון מענטשלעכע באגריפן איז געווען בא זיי צו פעסט, אז זיי זאָלן זיך אונטערגעבן די דייַטשן.

שוין די ערשטע טעג פונעם גוואלדיקן טעראָר, ווען דער גע-זעץ האָט געוואָרנט, אז פארן ריידן מיט א ייִדן קומט די גרעסטע שטראָף, האָט א באדייַטנדיקער טייל ייִדן זיך אויסבאהאלטן אין שטאָט בא די ניט-ייִדישע שכיינים. אין די צייַטונגען האָט מען ניט אופגעהערט צו וואָרענען די פויערים: אויב איר וועט פארקויפן איי-ער סכוירע ייִדן, זאָלט איר ניט זוכן בא דער מאכט קיין כעסעד. אָבער פיל פויערים פלעגן מיט א קיוון אריינפאָרן אין זייַטיקע געס-לעך, קעדיי צו פארקויפן זייער סכוירע די באגעגנטע ייִדן. און ווייל

דער ייִד איז געקר־וודעט, האָט מען די סכוירע אים פאַרקויפט פאַר וועלוועלער.

א היפשע צאָל פאָליאקן און ליטווינער האָבן בא זיך אין די היימען אויסבאהאלטן ייִדן. צווישן זיי וועלן מיר געדענקען אזוינע נעמען ווי: יוליאַן יאנקאוסקאס, יאנאָווא באַרטאָשעוויטש, מאריִא אבראמאָוויטש, וויקטאָריא גזשמילעווסקא. דאָס הויז פון די לעצטע צוויי, אף פאָהוליאנקע 16, איז געווען אן אָרעמיקלאָט פאַר צענדליקער געיאָגטע. די זשורנאליסטן שימייטע האָט געשאפן אין שטאָט א קאָמיטעט צו ראטעווען ייִדן. מאריִא פעדעצקא האָט גע־ראטעוועט דעם ד״ר סעדליס מיט זיין מישפּאָכע, דעם ד״ר קאמיי מיט דער טאָכטער און צענדליקער אנדערע באזאָרגט מיט פוילישע דאָקומענטן און פאנאנדערגעשיקט צו באקאנטע אין דאָרף. פּראָפ. סטאקאוסקאס האָט געראטעוועט 16 ייִדן, צווישן זיי ד״ר ליבאָ מיט דער פאמיליע און דעם נייניעריקן קינסטלער זאלמען באק. פּראָפ. טשעזשאָווסקי האָט געראטעוועט דעם פּראָפ. פעסעל מיט זיין פרוי און קינד און די לערערן זלאטע קאטשערגינסקי.

אויך א טייל שטאָטישע גאלאָכים האָבן זיך געהאלטן גאנץ ווער־דיק. דער ווילנער ביסקופּ רייניס האָט געפּריידיקט אין די קלויס־טערס, מע זאָל העלפן די געיאָגטע. אזוי האָבן אויך געהאנדלט די ביסקופן פון פאָניעוועזש און קאָוונע. דער גאלעך פון ווייַדוקלע איז, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, דערשאָסן געוואָרן לעבן זיין קלויס־טער באם פארטיידיקן ייִדישע קינדער.

* * *

ווערליק די דייטשישע געזעצן האָבן מאן־און־ווייב זיך געמוזט פא־נאנדערגיין, אויב עמעץ פון זיי איז א ייִד אָדער שטאמט ביזן דריטן דאָר פון ייִדן. דער ייִד האָט געמוזט אוועקגיין אין געטאָ, און דער ניט־ייִד האָט רעכט געהאט צו וווינען אין שטאָט. קינדער פון גע־מישטע פּאָרן, אויב נאָר דער טאטע איז א ייִד, זיינען פאַרעכנט גע־וואָרן פאַר ייִדישע און האָבן געמוזט זיך געפינען אין געטאָ.

ד״ר אקסען, א פאָליאק, האָט כאסענע געהאט מיט א ייִדיש מיידל פון מיכאַלישאָק. זיין פרוי מיט די קינדער האָט געסטאפּאָ ארעסטירט און שפּעטער אריינגעוואָרפן אין געטאָ. ד״ר אקסען איז געקומען צו זיין פרוי, האָט זיך אויסגעלערנט אין געטאָ גוט ייִדיש און האָט דורכגעמאכט דעם גורל פון די ייִדן אין געטאָ. אין געטאָ האָט אויך

געוווינט אַ דאָנער קאָזאַק. זײַן פרוי איז געווען אַ ייִדישע. סטאַסיע, אַן אַלטע דינסט בײַ דער מישפּאָכע ליפּקאָוויטש, איז אַרײַן אין געטאָ צוזאַמען מיט איר באַלעבאָסטע. ווען מע האָט אומגעבראַכט די ייִדישע פרוי, איז סטאַסיע געוואָרן אַ מאַמע פאַר די פאַריאָסעמטע קינדער.

דעם זינגער רוזשינסקי האָט מען געפירט שיסן. אַ פאַרבײַגייער האָט אים דערקענט. רוזשינסקי איז געווען אַן אָפיצער אין דער פוילישער אַרמײ. דער פאַרבײַגייער האָט געדינט בײַ אים אין פּאָלק. דערזען, אַז מע פירט זײַן אָפיצער צום טויט, האָט ער זיך גענומען בעטן בײַ דעם וועכטער, ער זאָל באַפרײַען זײַן אָפיצער. פאַר אַ גאָלדענעם זייגער האָט דער וועכטער זיך געלאָזט איבעררייִדן. ער האָט אָבער געזאָגט, אַז אַזוי ווי דער געסטאַפּאָ־בנין איז דאָ ניט ווײַט און פון פענצטער זעט מען דאָס אָרט פון די עקזעקוציעס, מוז ער אויספירן דעם באַפעל: ער וועט צופירן דעם אָפיצער צום גרוב און שיסן איבער זײַן קאָפּ. זאָל יענער אַ פאַל טאָן און ליגן אין גרוב ביז אָוונט. אין אָוונט זאָל ער זיך פּאַמעלעך אַוועקשאַרן און נעלעם ווערן פון דער געגנט. אין אָוונט איז צום גרוב געקומען דער סאָלדאַט פון רוזשינסקיס פּאָלק און האָט אים אַוועקגעפירט צו זיך אַהיים. רוזשינסקי איז אַרויס פון גרוב אַ גרויער.

בײַם סאָלדאַט האָט ער אָפּגעלעבט אַ כוידעש. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן איבער דער געגנט אָבלאַוועס, איז ער מיט מאַטערניש צוריקגעקומען אין ווילנע און אַרײַן אין געטאָ. זײַן רוסישע פרוי איז געקומען צו אים. זי האָט אָנגענומען זײַן גורל און געטראָגן אַ לאַטע.

## דער רעפערענט פאַר ייִדישע ענייִאָנים

מורער, דער רעפערענט פאַר ייִדישע ענייִאָנים בײַם געביטסקאָמיסאַר הינגסט, איז אַלט סאַכאַקל פיר און צוואַנציק יאָר. ער איז אַן אָפיצער. זײַן טאַטע איז געווען אַ טאַליען אין אַ ווײַטער דײַטשישער פּראָווינץ. דער זון האָט געהאַלטן פון טראַדיציע און ניט פאַרשעמט זײַן טאַטן. ער איז דערצויגן געוואָרן בײַ דער היטלער־יוגנט אין נירנבערג. דאָרט האָט ער שטודירט „ייִדן־קענטשאַפט“.

צו אים פלעגן אָנקומען די באַפעלן פון הימלערן. בײַ הימלערן אויפן טיש, אַזוי האָט מען דערציילט, ליגט אַ גרויסע פּלאַסטישע מאַפּע און אויף יעדן ייִדן־פּונקט שטעקט אַ פענדעלע. יעדן טאָג נעמט

הימלער ארויס עטלעכע פענדעלעך. דאָס באַטײַט: אינ יענע עוטער
דארפ מענ אויסהארגענענ די ייִדנ. די באפעלנ ווערנ איבערגעשיקט
צו אזעלכע מורערס. ער מיט זײַנע מענטשנ טראכטנ צו די פּראַצע-
דור פונ פארטיליקונג, גיבנ זי איבער אזא שוויַנענבערג אָדער ווײַס,
אונ יענע פירנ זי אויס וועדליק די באקומענע אינסטרוקציעס.
מורער האָט ליב געהאט זיך צו שפּילנ מיט זײַנע ייִדנ. ער פלעגט
אומגעריכט אָנפאַלנ צום טויער פונ דער געטאָ אונ קאָנטראָלירנ יעדנ
איינעם, וואָס קערט זיך אומ פונ דער ארבעט. פאר געפינענ עסנ-
ווארג פלעגט ער אליינ אוועקפירנ אינ טורמע. אָפט פלעגט ער בא-
טאפנ די לאטעס. ווענ א שפּיץ פונ דער לאטע איז געווענ אָפּגע-
ריסנ, האָט ער שוינ דעמ קאָרבנ ניט אָפּגעלאָזט. ווענ ער פלעגט גע-
פינענ געלט אָדער בלומענ, פלעגט ער הייסנ דער טויער-פּאָליציי
שמײַסנ דעמ פארברעכער. דעריקער האָט ער ליב געהאט זיך צוקוקנ,
ווי מע שמײַסט יונגע מיידלעך. ער פלעגט זיך שטעלנ בא דער זײַט
אונ שרײַענ: שטארקער! שטארקער!
איינמאָל האָט ער באגעגנט א פארטיע ייִדנ, זיי קאָנטראָלירט אונ
געפונענ בא איינעמ א קילאָ מעל. ער האָט אלע צוואנציק ארעסטירט
אונ אליינ בײַגעווענ אינ פאָנאר באַמ אויספירנ די עקזעקוציע.
אינ געטאָ איז ער געווענ אנ אָפטער ארײַנגייער. ער האָט גע-
האט אנ אייגענעמ שליסל צומ טויער, אונ ווענ ס'האָט זיך אימ גע-
גלוסט, איז ער געקומענ. באמ באזוכנ די ווארשטאטנ אינ געטאָ פלעגט
ער באפעלנ, מע זאָל ארונטערקריכנ אונטער די טישנ אונ וויענ ווי
הינט. ער האָט ליב געהאט צו פארברענגענ אינ באָד אפ סטראשונ-
גאס 6. דאָרט פלעגט ער זיך אוועקשטעלנ מיט פארלייגטע הענט אונ
זיך צוקוקנ צו די נאקעטע ווײַבער. איינמאָל איז ער צו נעענטער,
זיי באטאפּט אונ אויסגערופנ:
— איר זײַט צו פעט, איך וועל זיך סטארענ, איר זאָלט ווערנ
דארער.
נאָכ דער שכיטע פונ פיר טויזנט פּראָווינצער ייִדנ, וואָס אָנ-
שטאָט זיי צו פירנ פונ ווילנע קיינ קאָוונע, האָט מענ זיי פארקערעוועט אפ
פאָנאר, האָט מורער צו זיך גערופנ דעמ געטאָ-פאָרשטייער גענס אונ
זיך אנטשולדיקט: עס איז געווענ א טאָעס. דערבײַ האָט ער צו אימ
געזאָגט, אז נאָכנ קריג וועט ער די געטאָ פארברייטערנ: ער וועט
צוגעבנ סטעפנ-גאס.
אינ מײַ 1943 האָט מורער פאנאנדערגעטיילט די ייִדישע בריגא-
דירנ (די אָנפירער פונ דער ארבעט) געדרוקטע דײַטשישע טעקסטנ,

וועלכע די בריגאדירן האָבן געמוזט איבערגעבן די דײַטשישע אַר-
בעטסגעבער און אַרויסבאַקומען אַן אונטערשריפט, אַז די דײַטשן
האָבן עס געלייענט. אין די טאַקאָנעס איז צווישן אַנדערן געזאָגט:
די ייִדן אַרבעטן נאָר צײַטווײַליק. אַ דײַטש דאַרף צו יעדער צײַט
געדענקען, אַז זײַן גרעסטער סוינע איז דער ייִד.

אין יוני 1943 איז ער לויט אַ באַפעל פון הימלערן אַוועקגעשיקט
געוואָרן אַנדערשוווּ. זײַן פאַרבײַטער אין ווילנע איז געבליבן
לאַקנער.

## דײַטשישע באַרעמהאַרציקייט

באַ מײַן צוואַנג-אַרבעט אין אַ דײַטשישער אונטערנעמונג, אַף
וויוואָלסקע 18, איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַקענען מיט אַ דײַ-
טשישן שפּיטאָל. דער שפּיטאָל-הויף איז אַרויסגעקומען פּונקט אַנט-
קעגן מײַן פּאַרקאַן. הינטער אים פלעגן אַרומשפּאַצירן מילכאָמע-אינ-
וואַלידן. עס איז דערגאַנגען צו מיר אַ געמיש פון שפּראַכן: רומע-
ניש, אונגאַריש, איטאַליעניש, שפּאַניש, פיניש און אַנדערע. אין דעם
שפּיטאָל זײַנען קיין דײַטשן ניט געלעגן.

איך פלעג זען די קאַליקעס און בלינדע. אָפטמאָל פלעגן אַנדע-
רע אַפילע צוגיין צום פּאַרקאַן, ריידן מיט די ייִדן און פרעגן באַ
זיי נײַעס. די אינוואַלידן פלעגט מען געבן גוט צום עסן, און דער
סעקרעטאַר פון דער ווילנער נ. ס. ד. אַ. פּ. (נאַציאָנאַל-סאָציאַליס-
טישע דײַטשישע אַרבעטער-פּאַרטיי) כפּאָרקעט, אַ געוועזענער לעדער-
סוחר פון ביאַליסטאָק, פלעגט האַלטן פאַר זיי רעפעראַטן. זייער
אָפט פלעגן די אינוואַלידן שרײַבן בריוו, דערציילן זייערע קרוויים
און עלטערן, ווי גוט זיי איז באַ די דײַטשן, ווי זאָרגעוודיק זיי ווערן
געהיילט. אָפט פלעגן צו זיי קומען רומענישע, אונגאַרישע, איטאַ-
ליענישע, שפּאַנישע און פינישע זשורנאַליסטן. מע פלעגט זיי אויך
פאָטאָגראַפירן. אין דער „Vilnaer Zeitung“ האָב איך געלייענט
אַן אינטערוויו מיט איינעם אָט אַזאַ זשורנאַליסט. ער האָט זיך ניט גע-
קענט אָפּלויבן פון דער דײַטשישער זאָרגעוודיקײַט, פון דער מענטש-
לעכער באַציִונג צו די קראַנקע. „ווען איך וועל קומען אין מײַן
פאָטערלאַנד, — האָט ער פאַרענדיקט דעם אינטערוויו, — וועל איך דער-
ציילן מײַן פאָלק וועגן דער דײַטשישער באַרעמהאַרציקײַט“.

שטענדיק איז מיר אויסגעקומען פאַרדעכטיק, וואָס נאָך אַזאַ באַ-
זוך פון זשורנאַליסטן ווערט אַף מאָרגן דער הויף אַ פוסטער, און

אויך אין דער שפיטאָל-געביַידע איז ניט צו מערקן הינטער די שויבן קיין כאלאָ ים.

ווו זייַנען אהינגעקומען די בלינדע און די קאליקעס?

אנטקעגן דעם שפיטאָל־אריַינגאנג איז געווען דער ייִדישער אר-בעטס-לאגער „קייַליס". איינמאָל איז מיר דאָרט אויסגעקומען צו נעכ-טיקן, ווייַל די געטאָ איז געווען באוואכט, און אזויווי איך האָב געהערט בא זיך געווער, האָב איך ניט געטאָרט אהין גיין. באנאכט אזייגער 12 האָב איך דערהערט א גערויש פון א זיך אָפּשטעלנדיקן אווטאָ. אפ אזוינס בין איך געווען שפּירעוודיק. פאר א ייִדן פון גע-טאָ ווערט יעדער שאָרך, יעדער באוועגונג גלייַך פארבונדן מיט א סאקאָנע. איך האָב מיט פאכעד א שפרונג געטאָן צום פענצטער. מייַן פרייַנט בעלקינד, בא וועמען איך האָב גענעכטיקט און וואָס האָט מער ווי א יאָר געלעבט אין לאגער, האָט זיך אָבער ניט דערשראָקן.

— עס איז ניט צו אונדז, — האָט ער מיך בארויִקט.—דאָס איז מען געקומען ארויספירן די אינוואלידן אין פּאָנאר.

בעלקינד האָט זיך צערעדט:

— וואָס, איר ווייסט ניט? פריִער היילט מען זיי, מע גיט זיי גוט עסן, מע ברענגט אהער זשורנאליסטן, און נאָכדעם קומט וויַיס מיט זייַן אווטאָ, פירט דאָרטן אריַין די בלינדע, די איינפיסיקע, און אין א שאָ ארום קומט ער ווידער מיט א פוסטן אווטאָ. די אינוואלידן זאָגט מען, אז מע פירט זיי ערגעץ אנדערש צו באשיצן, ווייַל אין שטאָט ריכט מען זיך קלוימערשט אפ סאָוועטישע אעראָפּלאנען. אז מייַנע ווערטער זייַנען ריכטיק, קענט איר זיך איבערצייַגן: לאָמיר זיצן בא דעם פענצטער א שאָ, וועט אָנקומען דער אווטאָ, און דער שאָפער וועט ארויסטראָגן צוריק די קוליעס פון די דערשאָסענע.

בא דער לעוואָנע-שייַן האָב איך אליין געזען, ווי מע פירט די אינוואלידן איינציקווייַז אין דעם אָפענעם אווטאָ.

אין א שאָ ארום האָט זיך דער אווטאָ צוריקגעקערט. דער שאָפער האָט אריַינגעטראָגן אין שפיטאָל די קוליעס.

מע קען שוין ארויספירן א צווייטע פארטיע. און ווען דער שפיטאָל וועט פריַי ווערן, וועט מען ברענגען נייַע.

* * *

דעם 17-טן יול 1942 האָט וויַיס אוועקגעפירט פון געטאָ זעקס און אכציק אלטינקע מענער און פרויען קיין פּאָספּיעשק, פינף קי-לאָמעטער פון ווילנע, אין ביניען פון דער אמאָליקער קאָלאָניע „טאָז".

ווײַס האָט באַפוילן, מע זאָל אהינ ברענגען פונ געטאָ קעסלען אונ שפּײַז פאַר די אַלטע לײַט. שוועסטער אינ ווײַסע כאַלאַטנ דאַרפנ באַדינען די זקיינים. ווײַס האָט געבראַכט אהינ צוויי פּוד פּוטער.

דער פּאַנסיאָנ אפ פּאָספּיעשק איז געווענ פאַר דער געטאָ א רעטעניש. קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס דאָ קומט פאָר. עס איז אריבער א טאָג, א צווייטער, א דריטער, אונ די זעקס אונ אכציק האָבנ זיך צווישנ גרינע וועלדער פאַריכט אינ געזונט. צווישנ די פּאַנסיאָנערנ איז אויך געווענ די נײַנציקיעריקע טערעסא קאָכאַנאָווסקא, וואָס צו נײַנ יאָר האָבנ זי די עלטערנ אָפּגעשמאַדט. ווײַס האָט זי אויסגעפונענ אינ דער פּוילישער באָגאַדעלניע אונ צום סאָפ פונ איר לעבנ דערמאָנט איר יידישקײַט.

זעקס טעג האָט ווײַס אָפּגעהאַלטנ די זקיינים אינ פּאַנסיאָנ, אפנ זיבעטנ איז ער געקומענ מיט אויסלענדישע געכט, אונ מע האָט פאָטאָגראַפירט די אַלטע. גלײַך נאָכדעם האָט ער אַלעמענ אוועקגעפירט אפ פּאָנאַר.

* * *

אינ מײַ 1943 בינ איך געשיקט געוואָרנ אַרבעטנ אפנ ווילנער באַנ. דאָרט איז געבראַכט געוואָרנ דער סמאָלענסקער מוזיי, אונ איך מיט נאָך כאַווערים האָבנ דאָס געדאַרפט אריבערפירנ אינ שטאָטישנ אַרכיוו אפ איגנאַטאָווער געסל.

צוזאַמענ מיטנ מוזיי זײַנען געקומענ צענ וואַגאָנעס מיט קליינע קינדער, אנ ערעך פונ דרײַ יאָר ביז צענ. בא יעדנ וואַגאָנ איז געשטאַנענ א דײַטש אונ האָט געהיט, אז די קינדער זאָלנ ניט אנטלויפנ. די אַרבעטער אפנ באַנ האָבנ זיך פאַרינטערעסירט מיט די קינדער. זיי האָבנ זיך דערוווּסט, אז זיי זײַנען פונ סמאָלענסק. עס איז פאַרבײַגעגאַנגענ דער מאַשיניסט אונ געזאָגט די אָרומיקע: די קינדער זײַנען באַשטימט אפ פּאָנאַר. די אַרבעטער האָבנ זיך דערנעענטערט צו די דײַטשנ אונ זיך צו זיי געווענדט:

— עפּשער פאַרקויפט איר די קינדער?..

צוערשט האָבנ זיך די דײַטשנ געקווענקלט. דערזענ אָבער, אז עס שמעקט מיט געשעפט, האָט מענ אָנגעהויבנ מיסכערנ: פינפ מאַרק א קינד! די אָרומיקע האָבנ זיך צוגעכאַפּט צו די וואַגאָנעס אונ גענומענ אָר סקלײַבנ קינדער.

דערזענ, אז די מכוירע גייט, האָבנ די וועכטער געהויבנ דעמ פרייַז: צענ מארק א קינד! דער מעקעכ האָט ניט אָפגעשראָקנ. האָט מענ ווידער געהויבנ דעמ פרייַז: פופצנ מארק א קינד!

אונ אזוי האָט עס דערגרייכט ביז דרייַסיק מארק א קינד.

קימאט אלע קינדער האָט מענ אויסגעקויפט. די דייַטשנ מיט דעמ געלט אינ קעשענע האָבנ דערבייַ געלאכט פונ די נארישע מענטשנ.

* * *

מיטנ פלי-פלאצ אינ פּאָרובאנעק, ווו עס האָבנ געארבעט א פּאָר הונדערט יידנ, האָט אָנגעפירט א האמבורגער פעלדפעבל האנס דע-גנער. דעגנער האָט אזוי לאנג פראָוואָצירט אונ געפּייַניקט, ביז די ארבעטער האָבנ אימ אָנגעקלאָגט פאר מורערנ... — האָט ער זיכ נאָכ מער איזדיעקעוועט איבער זייַנע קאָרבאָנעס.

איינמאָל האָט ער אויסגעקליבנ פונ די רייענ צוואנציק ארבע-טער אונ געמאָלדנ זיי, אז מאכמעס דעמ, וואָס מע סאבאָטירט אונ מע קומט ניט צו דער ארבעט, וועט ער צעג פונ זיי דערעיסנ. ווענ ער וועט אָפּגעבנ די קאָמאנדע: „לאופענ"!, דארפנ אלע צוואנ-ציק זיכ א לאָז טאָנ איבערנ פלי-פלאצ צו אנ אָנגעמערקטנ פונקט, א קילאָמעטער ווייַט. די ערשטע צענ, וואָס וועלנ אהינצו אָנקומענ וועלנ בלייַבנ לעבנ. די איבעריקע, וואָס וועלנ ניט דערלויפנ, וועט ער דערשיסנ.

דעגנער האָט זיכ אוועקגעזעצט אפ א ראָווער אונ א געשריי געטאָנ: „לאופענ"! די צוואנציק האָבנ זיכ א ריס געטאָנ אונ גענומענ יאָגנ. דעגנער איז זיי נאָכגעפאָרנ אָנ א זייַט, אונ ווי א ריכטער אפ א געוועט-לויף אָבסערווירט דעמ געיאָג. צווישנ די לויפער זייַנענ גע-ווענ יונגנטלעכע אונ עלטערע. געווענ אויכ א טאטע מיט א זונ. זייער פאמיליע איז פּוזיריסקי. בא איינ־קע האָט בייסנ לויפנ געפּלאצט דאָס הארצ. לעסאָפ האָט דעגנער דאָכ אָפּגענארט: די דערלאָפענע צענ האָט ער דערשאָסנ, די אנדערע האָט ער געלאָזט לעבנ.

* * *

פיר טויזנט פראָווינצער יידנ פונ מיכאַלישאָק, סווענציאַנ, אָש-מענע, כווייר האָט מענ דעמ 5-טנ אפּריל 1943 עוואקוירט פונ זייע-

דע שטעטלעך. מע האָט זיי געזאָגט, אַז מע פירט זיי אין קאָונע. מיט דער פּראָוואָקאַציע האָט אָנגעפירט ד״ר וואָלף אַליין, דער גע־ביטסקאָמיסאַר פון ווילנער געגנט — א געוועזענער נאַטשאַלניק פון קאָנצלאַגער אין דאַכאַו. די באַן האָט זיך אָבער פאַרקערעוועט צום הויפּט-קייוועך אין פּאָנאַר. דאָרטן האָט שוין אָפּגעוואַרט ווייס מיט זיינע מענטשן, און וואַגאָנענווייז האָט מען גענומען אומברענגען די יידן. אין דער אַקציע האָט זיך אַגעוו באַטייליקט עלען דעגנער — א געוועזענע סטודענטקע פון האַמבורגער אוניווערסיטעט און איצטער ווייס׳ געליבטע, אַן אַקטיווער מיטגליד פון עקזעקוציע-פּאָלק אין פּאָנאַר.

נאָך דער שכיטע איז צו ווייסן דערגאַנגען, אַז זיבן יידן האָט זיך איינגעגעבן פון פּאָנאַר צו אַנטלויפן אין געטאָ. ווייס איז געקו־מען אין געטאָ און געפאָדערט באַם יידנראַט, מע זאָל אים טייקעף אַרויסגעבן די אַנטלאָפענע. ניט באַקומענ די אַנטלאָפענע, האָט ווייס באַפוילן זיינע מעשאָרסים, מע זאָל אים טייקעף אויפקלייבן וועלכע־ניט-איז זיבן יידן. מע האָט אים געבראַכט זיבן אַלטע לייט, צווישן זיי עטלעכע קראַנקע. ווייס האָט דערזען די אַלטע, האָט ער זיך אָנ־געצונדן, און זיינע אויגן האָבן שיר ניט אַרויסגעשפּאָרט דורך די ברילן.

— עס איז מיר א שאַנד צו קומען מיט אַזעלכע אין פּאָנאַר. איך באַדאַרף יונגע! — האָט ער געטופּעט מיט די פיס. ער איז אַריין אין געטאָ-טורמע און דערזען יאַשקע מאַטיקאַנסקי, א געזונטן, שיינעם באָכער פון א יאָר 19. ווייס האָט זיך אַזש צעשמייכלט. זיין צאָרן איז אַוועק ווי א רויך.

— אָט אַזעלכע דאַרף איך! — האָט ער אין פרייד אויסגעשריען צו זיינע מיטהעלפער, — אָט אַזעלכע דאַרף איך! — ער האָט אָפּגעלאָזט צווישן די זיבן איינעם א קאַליקע און אים פאַרביטן מיט יאַשקע מאַטיקאַנסקי.

* * *

סאָלאָמאָן גאַרבעל, לויטן אויפטראָג פון דער פּאַרטיזאַנער-אָר־גאַניזאַציע — א פּאָליציאַנט פון געטאָ, דערציילט:

„דעם 6-טן אַפּרעל 1943, אין מאָרגן נאָך דער שכיטע איבער די פיר טויזנט פּראָווינצער יידן, איז ווייס אַריינגעפאָרן אין א ראָווער

אין געטאָ און גערופן ייִדישע פּאָליציי צו מעקאבער זײַן די טויטע. מיר זײַנען אוועק זאלבעצענט. ווײַס איז פּאָרויס געפּאָרן אפ זײַן ראָווער און געוויזן דעם וועג.

שוין א האלבן קילאָמעטער פון פּאָנאר, נאָענט פון דער באן־ליניע, האָבן מיר געפונען טויטע. דאָס זײַנען די, וואָס האָבן געפּרוּווט אנטלויפן. די דײַטשן האָבן אין זיי נאָכגעשאָסן. אפן טויער, וואָס האָט געפירט צום אָרט פון די עקזעקוציעס, איז געהאנגען א שילד: „אײַנטריט אויך פיר דויטשע אָפיצירע שטרענג פערבאָטען!" דורך דעם זעלבן טויער זײַנען ארײַנגעצויגן רעלסן: די קאָרבאָנעס, וואָס מע פירט מיט דער באן, זאָלן גלײַך צוקומען צו די גריבער. וואָס ווײַטער מיר זײַנען געגאנגען, אלץ שרעקלעכערס האָבן מיר געזען. דאָס גראָז איז רויט געווען פון בלוט. דאָס גאנצע פעלד איז פארלייגט געווען מיט מייסים. דיביימער זײַנען באשפּריצט געווען מיט מארך. בא די שטאמען זײַנען געלעגן צעשמעטערטע קינדער. איך האָב געזען א סאך קינדער איבערגעריסענע אפ העלפט. א פּיסל דאָ און א פּיסל דאָרטן. אנדערשוווּ האָב איך באמערקט בלויז קינדערשע קעפּלעך. אפן פּלאץ האָבן זיך געוואלגערט דאָקומענטן, וויזיט־קארטלעך, פאָטאָגראפיעס, צעריסענע רובלס. צווישן די מייסים איז געלעגן אויך א דײַטש מיט אן איבערגעשניטענעם גאָרגל, דאָס האָט אים מיסטאמע געקוילעט א ייִד, אנטלויפנדיק פון וואגאָן. ווײַס האָט אונדז נעגעבן בראנפן און אָנגעזאָגט: ארבעטן זאָל מען ערלעך. די אָנגעטאָנענע מייסים זאָל מען אויסטאָן און פארגראָבן מיט אן אָרדענונג. די קליידער זאָל מען אוועקלייגן אָן א זײַט, באזונדער די מענערשע, באזונדער די פרויִשע. דאָס געפונענע גאָלד האָט ער געהייסן ארײַנוווארפן אין אן עמער. דער, וואָס וועט זיך דערוועגן צו גאנווענען, וועט דערשאָסן ווערן. אָפּגעזאָגט די אלע אינסטרוקציעס, האָט ער אונדז ארופגעפירט אפ א דערבײַיִק בערגל, אָנגעוויזן אַפ באזונדערע פארברוקירטע פלעצער און געזאָגט:

— דאָ ליגן די ייִדן פונעם כאפונעס־פערױאָד (דאָס וואָרט „כאפונעס" האָט ער געזאָגט אין ייִדיש און געשמייכלט דערבײַ פון זײַן גרויסער באהאוונטקײַט). דאָ ליגן ציגײַנער. דאָ ליגן די יעניקע, וואָס האָבן געזאָגט: „ניע דאמי סיענ"[1], ד. ה. פּאָליאקן. דאָ זײַ־

---

1 מיר וועלן זיך ניט אונטערגעבן (פּויליש).

נען ליטווינער, וואָס זײַנען קעגן אונדז. דאָרט זײַנען קריגס־געפאנגענע פון גאנצ רוסלאנד. און דאָרט, — האָט ער אָנגעוויזן אין דער ווײַט באם האָריזאָנט, — איז נאָך די ערד א פוסטע. נאָר דאָס איז ניט אפ לאנג: אפ דער וועלט זײַנען נאָך צו פיל מענטשן!

אייניקע קאָרבאָנעס האָבן נאָך געלעבט. מיר האָבן ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, נאָר באם אופהייבן זיי פון אָרט זײַנען די פארווונדעטע געשטאָרבן. א סאך ייִדן האָבן געהאט מיט זיך טאלייסים. בא אנדערע האָבן מיר געפונען אין די קעשענעס בריוו. פאָרנדיק אין די פארדראָטעוועטע באנען, האָבן זיי דאָס געשריבן. אין איין בריוו, געדענק איך, איז אזוי געווען: „ייִדן, מע פירט אונדז שיסן! איר זאָלט נעמען נעקאָמע! פלעקסער פון סווענציאנ״.

באם ארויסטראָגן די פארבלוטיקטע פעק פון די וואגאָנעס האָבן מיר געפונען אײַנגעוויקלט אין שמאטעס א לעבעדיק קינד. דאָס קינד האָט זיך באהאלטן, און קיינער האָט עס ניט באמערקט. זײַן נאָמען איז בערעלע גאָלדשטיין פון מיכאלישאָק. ער האָט דערקענט, אז מיר זײַנען ייִדן און זיך געבעטן: „ראטעוועט!״ מיר האָבן אים ארויסגעהיט פון ווײַסן און אריבערגעטראָגן אין געטאָ.

מיר האָבן מעקאבער געווען בא א פינפ הונדערט ייִדן: אלע, וואָס זײַנען געלעגן צעוואָרפענע איבער די פעלדער, אלע, וואָס האָבן זיך ניט אויסגעטאָן און געפרווּוט צעלויפן. די איבעריקע זײַנען געלעגן אָנגעוואָרפן אין א טאָל, און מע האָט זיי געדארפט בלויז פארגיסן מיט כלאָרקע.

מיר זײַנען זיכער געווען, אז דאָ וועלן מיר שוין בלײַבן. ווײַס וועט אונדז דערשיסן. נאָר פלוצלינג איז ער אָנגעקומען א שיקערער און צו אונדז געזאָגט: „איר זײַט די איינציקע, וועלכע זײַנען געווען אפ פאָנאר און קערן זיך אום אהיים. דאָס איז דערפאר, ווײַל איר זײַט ערלעכע ייִדן״.

פארן צוריקגיין אין געטאָ האָב איך דערזען אן אויסטערליש בילד: דער קייווער, ווו מיר האָבן באגראָבן די ייִדן, האָט זיך אָנגעהויבן צו באוועגן. און פון מינוט צו מינוט איז ער געוואקסן אלץ העכער... ווײַס האָט אונדז בארויִקט: „דאָס נעמען געשוואָלן ווערן די קערפערס און הייבן די ערד״.

* * *

די טשעכישע ייִדן האָבן פון פּאָנאַר ניט געהערט. זיי זײַנען געוועזן זיכער, אַז דאָס פירט מען זיי טאַקע אַפּ אַרבעט. די זיכערקײַט האָט זיך גענומען דערפון, וואָס פופציק טשעכישע פּאָליציאַנטן האָבן זיי באַגלייט אין וועג. די פּאָליציי האָט ניט געוווּסט אַליין, אַז דאָס פירט מען צו דער שכיטע. ווען די ייִדן האָבן אַרויסגעוויזן מוירע זיך אַרויסצוקלײַבן פון דער היים, האָבן די דײַטשן געזאָגט: קעדיי איר זאָלט האָבן צוטרוי, אַז מיר פירן אײַך אַפּ אַרבעט, ניט אַנדערש־ווי, וועלן מיר אײַך מיטגעבן טשעכישע פּאָליציי אײַך צו באַהיטן...

די ייִדן זײַנען געוואָרן רויִקער. מע איז געפאָרן.

אַפּ דער באַן־סטאַנציע אין ווילנע האָבן אַרבעטנדיקע געטאָ־ייִדן באַמערקט דעם עשעלאָן.

— וווּהין פאָרט איר? — האָבן געפרעגט די ווילנער.

— נאָך דער שטאָט פּאָנאַרי, — האָבן געענטפערט די טשעכישע בירגער, און זיי האָבן זיך איבערגעקוקט מיט דער טשעכישער פּאָליציי. די האָט מען אויך אומגעבראַכט. אַפּ מאָרגן האָט מען אַרײַנגעפירט אין געטאָ קליידער מיט לאַטעס און טשעכישע אוניפאָרמען.

# די קליידער

די קליידער פון די אומגעבראַכטע מענטשן האָט מען זאָרגעוודיק געהיט. אין געסטאַפּאָ־הויף, אין די לאַגערן האָט מען געצוווּנגען די געטאָ־ייִדן צו סאָרטירן די בגאָדים. מײַער, אַ ווינער דײַטש, האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. די סיסטעם איז געווען אַ פּאַשעטע: שיך באַזונדער, מאַנטלען באַזונדער, אַזוי אויך יעטווידער קלייניקײַט, וואָס מע פלעגט געפינען אין די קליידער.

די לאַטעס פלעגט מען דאַרפן אַראָפּרײַסן. דערבײַ אָבער האָט מײַער אָנגעזאָגט, אַז צו איינציקע פון די פאַרשיידנאַרטיקע אָפּצייכנס און לאַטעס זאָל מען איבערלאָזן פאַר אים. דאָס קלײַבט ער אַ קאָלעקציע. און צייכנס זײַנען געווען פאַרשיידענע: ווײַסע פירקאַנטיקע טיכלעך און אינווייניק אין אַ געלן קרײַז אַ J (יודע). בלויע אָרעמבענדער מיט אַ ווײַסן מאָגן־דאָוויד. געלע מאָגן־דאָווידס מיט אַ שוואַרצן קאַנט און אינווייניק אַ „Jude“ (די לעצטע זײַנען פון דעם עשעלאָן טשעכישע ייִדן, וואָס מע האָט געבראַכט אין ווילנע). לאַטעס געלע, בלויז אַ מאָגן־דאָוויד, און לאַטעס רויטע, פירקאַנטיקע.

אויך די נומערירטע בלעכלעך, וואָס מע פלעגט טראָגן אין ווילנע אפ די העלדזער, אויסער דער לאטע, פארשיידנסטע דאָקומענטן און שײַנען פון אלערליי קאָלירן — דאָס אלץ האָט מען באדארפט אָפּגעבן מײַערן, דעם פרומען קאטויל, אפ אן אָנדענק.

איבער די קליידער פלעגן אָפט די געסטאפּאָווצעס זיך קריגן. כאָטש איטלעכער פון די מערדער האָט פאר דער צײַט זיך אָנגערויבט טשעמאָדאנעס מיט גאָלד, דאָך איז יעדערן געווען א שאָד דורכצולאָזן א געלעגנהײַט. באם סאָרטירן און באטאפּן די קליידער פלעגן זיך אפ זיי ארופווארפן אין די צענדליקער געסטאפּאָ-לײַט.

ווײַס, דער הויפּט-שוטעפּ צום געשעפט, האָט זיך באליידיקט: וואָס הייסט? ער האָט אופגעגראָבן דעם גאָלד־קוואל, און אנדערע נעמען ·עס צו! פון דעמלט אָן האָט ער זיך גענומען אין פּאָנאר א געהילף, וואָס זײַן ארבעט איז באשטאנען בלויז אין דורכטאפּן די קעשענעס פון די דערשאָסענע — ערשט נאָכדעם האָט מען געמעגט די בגאָדים אוועקפירן אין געסטאפּאָ.

נאָך יעדער שכיטע פלעגן די דײַטשן דערפילן צו די פארבליבענע א „ראכמאָנעס“. די ערגערע שיך, ווי אויך מאנטלען פון די הארוגים פלעגן זיי ארײַנשיקן א מאטאָנע פאר דער געטאָ. איך האָב אמאָל אפ א וואָגן שיך דערקענט דער מאמעס א טופל.

## דער באלעבאָס פון פּאָנאר

שווײַנענבערגן האָט מען אָפּגעשיקט אפן פראָנט. מארטין ווײַס איז געוואָרן זײַן פארבײַטער—דער נאטשאלניק פון „איפּאטינגא“, דער באלעבאָס פון פּאָנאר.

ווײַס איז ניט בלויז אן אויספירער. ניין. ער האָט ליב זײַן קונסט, ווי דער מוזיקער זײַן פידל. זײַן גרעסטע פרייד איז, ווען מיט די אייגענע הענט דערשיסט ער קינדער. אין פּאָנאר גופע, ניט ווײַט פון די גריבער, האָט ער זיך אויסגעבויט א דאטשע. קעדיי ער זאָל זיך פאריכטן, מוז ער האָבן בלוט.

דעם 17-טן יול 1941, ווען ער איז נאָך געווען שווײַנענבערגס געהילף, האָט ער געמאכט די ערשטע רעפּעטיציע. אונטערן אויסרייד, אז יידן האָבן געהארגעט א דײַטש, האָט ער פּאָגראָמירט די גאס נאָוויגראָד. פינף הונדערט יידן האָט ער צעשאָסן אפן גאס. עטלעכע טויזנט האָט ער געכאפּט און אוועקגעפירט אין דער לוקישקער טורמע.

אפּן וועג האָט ער באַפּוילן אַרויסצוציִען פֿון די הויזן די גאַרטלען, אַזוי אַז די הויזן זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן. די ייִדן האָבן עס ניט געקענט אויפֿהייבן, ווײַל די הענט האָט מען געצוווּנגען האַלטן אין דער הייך, פֿאַרבראָכן איבער די קעפּ. פּאָרויס פֿון דער פּראָצעסיע איז געגאַנגען דער ראָוו פֿון נאָוואָגראָד סעגאַל.

דעם 6-טן סעפּטעמבער 1941, ווען מע איז אַרײַן אין געטאָ, האָט ווײַס אַרײַנגעפֿירט פֿאַרן האַנט דורכן געטאָ-טויער דאָס מיידעלע גיטע פּערלאָוו, וואָס האָט ניט געהאַט קיין געלע לאַטע. דאָס מיידעלע, אַן עלפֿיעריקע שילערן פֿון דער ווילנער רעאַל-גימנאַזיע, האָט מיסטאָמע געמיינט, אַז ווײַס איז אַ „גוטער דײַטש“, וואָס וויל זי ראַטעווען פֿון די כאַפּונעס. נאָר זי האָט געהאַט אַ טעות. ער האָט זי אָוועקגעשטעלט בײַ אַ וואַנט און דערשאָסן.

* * *

זעלדע איינהאָרן, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון פּאָנאַר, ווו זי האָט געזען, ווי מע האָט דערשאָסן איר מישפּאָכע, האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי עס איז אומגעקומען צערנע מאָרגנשטערן, די טאָכטער פֿון אַ ווילנער לערער, אַ וווּנדער-שיין מיידל פֿון אַכצן יאָר.

...זי איז געגאַנגען אינאיינעם מיט איר מאַמען און קליינעם ברודערל. נאָענט בײַ דער גרוב האָט מען איר געהייסן זיך אויסטאָן. ווער עס האָט ניט געפֿאָלגט — דעם האָט מען אויסגעשטאָכן די אויגן. עס איז געווען אָוונט. אָקאָרשט איז אויף די לעוואָנע. ווען צערנע איז צוגעגאַנגען צו דער גרוב שוין האַלב אויסגעטאָן, איז צוגעלאָפֿן ווײַס, זי גענומען אונטערן אָרעם און זי אָפּגעפֿירט אָן אַ זײַט. ער וויל זי ראַטעווען. צערנע האָט זיך געריסן פֿון זײַנע הענט, געוואָלט בעסער אומקומען צוזאַמען מיט איר מאַמען און קליינעם ברודערל, וואָס זײַנען שוין געלעגן דערשאָסענע. נאָר ווײַס האָט זי ניט אָפּגעלאָזט. „אַזאַ שיין מיידל ווי דו, — האָט ער געטײַנעט, — טאָר ניט שטאַרבן“. ער האָט זי אָפּגעשלעפּט נאָך ווײַטער פֿון גרוב. צערנע האָט געוויינט, געוואָלט פֿון אים אַנטלויפֿן, נאָר ווײַס האָט זי געהאַלטן פֿאַר דער האַנט און ניט געלאָזט לויפֿן.

— ווי שיין עס איז די וועלט, — האָט ער אָנגעוויזן אויף די ביימער, אין וועמענס צווײַגן עס האָט זיך געזיפּט די לעוואָנע. — און דו, יונג מיידל, ווי שיין דו ביסט אין לעוואָנע-שײַן! — אַזוי האָט ער גערעדט צו איר ווי אַ יונגער פֿאַרליבטער, דערציילט פֿאַר דער אומגליקלעכער די שיינקייט פֿון לעבן, און פֿון הינטער-אַרום אויס-

געצויגנ דעמ רעוואָלווער אונ ארײַנגעשאָסנ איר אינ קאָפּ. נאָכדעמ האָט ער זיכ הויכ פאַנאַנדערגעלאכט אונ א גויסעסדיקע זי געשלעפּט פאר דער האנט צו דער גרוב.

* * *

ווײַס׳ קאריערע איז גיכ געשטיגנ. פונ א פּאָשעטנ פעלדפעבל איז ער געוואָרנ א הויפּטפירער אונ שפּעטער — א שטורעמפירער. אפ די עפּאָלעטנ זײַנענ אימ אָנגעוואקסנ זילבערנע אָפּצייכנס אונ אפנ ברוסט א האקנקרייצ מיט א שווערדל.

ווי א שפּארבער, וואָס מאכט ניט קיינ אונטערשייד אינ זײַנ רויב, האָט ער ניט געמאכט קיינ אונטערשייד צווישנ מענטשנ, אויב נאָר עס האנדלט זיכ וועגנ טייטנ זיי. צו דער קאָלעקציע האָבנ אימ געפעלט ציגײַנער. האָט ער געמאכט אנ אָבלאווע אינ וואלד, זיי אופגענומענ מיט די פערד אונ בוידנ אונ אריבערגעפירט אינ זײַנ קיניגרײַכ. פינפ הונדערט פוילישע גײַסטלעכע, גאלאָכימ אונ מאָנאשקעס האָט ער ארויסגענומענ פונ בענעדיקטינער מאָנאכטיר אונ געבראכט אינ לוקישקער טורמע. דאָרט האָט ער זיי געהייסנ זיכ אויכטאָנ אונ האָט זיי באקליידט מיט אָקאָרשט אויסגעטאָנענע בגאָדימ פונ דערמאָרדעטע ייִדנ. מיט געלע לאטעס אפ די ברוסטנ האָט ער אוועקגעפירט די פינפ הונדערט קיינ פּאָנאר אונ זיי אומגעבראכט. דאָס האָט מיר דערציילט דער ייִד ברענײַזנ, וואָס איז דעמלט געזעסנ אינ טורמע.

צו ווײַס׳ אופטו מוז מענ אויכ צורעכענענ דאָס, וואָס ער איז געווענ דער אָרגאניזירער אונ אופבויער פונעמ דײַטשישנ מעלוכישנ שאנדהויז אפ סובאָטש-גאס 9. סכוירע פאר זײַנ אונטערנעמונג האָט ער זיכ דערוואָרבנ אזוי: ער האָט מיט זײַנ באנדע היצליעס ארומגערינגלט דאָס קאפע-הויז „גרינער שטראל”, אונ אלע מיידלעכ אונ פרויענ, צי זיי זײַנענ געווענ אליינ אָדער מיט קאוואלערנ, האָט ער מיטגענומענ אונ אוועקגעפירט אפ סובאָטש. די מיידל׳עכ האָבנ ניט געטאָרט פונ דאָרטנ ארויסגיינ. פאר „גוטער אופירונג” פלעגנ זיי באקומענ מעדאלנ. קעדיי קיינער זאָל ניט אנטלויפנ, האָט מענ בא אלע מיידלעכ אפ די פיס אויסגעברענט שטעמפלענ.

ווענ אפ ווײַס׳ אָרט איז געוואָרנ קיטעל, האָט זיכ ווײַס אריבערגעקליבנ אפ ראָסע־גאס 10, אינ די געסטאפּאָ-גערטנער, אונ זיכ באשעפטיקט מיט כאָוועג בלומענ.

# דער געזעץ־בוך

ביז לעצטן טאָג פון דער ווילנער געטאָ זײַנען נאָך געווען אַזעלכע פּראָמינענטע ייִדן, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז ניט אַלעמען האָט מען אין פּאָנאַר אומגעבראַכט: דאָרט זאָל מען האָבן די ייִדן סאָר־טירט און די געזונטע געשיקט אַף אַרבעט. דערבײַ האָט זיך דעם זאָגער אויסגעדאַכט, אַז צווישן די געזונטע איז געווען זײַן קינד אָדער זײַן טאַטע.

אין דער ווילנער געסטאַפּאָ איז געווען אַ באַזונדער קאַבינעט, וווּ ספּעציעל אַראָפּגעבראַכטע דײַטשישע פּראָפעסאָרן האָבן צוגעטראַכט די פאַרשיידנסטע פּלענער, וויאַזוי צו פּײַניקן און אומברענגען די ייִדן. פּראָפ. גאָטהאַרט, געוועזענער לעקטאָר אין בערלינער אוניווער־סיטעט און שפּעטער פאַרטרויונגס-מאַן בײַ הימלערן, האָט אָנגעשריבן אַ גענויעם קאָדעקס מיט פינף הונדערט פּאַראַגראַפן, וווּ עס ווערט מיט אַלע גענויקײַטן דערקלערט, וויאַזוי מע זאָל פאַרטיליקן פעלקער. דער ווילנער ייִד קאַמערמאַכער, וואָס איז געווען באַשטימט ווי אַן עלטסטער איבער די צוואַנגס-אַרבעטער אַפן הויף פון געסטאַפּאָ, האָט מיר אין געטאָ דערציילט, אַז אים האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנצוקוקן אין גאָטהאַרטס געזעץ-בוך. אָט זײַנען עטלעכע פּאַראַגראַפן, וואָס ער האָט פאַרגעדענקט:

סטאַם דערשיסן אַ ייִדן — הייסט ניט אויספירן דעם באַפעל פון הימלערן. אַ ייִד מוז פריִער געפּײַניקט ווערן.

עס איז ניט דאַפקע געזאָגט געוואָרן, אַז די עקזעקוציעס דאַרפן אויספירן דײַטשן. פאַרקערט, עס איז געווונטשן, אַז אַ דײַטש זאָל בלויז זײַן דער באַפעלגעבער. די עצעם אויספאָרונג מעגן אויספירן אַנדערע.

די פּראָצעדור פון טייטן דאַרף מען דורכפירן געהיים. קיינער טאָר זיך ניט דערוויסן דאָס אָרט פון דער עקזעקוציע, קעדיי די, וואָס זײַנען איבערגעבליבן, זאָלן ניט אַנטלויפן.

אין דעם זעלבן געזעץ-בוך איז געווען צוגעגעבן אַ טאַקאָנע ספּעציעל וועגן ווילנע. דאָרטן איז געזאָגט געוואָרן לערעך אַזוי: דער ווילנער ייִד איז דער געפערלעכסטער אין דער וועלט. אויב עס וועלן איבערבלײַבן אין ווילנע כאָטש אַ צען ייִדן, הייסט עס, אַז

מיר האָבן אונדזוערס ניט דערגרייכט. ראכמאָנעס צו דעם כוינע איז פאראט לעגאבע דער מעלוכע.

די געסטאפּאָ האָט ניט נאָר געוואָלט פיזיש פארטיליקן די יִדישע באפעלקערונג — זי האָט זיך אויך געמיט צו צעברעכן די יִדישע מאָראל און פארמיִעסן אפ אייביקע צײַטן די יִדישע געשיכטע. דאָס לעצטע איז געווען אזוי וויכטיק, ווי די עצעם אויסראָטונג. אָט איז די פראָגראם: צווינגען יִדן פארן פרײַז פון צײַטווײַליקן לעבן אומצוברענגען זייערע ברידער. די צײַטווײַליק געבליבענע פארוואנדלען אין גײַסטיקע מייסים, אָן א ברעקל ווילן, אָן הארץ און אָן געוויסן, אין בלינדע אויספירער פון די דײַטשישע באפעלן.

* * *

ארום צוועלף טויזנט יִדישע מענער האָבן די כאפונעס נאָך פאר דער געטאָ אוועקגעשלעפּט אין טורמע. הונדערטער זײַנען ארעסטירט געוואָרן פארן ניט אויספירן דעם געביטסקאָמיסארס (הינגסטס) באפעלן: די געלע לאטע איז ניט געווען צוגעניייט ווי עס באדארף צו זײַן; א יִיד האָט ניט אָפּגעגעבן זײַן גאָלד און זילבער; עמעצער האָט זיך פארגעסן און איז געגאנגען אפן טראָטואר. אין אלע אזעלכע פאלן האָט מען די יִדן אוועקגעפירט אין דער לוקישקער טורמע. ווו די אוועקגעפירטע קומען אהין, האָט מען ניט געוווּסט. די ווײַבער, וואָס האָבן זיך געקליבן בא דער טורמע, האָט מען געמאָלדן, אז אין א כוידעש ארום וועלן זיך די מענער אומקערן; געלט און עסנווארג באוויליקט מען צו נעמען.

נאָר די מענער האָבן שוין דעמלט אין קיין פעקלעך זיך ניט גענייטיקט. מע האָט זיי אלעכען געהאט אויסגעהארגעט. די יִדן אפ דער „פרײַ" האָבן אָבער דערין ניט געגלייבט. נויגעבויערס קאבינעט אין געסטאפּאָ איז געווען גענוג כיטרע אפ צעטומלען די באפעלקערונג אפ קאָלערליי אויפאנים. בא א הונדערט פון די געכאפּטע מענער האָט מען ווידקלעך אוועקגעשיקט לעבן פסקאָוו אפ ארבעט. פון דאָרטן האָבן זיי געשריבן בריוו. א פרייד האָט ארומגענומען די ווילנער יִדן: יעדער האָט זיך געטראכט, אז זײַן זון לעבט, אז זײַן טאטע וועט זיך בעקאָרעוו אומקערן.

ווען מע איז שוין געווען אין געטאָ און עס איז ניט אריבער א טאָג, מע זאָל אויך פון דאָרט ניט פירן צו דער שכיטע, האָט מען נאָך אלץ ניט געגלייבט, ריכטיקער ניט געוואָלט גלייבן, אז די מענטשן וועלן זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן. עס האָט ניט געהאָלפן דאָס

שווערן זיך פון דערבײַיקע פויערים, אז זיי האָבן אליין געזען פון־דערווײַטן די פּראָצעדור פון דער עקזעקוציע. נאָך מער: אין יאַנוואַר 1942 איז פון טויט־גראָבן אַנטלאָפן די באַקאַנטע ווילנער לערערן טעמע קאַץ. זי איז צוריקגעקומען אין געטאָ א פאַרגאָסענע מיט בלוט און מיט אלע געניקײַטן דערציילט, ווי אזוי זי איז ארויסגעקראָכן פון אונטער א קופּע דערשאָסענע:

„אלעמען האָט מען אין פּאָנאַר אומגעבראַכט. קיינער פון די גע־כאַפּטע וועט זיך ניט אומקערן. מע וועט אונדז אלעמען אומברענ־גען", — האָט זי גערעדט צום ייִדנראַט, צו אירע באַקאַנטע דאָקטוי־רים אין געטאָ־שפּיטאָל, ווו מע האָט איר ארויסגענומען די קוילן. אָבער קיינער האָט עס ניט געוואָלט הערן. יעדער האָט זיך געטראַכט: אויב אפילו עס איז עמעס, וועט עס מיט מיר ניט פּאַסירן. בלויז א קליינע צאָל באַוווּסטזיניקע יוגנט האָט געגלייבט אין דער ריכטיקייט פון איר דערציילן און האָט פון די ערשטע טעג אין געטאָ גע־גרייט א ווידערשטאַנד די דײַטשישע טאַליאָנים.

ווען דאָס וואָרט פּאָנאַר איז ניט אראָפּ פון די ליפּן און מע האָט גענומען לויפן פון געטאָ אין פּראָווינץ, איז געשען אזוינס: דער פּאַרמיטלער פון געטאָ און געביטסקאָמיסאַר — דער נאַ־טשאַלניק פון דער ווילנער „איפּאַטינגאַ" בוראַקאַס פלעגט צושטעלן פּראָדוקטן פאַר דער געטאָ. דער ייִד טראַפּידאָ, וואָס פלעגט גיין צו אים מיקויעך ברויט פאַר דער געטאָ, האָט איינמאָל אפּ בוראַקאַס' טישל דערזען א רעשימע מיט אויכגעשריבענע פּראָדוקט: פאַר דרײַ געטאָס. דערבײַ איז בא די ווערטער „דריטע געטאָ" געווען צוגעגעבן אין קלאַמערן „אין פּאָנאַר". געטאָס זײַנען געווען דעמלט אין היל־נע צוויי. וועגן דעם, אז עס איז פּאַראַן אויך א געטאָ אין פּאָנאַר, האָבן ייִדן זיך דערוווּסט פון טראַפּידאָ. ער האָט דאָך אליין געזען דעם אופּשריפט בא בוראַקאַסן: פּאָנאַר — די דריטע געטאָ!

דער ברייטער אוילעם האָט זיך אפּ א ווײַלע באַרויִקט. נויגע־בויערס קאַבינעט האָט דאָס זײַניקע דערגרייכט.

## פונוואַנען האָט מען גענומען שפּײַז

א ייִד האָט ניט געטאָרט פאַרמאָגן בא זיך מער ווי דרײַ הונ־דערט רובל, דאָס הייסט דרײַסיק מאַרק (אין שטאָט און אין געטאָ האָבן געגאָלטן ביידע וואַליוטעס). דעם 6־טן סעפּטעמבער 1941 באַגינען האָט מען פּלוצלינג זיך ארײַנגעריסן אין די הײַזער און אין מעשעך פון איין טאָג פּוסט בעמאַכט די שטאָט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

ניט אלע האָבן באוויזן אפילע מיטצונעמען א שטיקל ברויט און א האנטעכ. דאָס האָב-און-גוטס איז טייקעפּ פאַרכאַסמעט געוואָרן מיט אן אופשריפט: „דויטשעס אײַגנטום”. עמעס, אינ דערוואַרטונג אפ א געטאָ האָבן אייניקע זיכ געקליגט פונ פריִער אונ פאַרגראָבן אינ דער ערד א טײל פונ זייער פאַרמעגן. די גרעסערע זאכן ווי מאנטלען, קליידער, שיכ אזוי. האָט מען אָפּגעגעבן צו באהאלטן די ניט-ייִדישע שכיינים. אָבער דאָס אלץ האָט, פאַרשטייט זיכ, ניט געלייזט די פראגע פונ דערנערונג אונ קליידונג.

ארום 29 טויזנט מענטשן האָבן זיכ צוערשט געפונען אינ דער ערשטער געטאָ. אפ דער דאָזיקער צאָל האָט מען ארויסגעגעבן ברויט-קארטן אפ 7849 קילאָגראַם ברויט אפ פינפ טעג. דאָס הייסט אן ערעכ 50 גראַם אפ א מענטשן א טאָג.

ווערליק דעמ באפעל פונ מורערנ האָט דער ייִדנראַט אליינ אויסגעהאנגען אפן טויער א שילד, וואָס האָט געוואָרנט, אז דאָס אריינטראָגן יעטווידער מינ עסנווארג אונ האָלץ איז פאַרבאָטן.

די ערשטע טעג איז מען ארומגעלאָפן אינ דער געטאָ ווי מעשוגע. אינ קאמפ פאַרן לעבן האָט מען פאַרגעסן דעמ טויט. מע האָט זיכ אופגערעדט מיט דערבײַיִקע ניט-ייִדישע פוּײַנטלעכע שכיינים, וואָס זייערע פענצטער זײַנען ארײַנגעקומען אינ געטאָ, אונ עס האָט זיכ אָנגעהויבן א האנדל—פול מיט געפאַר פאַר ביידע צדאָדים. אינ אָנהייב איז אָט דער האנדל פאָרגעקומען פרימיטיוו: פונ א פענצטער האָט זיכ אראָפּגעלאָזן א שטריק, אפ דעמ שטריק האָט דער געטאָ-מענטש אָנגעבונדן געלט, ווערטזאכן אָדער קליידער, אונ דער שאָכן פלעגט עס ארופציִען אונ מיטן זעלבן שטריק אראָפּלאָזן פּראָדוקטן. שפּעטער האָבן אפ אזא אויפן זיכ אראָפּגעלאָזן אינ געטאָ צענדליקער הענער אפ קאַפּאָרעס. שפעטער האָט דער האנדל אָנגענומען גרויסע פאָרמען. איבער די בוידעמער פונ דײַטשישע 21, וואָס האָבן זיכ געגרענעצט מיט די מויערן פונ אויסערן געטאָ, דורכ דער מאלינע אפ סטראשון-גאַס 3 פלעגט מען ארײַנשמוגלען נאכט נאָכ נאכט צענדליקער פודן קאָלערליי פּראָדוקטן. דאָס האָט געקאָסט געלט אונ שרעק. געלט פאַר די זשאנדארן, וואָס היטן דעמ טויער, אונ שרעק פאַר מורערנ, וועלכער האָט געטשאַטעוועט ווי א הונט.

צוזאמען מיט אנדערע לעבנסוויכטיקע אנשטאלטן האָט זיכ בא דער ייִדישער. געטאָ-אדמיניסטראציע געשאפן א באשפּײַז-אָפּטייל, וואָס האָט געפּרוווט מיט ריזיקאלישע מיטלען ראטעווען די באפעלקערונג פונ הונגער-טויט.

דער ייִדנראַט האָט געשאַפן אין געטאָ פינף פאָלקס־קיכן. צווישן זיי איז איין קיך באַשטימט געווען פאַר קינדער און איינע פאַר פרומע, וואָס היטן אָפ קאַשרעס. אין אָקטיאַבער 1941 ווערט געעפנט דער אָפּטייל פאַר געזונט־שוץ, און אָפ סטראַשון־גאַס 12 ווערט באַלד אָרגאַניזירט אַ מילך־קיך פאַר גאָר קליינע קינדער און קראַנקע. פון כאָרעווע ייִדישע רעכטאָרגאַנען האָט מען אַרײַנגעבראַכט קעסלען, און מיטן האָלץ פון צענומענע הײַזער האָט מען די קעסלען געוואַרעמט.

אין נאָיאַבער 1941, אין סאַמע מיט פון די בלוטיקע געשעענישן, ווען די געטאָ־באַפעלקערונג האַלט קעסיידער אין פאַלן, האָבן די פאָלקס־קיכן פאַרן כוידעש אַרויסגעגעבן 66 טויזנט מיטיקן.

צוזאַמען מיט די צוריקגעקערטע פון באַהעלטענישן און אַנטלאָפענע פון פּאָנאַר זײַנען אין געטאָ דעמלט געווען אַרום 18 טויזנט מענטשן. 6 טויזנט זײַנען געבליבן אָן שפּײַז־קאַרטן. מע האָט זיי גערופן „ווײַסע שײַנען", ווײַדליק דעם נאָמען פון אַמאָליקן ווײַסן שײַן, וואָס מער איז ער ניט גילטיק. דערצו נאָך האָט אַ באַזיצער פון אַ געלן שײַן מוירע געהאַט צו וווינען אינאיינעם מיט אַ ווײַס־שײַניקן. מע האָט פאַרשטאַנען: אין דער נאָענטסטער שכיטע וועלן גיין די ווײַסע שײַנען. אויב מיט זיי אינאיינעם וועלן וווינען אויך אַנדערע קאָלירן, וועלן די כאַפּונעס ניט מאַכן קיין כילעק.

אין געטאָ זײַנען שוין דעמאָלט געווען דרײַ קאָאָפּעראַטיוון פאַר די 2 טויזנט אַרבעטער, וואָס האָבן געהערט צום ייִדנראַט און האָבן געאַרבעט בלויז אין געטאָ אין די פאַרשיידנסטע אינסטיטוציעס און וואַרשטאַטן. אין די דרײַ קאָאָפּעראַטיוון האָט מען אַרײַנגעשמוגלט פיל שפּײַז אָפּ אַן אומלעגאַלן וועג. די אָנגעהעריקע צו די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַשפּײַזן די „ווײַסע שײַנען". זיי האָבן געשאַפן אַ קאָמיטעט צו העלפן די אָרעמע.

פונעם דאָזיקן קאָמיטעט האָבן זיך שפּעטער אויסגעבילדעט דרײַ וויכטיקע אינסטיטוציעס: סאָציאַלע פאַרזאָרגונג, געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט און ווינטער־הילפס־קאָמיטעט.

די סאָציאַלע פאַרזאָרגונג האָט געהאָלפן מיט געלט און פּראָדוקטן אַלעמען, וואָס האָבן זיך צו איר געווענדט. מיט אַ צעטל פון דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג האָט מען געהיילט אומזיסט אין דעם געטאָ־שפּיטאָל, האָט מען באַקומען אומזיסטע רעפּועס אין אַפּטייק און באַזונדערע צוגאָבן ווי מילך און פּוטער פאַר שוואַכע מענטשן, וואָס האָבן זיך אין דעם געניטיקט. די סאָציאַלע פאַרזאָרגונג האָט אויך באַפרײַט פון צאָלן דירע־געלט און פון פאַרשיידענע שטײַערן אין געטאָ.

פארנ יאָר 1942—1943 האָט דער אנשטאלט ארויסגעגעבנ דער באַפעלקערונג אָנדערהאלבנ מיליאָנ רובל אינ געלט, מיטיקנ אונ היילונג אונ האָט אויסגעהאלטנ אינ געטאָ א ריי קינדער-אנשטאלטנ אונ דעמ מוישעוו־זקיינימ. דאָס געלט האָט דער הילפס־קאָמיטעט באקומענ פונ קאָנפיסקירטער דורכנ יידנראט וואליוטע, פונ די שטייַערנ, וואָס איטלעכער געטאָ־בירגער האָט געמוזט צאָלנ דער געטאָ-פארוואלטונג אאוו. די סאָציאלע פארזאָרגונג האָט אויכ געהאָלפנ די קאָנצענטראציע־לאגערנ אינ רעשע, בעזדאנ, ביאלאָוואקע אונ די דעמלט נאָכ געבליבענע געטאָס אינ סווענציאנ אונ אָשמענע.

גאָר אנ אנדער אופגאבע האָט אויסגעפירט דער געזעלשאפטלעכער הילפס-קאָמיטעט, אינ וועמענס פארוואלטונג עס זייַנענ געווענ פאָרשטייער פונ אלע גרופרונגענ אינ געטאָ. אינ געזעלשאפטלעכנ הילפס-קאָמיטעט פלעגט מענ ניט קומענ בעטנ, ער האָט געגעבנ אליינ. זיכ דערוווסט, אז א לערער, א שרייַבער, אנ אקטיאָר אָדער א פרוי פונ אנ אומגעבראכטנ געזעלשאפטלעכנ טוער געפינט זיכ אינ שווערע באדינגונגענ, פלעגט מענ ארייַנטראָגנ צו יענעמ אינ שטוב געלט, ברויט, קליידער אָדער אומזיסטע קארטלעכ אפ מיטאָגנ אינ די נייַ-אויפגעבויטע קיכנ.

אינ משך פונ יאָר 1942—1943 האָט דער געזעלשאפטלעכער הילפס-קאָמיטעט געהאט אופגעקליבנ אינ געטאָ צוויי מיליאָנ רובל. דאָס געלט איז ארייַנגעקומענ אפ אנ אָרגאניזירטנ אופנ: די יידישע גרופנ, וואָס האָבנ געארבעט אינ שטאָט (צוזאמענ ארומ אכט טויזנט מענטשנ), האָבנ כוידעשלעכ זיכ געמוזט באשטייַערנ פארנ הילפס-קאָמיטעט. די גרייס פונ דער באשטייַערונג איז געווענ וועדליק די מעגלעכקייַטנ פונ די גרופנ: וואָס מער זיי האָבנ געשלעפט בא די דייַטשנ (פראָדוקטנ, קליידער, שטיוול, פעלצנ), אלצ מער האָבנ זיי געדארפט ארייַנטראָגנ אינ קאָמיטעט.

כוץ די גרופנ פלעגנ אויכ צאָלנ גרויסע שטייַערנ פארנ הילפס-קאָמיטעט די קאָלערליי געהיימע קראָמענ, רעסטאָראנענ, קאפע-הייַזער, וואָס האָבנ זיכ באוויזנ אינ געטאָ שוינ אינ די ערשטע טעג. עס איז אויכ אָנגעקומענ געלט פונ ווארשע. דאָס האָט געהיימ געשיקט גיטערמאנ — דער דירעקטאָר פונ דזשאָינט.

דער ווינטער-הילפס-קאָמיטעט האָט זיכ דעריקער פארנומענ מיט באזאָרגנ קליידער פאר דער באפעלקערונג פונ געטאָ. ווי מיר ווייסנ, זייַנענ אינ געטאָ נאָכאנאנד פאָרגעקומענ שכיטעס. פונ די פופצנ טויזנט, וואָס זייַנענ אוועק צומ טויט, האָבנ א סאך זייערע קליידער איבערגעלאָזט

אינ געטאָ. מע האָט אָט די קליידער געזאמלט אונ צעטיילט די לעבעדיקע. אויכ א טייל פארבלוטיקטע מאלבושים פונ די דערמאָרדעטע איז קעגנ אונדזער ווילנ אריַינגעקומענ אינ געטאָ. אונ עס איז ניט געווענ קיינ אנדער ברירע: די לעבעדיקע האָבנ עס אָנגעטאָנ.

אָבער דאָס אלצ האָט ניט פארדעקט די נאקעטקייַט פונ דער באפעלקערונג. דער ווינטער-הילפס-קאָמיטעט האָט געפירט אנ אינטענסיווע ארבעט אינ אופזאמלענ בא דער באפעלקערונג קליידער. ווער עס האָט געהאט צוויי פאָר קליידער, צוויי קאָסטיומענ, צוויי פאָר שיכ, האָט איינ פאָר געדארפט אָפגעבנ דעם קאָמיטעט. איבער דער געטאָ האָט זיכ באוויזנ א לאָזונג: „דעם הונגעריקנ—ברויט, דעם נאקעטנ — בגאָדים״.

טויזנטער פאָר שיכ, מאנטלענ אונ קאָסטיומענ האָט מענ איבערגענייט אונ פאריכט אינ די ווארשטאטנ פונ געטאָ. אינ משך פונ איינ כוידעש האָט דער קאָמיטעט אויכ אופגעזאמלט א מיליאָנ רובל אפ צו פאריכטנ, איבערנייענ אונ אופנייענ נייַע קליידער פונ די דורכנ קאָנ·טעט קאָנפיסקירטע שטאָפנ, וואָס פלינקע הענט האָבנ ארויסגעטראָגנ פונ די דייַטשישע מאגאזינענ.

א העלפט באפעלקערונג פונ געטאָ האָט גענאָסנ אפ פארשיידענע אויפאנים פונ דער סאָציאלער הילפ. די אנדער העלפט האָט זיכ פארנומענ מיט ארויסגאנווענ כפייצים פונ פארשיידענע דייַטשישע אנשטאלטנ.

עס האָט זיכ אפילע געשאפנ אנ ארגאָ (א פארשטעלטע שפראכ): דער פאראָל „עפל״ האָט באטייַט, אז עס גייט א דייַטש, אונ מע דארפ זייַנ פאָרזיכטיק. „נעמ א ראָפטע אונ פליוכע אָנ״ האָט באטייַט: נעמ א טאָרבע אונ שיט דאָרט אריַינ גרויפנ אָדער צוקער — קיינ דייַטש זעט ניט. א „קאָמפרעס״ האָט געהייסנ א ספעציעל אופגענייטער דאָפלטער קאָרסעט, וועלכנ מע פלעגט אָנטאָנ אונטער אלע קליידער אפנ נאקעטנ לייַב אונ אימ אָנפילנ רונד ארומ מיט מעל, קעדיי אפ אזא אויפנ דורכצוטראָגנ דורכ דער טויער-וואכ די אינשטאָט אייַנגעקויפטע אָדער געגאנווטע סכוירע.

די באטאפער האָבנ זיכ אָבער גיכ געכאפט אפ די קונצנ מיט די קאָמפרעסנ. די שטאָטישע באפעלקערונג פלעגט אָנזאָגנ מיט צענ גאסנ פריער די פונ דער ארבעט צוריקמארשירנדיקע יידנ, אז באמ טויער קאָנטראָלירט מורער. אונ איינ ייד פלעגט גלייַכ איבערגעבנ דעם צווייטנ: „דער מעמ איז אינ מאָקעמ!״ (דאָס הייסט מורער איז אינ געטאָ). דעמלט פלעגט זיכ די גאנצע קאָלאָנע זענ אריַינכאפנ אינ א געסל אונ איבערווארטנ, ביז דער טייַוול וועט אוועק פונ געטאָ.

נאָר מורערן איז שווער געווען צו נארן. ער האָט פארשטאנען, אז צוליב זײַן זכוס קערן זיך נישט אום די קאָלאָנעס. ער פלעגט ווארטן ביז 6 אין אָוונט — ביז די ארבעטנדיקע ייִדן איז דערלויבט ארומצוגיין אין שטאָט — און פלעגט זיך לאָזן אפ זײַן אווטאָ איבער אלע גאסן אופזוכן די „פארזינדיקטע" ייִדן. די שטראָף איז געווען א טאָפּלטע: פארן ארומגיין נאָך זעקס אזייגער און פארן טראָגן א „קאָמפּרעס".

דער פּאיאָק ברויט, וואָס די דײַטשן האָבן אײַנגעשטעלט פאר אן ארבעטנדיקן ייִדן, איז געווען: דרײַ מיט א פערטל קילאָגראם ברויט א כוידעש. דער באשפּײַז-אָפּטייל אין געטאָ האָט אָבער אומלעגאל ארויסגעגעבן פארן כוידעש יונ 1942 צו זעקס קילאָגראם ברויט פאר א געטאָ-בירגער. כוץ ברויט האָט מען נאָך באקומען פון דעם באשפּײַז־אָפּטייל 550 גראם פלייש און 350 גראם צוקער. אין דעם זעלבן כוידעש האָבן די פאָלקס-קיכן ארויסגעגעבן אומזיסט און פאר א קליינעם געצאָלט 93449 מיטיקן און 21831 אָוונטברויטן. פון די פּריוואטע בעקערײַען און באשפּײַז־אָפּטייל איז פארטיילט געוואָרן 110 טאָן ברויט און קארגע 16 טאָן גרינס. די מילכ-קיך האָט ארויסגעגעבן אומזיסט 4355 ליטער מילכ.

* * *

פאר דער ארבעט אין שטאָט און אין די געטאָ-ווארשטאטן האָבן די ארבעטער פאקטיש גאָרניט באקומען. „איר לעבט אדאנק דעם, וואָס איר ארבעט, און וואָס בעסער איר וועט ארבעטן, אלץ לענגער וועט איר לעבן", — אזוי האָט געטײַנעט מורער. אזוי האָבן געטײַנעט דער דײַטשישער ארבעטס־אמט און געסטאפּאָ.

א סאך פון די, וואָס האָבן געהאט געלע שײַנען און די קאָלערליי שכיטעס האָבן זיי דערווײַל דירעקט ניט אָנגערירט, האָבן געגלייבט, אז די ארבעט וועט זיי אויך ווײַטער ראטעווען. געארבעט אָבער האָבן אויך יענע, וואָס האָבן ניט געגלייבט. ווײַל אניט האָט מען ניט באקומען קיין פּאס און קיין ברויט-קארטל. אָן דעם האָט מעןווירקלעך אין יענע באדינגונגען ניט געקענט עקזיסטירן אפילע א טאָג.

די סיסטעם פון פארקנעכטונג איז געווען אזוי ראפינירט ווי די סיסטעם פון מאָרדן. סאָף יאָר 1942 האָט זיך אין דער ווילנער פרעסע באוויזן א נאָטיץ וועגן דער גרויסמוטיקײַט פונעם געביטסקאָמיסאר הינגסט: „דער טאריף פון ארבעטסלוין פאר דער ייִדישער בא-

פֿעלקערונג איז געוואָרן געהעכערט״. און ווירקלעך: מע האָט גע־מאָלדן די ייִדישע אַרבעטער, אַז פֿון ערשטן דעקאַבער באַקומען זיי אַ העכערן לוין. דערפֿאַר אָבער ווערט אויך געהעכערט די אַרבעטס־צײַט אויף צוויי שאָ.

אַלע אַרבעטער האָט מען אײַנגעטיילט אין פֿינף קאַטעגאָריעס: ערשטע קאַטעגאָריע: ניט קוואַליפֿיצירטע באַקומען פֿאַר אַ שאָ אַר־בעט — 30 פֿעניג. צווייטע: האַלב־קוואַליפֿיצירטע — 34 פֿעניג. דריטע: פֿאַך־אַרבעטער — 38 פֿעניג. פֿערטע — 44 פֿעניג און פֿינפֿטע קאַטעגאָריע — בריגאַדירן — צו 50 פֿעניג. אינדערעמעסן האָט אָבער קיין איין קאַטעגאָ־ריע ניט באַקומען מער ווי צו 15 פֿעניג אַ שאָ. דאָס איבעריקע פֿלעגט צונעמען דער געביטסקאָמיסאַר. די העכערונג פֿון די קאַטע־גאָריעס איז, הייסט עס, געווען בלויז אַ מיטל נאָך מער צו באַרײַ־כערן דעם געביטסקאָמיסאַר הינגסט. און קעדיי צו מעהאַנע זײַן דעם אונטערנעמער, איז דער אַרבעטסטאָג פֿאַרלענגערט געוואָרן אויף צוויי שאָ. אין דורכשניט האָט דער געביטסקאָמיסאַר פֿאַרדינט פֿון אַ ייִדישן אַרבעטער 25 פֿעניג אַ שאָ. אַזוי ווי אין די אונטערנעמונגען האָבן געאַרבעט קאָרעוו אַכט טויזנט אַרבעטער, פֿלעגט הינגסט פֿאַרדינען פֿון דער געטאָ אַרום אַ האַלבן מיליאָן מאַרק אַ חודעש.

אָבער אויך די 15 פֿעניג פֿלעגט דער ייִדישער אַרבעטער ניט באַקומען. מע פֿלעגט אַראָפּרעכענען פֿון אים פֿאַרשיידענע שטײַערן און אָפּטער פֿון אַלץ פֿלעגט אים נאָך אויסקומען צו דערצאָלן.

ענלעך צו דעם איז געווען די לאַגע מיט דער געטאָ־פּראָדוקציע. מע האָט אײַנגעשטעלט אין געטאָ צענדליקער וואַרשטאַטן: בלעכערײַ, שלאָסערײַ, מעבל־סטאָליערײַ, מאָקערײַ, עלעקטראָטעכניק, שניצערײַ, קעסל־וואַרשטאַטן, שנײַדערײַ, שטעפּערײַ, שוסטערײַ, פֿלעכטערײַ, פֿאַר־בערײַ, אַ קאַרטאָנאַזש־פֿאַבריק און אַנדערע. און פֿאַר אַלע אויסאַר־בעטונגען פֿלעגט באַקומען דאָס געצאָלט הינגסט. נאָר וואָס מער באַ־שטעלונגען מע פֿלעגט אַרײַנשיקן אין געטאָ, אַלץ מער האָט זיך אויס־געדאַכט, אַז די געטאָ איז געזיכערט, אַז צוליב דער אַרבעט לעבט מען.

אין יאַנואַר 1943 זײַנען אין געטאָ געווען פֿיר און דרײַסיק גע־היימע בעקערײַען. זעקס גרויסע און אַכט און צוואַנציק קלענערע. די פּרײַזן אויף ברויט זײַנען געווען אָפּהענגיק פֿון דעם כּכום מעל, וועלכן מע האָט געהיים אַרײַנגעפֿירט. פֿלעגט אַ טראַנספּאָרט מעל דורכפֿאַלן, פֿלעגן זיך די ברויט־פּרײַזן הייבן. די בעקערײַען פֿלעגן אויך

אָנעמענ פּריוואַט מעל אונ אויסבייַטנ אפ ברויט. פאַר א קילאָ מעל פלעגט מענ געבנ א קילאָ ברויט. דאָס איבעריקע איז געגאנגענ פאַר די אומזיסטע קיכנ.

אינ געטאָ האָט מענ מאָנטירט א מילכל. א העלפּט פונ די מאשינ-טיילנ האָט מענ געגאנוועט אינ שטאָט. די איבעריקע—אליינ דערמאכט אינ די מעכאנישע ווארשטאטנ. דאָס מילכל האָט געארבעט דורכ טאָג אונ נאכט. די גרייס פונ געמעל האָט דערגרייכט דרייַ טאָנ אינ א מעס-לעס. דער קאָנסטרוקטאָר פונ דער מיל, אינזשעניער פּאָליאק, האָט אויכ אופגעבויט א מאשינ אפ צו מאָלנ גרויפּנ. מע האָט אויכ געשאפנ א פאבריק צו אויסנוצנ קארטאָפל-שאָלעכצ אונ פארפרוירענע קארטאָפל. פונ דעמ שאָלעכצ האָט מענ ארויסבאקומענ קראָכמעל אונ פונ די געפראָרענע קארטאָפל — סיראָפּ, וואָס איז געוואָרנ אויסגענוצט דורכ א צווייט פאבריקל אפ צו מאכנ צוקערקעס.

אפנ זעלבנ וועג, ווי מע פלעגט אריינשמוגלענ מעל, פלעגט מענ אויכ אריינפירנ האָלצ פאַר דער געטאָ. זערוויסט זיכ, אז מורער איז אוועק-געפאָרנ, פלעגנ צענדליקער פורנ מיט האָלצ, ווי זיי וואָלטנ נאָר ווארטנ אפ דער מינוט, אריינפאָרנ אינ געטאָ. האָלצ האָט מענ אויכ אריינ-געפירט לעגאל — פונ די וועלדער, ווו עס זייַנענ געווענ יידישע לא-גערנ. נאָר אָנשטאָט מורערס דערלויבעניש אריינצופירנ, לעמאָשל, צענ פורנ, פלעגט מענ מיט דער זעלבער דערלויבעניש אריינפירנ נאָכ צענ, אונ נאָכ צענ — ביז עס האָט זיכ געלאָזנ. דערבייַ פלעגט זיכ שטענ-דיק געפינענ אונטערנ האָלצ עפּעס אנדערש: א זעקל קאָרנ, קארטאָפל אונ אפילע א שנאפּס.

* * *

א גאָר וויכטיקע ראָליע אינ געטאָ האָבנ געשפּילט די קוימענקערער.

אינ געטאָ זייַנענ געווענ אכצנ קוימענקערער, וואָס האָבנ זיכ פארנומענ מיט אָט דער מעלאָכע נאָכ פאַר דער מילכאָמע. דער פאכ איז גע-לעגנ דורכויס אינ יידישע הענט. נאָכ דער גרינדונג פונ דער געטאָ האָבנ אויסגעפעלט קוימענקערער פאַר דער שטאָט, אונ מורער איז געווענ געצוווּנגענ אָנצוקומענ צו די אכצנ יידנ.

די אכצנ קוימענקערער האָבנ באקומענ געלע שייַנענ אינ בא-זונדערע פּריווילעגיעס. זיי האָבנ געמעגט אריינגיינ אונ ארויסגיינ פונ געטאָ צו יעדער צייַט אונ געהאט דאָס רעכט איינציקווייַז צו גיינ אי-בער דער שטאָט אינ די ניט-יידישע וווינונגענ. אזוינע רעכט האָט ניט געהאט קיינער. אדאנק אָט די פּריווילעגיעס זייַנענ די קוימענ-קערער געוואָרנ פארבינדלער צווישנ דער אָפּגעשלאָסענער געטאָ אונ דער שטאָטישער באפעלקערונג. זיי פלעגנ ארומלויפנ אינ שטאָט

איבערנ טראָטואַר מיטנ שווארצנ עמערל אונ בעזעמ אפ די פלייצעס, פלעגנ אָפגעבנ בריוועלעכ פונ די געטאָ-ייִדנ פאר זייערע ניט-ייִדישע פרײַנט אונ פלעגנ אָפנעמענ אונ ברענגענ פאר די געטאָ-מענטשנ זאכנ אונ געלט, איבערגעלאָזטע צומ היטנ בא די געוועזענע שטאָטישע שכניימ. באמ ארײַנגיינ צוריק אינ געטאָ פלעגנ די קוימענקערער ארײַנטראָגנ פראָדוקטנ אינ די עמערס פאר סאזשע, וואָס זײַנענ אויבנ פארמאסקירט געווענ מיט די שווארצע בעזעמער.

דערזענ, אז די קוימענקערער זײַנענ באזונדערס נייטיק פאר דער געטאָ, האָט מענ אינ געטאָ באשלאָסנ דעמ פאכ צו פארברייטערנ. דער ייִדנראט האָט געעפנט קורסנ, אונ אינ משכ פונ צוויי וואָכנ זײַנענ צוגעקומענ צוואנציק שפאָגל-נײַע ספעציאַליסטנ. די נײַע פאכלײַט זײַנענ פריִער געווענ: אדוואָקאטנ, דאָקטוירימ, סאָכרימ, נאָר זיי האָבנ גיכ זיכ אקלימאטיזירט אינ דער אטמאָספער פונ סאזשע. דער פאכ איז געוואָרנ דער סאמע כאָשעווסטער. איכ דערמאָנ זיכ, מיט וויפל פאכמאנישנ שטאָלצ עס האָט זיכ געלאָזט מיטנ שווארצנ עמערל דער באקאנטער ווילנער אדוואָקאט קאפלאנ. ער האָט אויסגעזענ ווי א געבוירענער קוימענקערער.

איצט איז מענ שוינ געווענ זאלבעפערציקט, אונ די „שווארצע“ האָבנ געשאפנ א סטאטוט: יעטווידער קוימענקערער מוז דרײַ מאָל א טאָג ארײַנטראָגנ אינ זײַנ סאזשע-עמער קאָרענע מעל אינ געטאָ.

נאָר פונ לאנג זיכ דרייענ דורכנ געטאָ-טויער אהינ אונ צוריק זײַנענ אויכ די פריווילעגירטע קוימענקערער ארײַנ אינ א פארדאכט. האָבנ זיי זיכ אופגערעדט מיט די פיל ניט-ייִדישע וועכטער, וואָס האָבנ געוווינט ארומ געטאָ, אונ גענומענ ארײַנטראָגנ פראָדוקטנ דורכ די פארייניקטע בוידעמער. די הויפט-מאלינע איז געווענ דורכנ קלויסטער לעבנ דעמ לידסקער געסל. עס זײַנענ אָבער אויכ געפאלנ קאָרבאָנעס, א געסטאפאָ-אגענט האָט איינמאָל באמערקט דעמ קוימענקערער הערצ, ווי ער קלעטערט אפ א דאכ מיט א זאק קארטאָפל. דער אגענט איז אימ נאָכגעלאָפנ מיט א רעוואָלווער, אימ שטארק צעשלאָגנ אונ אוועקגעפירט אינ געסטאפאָ. ער האָט אויכ צוגענומענ הערצס פרוי מיט א מיידעלע פונ דרײַ יאָר. די גאנצע מישפאָכע האָט מענ דערשאָסנ אפ פאָנאר.

## דאָס קולטור-לעבנ אינ ווילנער געטאָ

דאָס קולטור-לעבנ אינ ווילנער געטאָ האָט זיכ אָנגעהויבנ דעמ זעלבנ טאָג, ווענ מענ איז ארײַנ אינ געטאָ.

מיר האָט זיכ אמאָל געדאכט, אז פאר א טויט-פארמישפעטנ אָדער פאר

א פארוואָרפענעמ אַפּ אנ אינדזל האָט ניט קיינ זינענ צו שאפנ קונסט־ווערק. דאָס לעבנ האָט מיכ איבערגעצײַגט, אז דאָס איז אנדערש. מעג דער שאפנדיקער מענטש וווינענ אינ א מאָדערנעמ האָטעל אָדער געפינענ זיכ אינ א מידבאָר צווישנ זאמד אונ שאקאלנ, מעג ער באַווונדערנ דעמ זונענ־אונטערגאנג באמ ברעג פונ יאמ אָדער שטיינ באמ ראנד פונ קיווער, וועלכנ ער האָט אליינ געגראָבנ, — דער גײַסט פונ שאפונג טוט זיכ פונ אימ ניט אָפּ.

## די שולנ

מירע בערנשטיינ, די געוועזענע דירעקטאָרנ פונ דער ווילנער רעאל־גימנאזיע, האָט אינ טאָג פונ גיינ אינ געטאָ מארשירט מיט אירע טאלמידימ צוזאמענ. איר מאכנע האָט מענ פארשפארט אינ דער צווייטער געטאָ. דעמ זעלבנ אָוונט האָט מירע אופגעקליבנ אירע קינדער אונ געלייענט זיי שאָלעמ-אלייכעמס א מײַסע.

אינ דער כאָרעווער קאבראָנישער קלויז, אפנ שולהויפ, האָט זי אריבערגעטראָגנ די רעאל-גימנאזיע. אינ אָנהייב איז באשטאנענ איר שול פונ הונדערט אונ דרײַסיק טאלמידימ. זי האָט זיי אײַנגעטיילט אינ גרופנ, וועדליק דער אנטוויקלונג. ווענ איינ גרופע האָט געלערנט, האָט די אנדערע געקאָכט עסנ, פאריכט מאלבושימ. אינגיכנ זײַנענ צוגעקומענ לערער: מאלקע כאימסאָנ אונ דער לערער גערשטיינ. כאימסאָנ האָט געלערנט ליטעראטור, אונ דער קראנקער גערשטיינ — געזאנג. די שילער האָבנ ליב געהאט די לערער, האָבנ געפונענ אינ זיי די פארלאָרענע עלטערנ. פונ דער כאָרעווער אונ צעגראָמירטער סטראשונ־ביבליאָטעק האָבנ די לערער אויסגעקליבנ פאר זייערע טאלמידימ ביכער. יעדער באגינענ פלעגט מירע איבערציילנ די קינדער, אונ אלע אינדערפרי איז געווענ קלענער די צאָל. דורכ נאכט פלעגט די מערדערישע האנט אוועקרײַסנ קאָרבאָנעס. נאָר אפ מאָרגנ האָט מענ געלערנט ווײַטער.

אָקטיאבער 1941 האָט מירע מיכ פארבעטנ אפ א פאָרשטעלונג אינ איר שול. די כאָרעווע קאבראָנישע קלויז איז ניט געווענ צו דערקענענ. דער אָרנקוידעש איז באהאנגענ מיט גרינס. אפ די פענצטער — וואזאָנעס. די ווענט פארקלעפּט מיט ציטאטנ פונ יידישע שרײַבער. די קינדער — פונ הונדערט מיט דרײַסיק איז שוינ פארבליבנ פערציק — האָבנ אלע געלויכטנ אינ יאָמטעוודיקע העמדלעכ. רויטע בלימעלעכ האָבנ באפוצט זייערע ברוסטנ.

אינמיטנ דער פאָרשטעלונג האָט זיכ דערהערט א טומל. די פאָרשטעלונג איז געגאנגענ ווײַטער. ווענ א שאָס האָט אָבער דורכגע-



דער וועכנטלעכער ביולעטען „געטאָ־יעדיעס", ארויסגעגעבן דורכן יודנראט פון ווילנער געטאָ.

שניטן די שויב, איז מירע ארויס אינ דרויסנ זענ, וואָס דאָ טוט זיך. איבער די הויפנ אונ געסלעך זײַנען געלאָפנ כאפּונעס. מע האָט געכאפּט מענטשנ אונ זיי געפירט צום אווטאָ, וואָס באם טויער. מירע איז ארײַנגעקומען צוריק, ארופ אפ דער בינע אונ געמאָלדן:

— קינדער, די, וואָס ווילנ אונדז אומברענגען, זײַנען דאָ אינ געטאָ. קיינער זאָל ניט שרײַען, זאָל זיך ניט צעלויפנ. שטיל, אָנ טומל זאָל מענ ארונטערקריכנ אונטער דער בינע. די ערשטע זאָלנ ארונטערגיינ די יינגסטע, אונ אזוי ביזנ לעצטנ, לויטנ סיידער פונ די יאָרנ.

א גאנצע נאכט האָט מירע געוואכט בא דער טיר. אויב די כאפּונעס וועלנ זיך ארײַנרײַסנ אינ קלויז, וועט זי זײַנ דער קאָרבנ פאר אלעמענ: די כאפּונעס וועלנ מיינענ, אז דאָ איז קיינער מער ניטאָ אונ וועלנ זיך באנוגענענ מיטנ אייגציקנ קאָרבנ.

די כאפּונעס זײַנען אינ קלויז ניט ארײַנ. זיי האָבנ אָנגעכאפּט די באשטימטע צאָל קעפּ אונ אוועק פונ געטאָ.

בייס דער ליקווידאציע פונ דער צווייטער געטאָ איז פונ די הונדערט אונ דרײַסיק שילער איבערגעבליבנ בלויז 7. מירע האָט זיי אריבערגעטראָגנ אינ דער ערשטער געטאָ.

* * *

פונ די 29 טויזנט, וואָס זײַנען ארײַנ אינ דער ערשטער געטאָ, האָבנ די לערער גלײַך פארעגיסטרירט די פאראנענע קינדער. 2712 איז געווענ זייער צאָל. מע האָט גלײַך רעמאָנטירט די כאָרעווע געבײַדעס אונ געשאפנ דאָרט שולנ. מע האָט באזאָרגט די קינדער מיט קליידער אונ עסנ, מיט ביכער אונ פאפיר. די, וואָס האָבנ געארבעט אינ שטאָט, האָבנ עס געבראכט פאר די קינדער א מאטאָנע. דער שול-היגיענישער פונקט האָט געזאָרגט פארנ געזונט.

די קינדער האָבנ אליינ מיטגעהאָלפנ אינ אויסבויענ די שולנ. מע האָט אויסגעפוצט די צימערנ מיט בילדער פונ שרײַבער, מיט וואנטצײַטונגענ אונ גרינס. מע האָט אויסגעמאָלט מאפּעס אונ געהאלטנ רעפעראטנ.

* * *

ווינטער 1942 האָבנ זיך אינ געטאָ געלערנט 1500 קינדער. דאָס לערנענ זיך איז געווענ אומזיסט. פאר אומפארמעגלעכע אונ פייִקע טאלמידימ האָט די לערערשאפט באשטימט סטיפּענדיעס.

אינ יול 1943 האָט דער יידנראט איינגעפירט אינ געטאָ אלגעמיינעמ שול-צוואנג. אינ דער צײַטונג „געטאָ-יעדיִעס" נומ. 45 האָט זיך באוויזנ פאָלגנדיקע נאָטיצ: „עס ווערט געוואָרנט, מע זאָל אויספירנ די פאראָרדענונג

וועגנ שול-צוואַנג, אַניט וועט מענ די שולדיקע איבערגעבנ צומ געטאָ-געריכט".

א קינד אינ געטאָ איז ניט צו פאַרגלייַכנ מיט א קינד פונ די רויִקע צייַטנ. ווער עס האָט פאַרזוכט א מאַלינע, איז שוינ געניט אינ לעבנ, האָט מער אכרייַעס פאַר זיכ אונ פאַר דער געזעלשאַפט. א קינד אינ געטאָ, אויב נאָר עס האָט עלטערנ אָדער קרויווים, וואָס גייענ אינדערפרי צו דער אַרבעט, דאַרפ קאָכנ פאַר זיי אינ שטוב מיטיק, מוז זאָרגנ, אַז מורער, וואָס קאָנטראָלירט די וווינונגענ, זאָל די שפּייַז ניט געפינענ. אויב דאָס קינד איז א יאָסעמ, דאַרפ עס זאָרגנ נאָכ מער: עס מוז זייַנ א שנייַדער, א שוסטער, א סטאָליער, א בעקער, — אונ דאָכ האָט דער גרעסטער טייל געטאָ-קינדער באַזוכט די שולנ.

עס איז געגרינדעט געוואָרנ א ספּעציִעלער שול-אָפּטייל באַמ ייִדנראַט. בעראָש פונעמ אָפּטייל איז געשטאַנענ דער אַלטער ווילנער לערער אָליצקי אונ די לערערנ ראָכל ברוידאָ.

באַמ סאָפ געטאָ האָט דער שול-אָפּטייל געהאַט פאָלגנדיקע אינסטיטוציעס: צוויי קינדערגערטנער פאַר קינדער פונ פאָרשול-עלטער, דריַי פאָלקסשולנ פאַר קינדער אינ עלטער פונ זיבנ ביז דרייַצנ יאָר, אָנגעפירט דורכ די לערער באָרעכ לובאָצקי, לייקינ אונ בושעל; א געהיימע פאָלקסשול, אָרגאַניזירט דורכנ שול-אָפּטייל אינ ווילנער קאָנצענטראַציע-לאַגער „קייַליס" אונ אָנגעפירט דורכ דעמ לערער יאַנקל קאַפּלאַנ. א גימנאַזיע אינ געטאָ — דירעקטאָר לייב טורבאָוויטש. א מוזיק-שול, געשאַפנ דורכ די מוזיקער אַווראָמ סליעפּ אונ טאַמאַרע גערשאָוויטש, אונ א טעכניקומ אונטער דער אָנפירונג פונ אינזשעניער שרייַבער.

די גימנאַזיע איז אַנטשטאַנענ אינ פרילינג 1942. דער דירעקטאָר לייב טורבאָוויטש, אַנ אויסגעצייכנטער פּעדאַגאָג האָט ענערגיש געקעמפט מיט די העברייער, וואָס האָבנ געפרווווט פאַרהעברייִשנ די שול. דער קאַמפ האָט זיכ געצויגנ א סאָר כאַדאָשימ. אינ די טעג פונ גרויליקסטע שכיטעס האָט ער ניט אויפגעהערט. ס'איז דערגאַנגענ אַזוי ווייַט, אַז אינ דעמ געראַנגל האָט זיכ אַרייַנגעמישט די פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע פונ געטאָ. דעמלט האָבנ ביידע צדאָדימ נאָכגעגעבנ, אונ עס איז געוואָרנ שאָלעמ. טורבאָוויטש האָט זיכ געהאַלטנ פאַר דער פּראָגראַמ פונ דער אַמאָליקער רעאַל-גימנאַזיע. ער איז געווענ שטרענג אונ א סאַכ געפאָדערט. פינפ זייַנע שילער האָט ער פאַרהאַלטנ אַפ נאָכ א יאָר. דערפאַר איז ער געווענ גליקלעכ, ווענ א טאַלמיד האָט זיכ גוט געלערנט. ער האָט מיכ איינמאָל באַגעגנט א דערפרייטער אונ באַוויזנ א ווערק וועגנ ראַמבאַמ, געשריבנ פונ זייַנ 15-יעריקנ שילער ראַט-

נער. דאָס ווערק האָט אונדז אלעמענ פארינטערעסירט און דער געטאָ-פארלאג האָט עס באשלאָסנ „ארויסצוגעבנ".

די מוזיק-שול האָט געהאט אָפטיילונגענ פאר קלאוויר, פידל און געזאנג. אינ דער שול האָבנ זיכ געלערנט 100 שילער. עס פלעגנ פאָרקומענ עפנטלעכע קאָנצערטנ פונ די שילער. דער צוועלפיעריקער פיאניסט און קאָמפאָזיטאָר אליק וואָלקאָוויסקי (זיכ געראטעוועט פונ א טויטנ-לאגער אינ דייטשלאנד) האָט באגייסטערט דעמ עולעמ מיט אנ אייגענער שאפונג, וועלכע ער האָט אליינ אויסגעפירט. עס האָט זיכ אויכ אויסגעצייכנט דער אכטיעריקער פיאניסט טויבנהויז און די עלפיעריקע פידלער נדינע בעניאקאָנסקי.

די טעכנישע שול האָט דורכ זעקסכאדאָשימדיקע קורסנ ארויסגעלאָזט צענדליקער עלעקטראָטעכניקער און שלאָסער.

לעקאָוועד די, וואָס האָבנ געענדיקט די שולנ, האָט מענ צומ סאָפ יאָר איינגעאָרדנט פייערלעכע סיומימ (ארויסלאָזונ). אנ אביטוריענט פונ דער געטאָ-שול פלעגט באקומענ אנ אָפיציעלנ אטעסטאט מיט א ווונטש, וואָס גיכער באפרייט צו ווערנ פונ געטאָ. צו יעדער אטעסטאט האָט דער דירעקטאָר בייגעלייגט א רויז.

אויסער די סיומימ זיינענ אויכ פאָרגעקומענ שול-יאָמטויוימ פאר די עלטערנ.

בא די שולנ איז געווענ א יוגנט-קלוב. דאָרט זיינענ יעדער אָוונט געקומענ די שילער, און אינ א ריינעמ, ליכטיקנ זאל האָט מענ געגרייט די לעקציעס. אינ קלוב איז אויכ געווענ א לייענזאל, א צימער צו פארווײַלנ זיכ און ווארשטאטנ, ווו די יוגנט, וואָס לערנט זיכ באטאָג, זאָל אינ די אָוונט-שאָענ זיכ אויסלערנענ א פאכ. דער יוגנט-קלוב איז געווענ איינגעטיילט אינ באזונדערע סעקציעס. מיט די סעקציעס האָבנ אָנגעפירט: לערער, שרייבער און געלערנטע. מע האָט זיכ פארנומענ מיט ליטעראטור, געשיכטע, שפראכ, מאטעמאטיק, פיזיק. מע האָט אויכ געקליבנ פאָלקלאָר און מאטעריאלנ צו דער געשיכטע פונ געטאָ. די דראמאטישע סעקציע האָט געגרייט ספעקטאקלענ.

* * *

צומ שול-אָפטייל האָבנ געהערט זיבעציק לערער. זיי האָבנ געשאפנ א פאריינ. אינ די אָוונטנ פלעגט מענ זיכ צונויפטרעפנ אפ ארומצורעדנ וועגנ נייס אפ די פראָנטנ. יעדער פרייטיק האָבנ פארשיידענע לערער געהאלטנ רעפעראטנ. אינטערעסאנט זיינענ געווענ די שמועסנ וועגנ דער פסיכאָלאָגיע פונ געטאָ-קינד. דער לערער-פאריינ

האָט אויך אײַנגעאָרדנט פאר די לערער סעמינארן. באָרעך לובאָצקי האָט געלייענט וועגן מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע. די היסטאָריקערין ד״ר ליזע גאָרדאָן — וועגן דער אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם.

די לערער האָבן געשטרעבט צו באשאפן בא די קינדער אן אי-ליוזיע פון א נאָרמאל לעבן. זיי האָבן געגלייבט, אז די געולע גיין שוין נאָענט, און האָבן אָט דעם גלויבן געפלאנצט אין די קינדער-שע הערצער. זיי האָבן מיט אלע קויכעס געשטרעבט, אז די קינדער זאָלן ניט ארויס פון געטאָ קיין פארקריפּלטע, נאָר שטאָלצע, באוווסט-זיניקע, געזונטע און פייִקע צו ווײַטערדיקער ארבעט.

אויסער די דערמאָנטע שולן, וואָס האָבן געהערט צום שול-אָפּ-טייל אין געטאָ, זײַנען נאָך געווען אנדערע לערן-אנשטאלטן, ווי א קונסט-שול, א שול פאר ריטמיק און פלאסטיק (אָנגעפירט דורך ניגע גערשטיין), א דראמאטישע שול אאא. געווען אויך צוויי אינטער-נאטן, א טאָג-היים, פאכ־קורסן, א כיידער און צוויי יעשיוועס.

* * *

לויט א באפעל פון מורערן האָבן אין געטאָ זיך ניט געמאָרט געפינען קיין ראבאָנים. מע האָט ניט געטאָרט דאווענען און דורכפירן קיין רעליגיעזע צערעמאָניעס. ווי די מאראנען בייס דער שפאנישער אינקוויזיציע, האָבן די רעליגיעזע ייִדן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זייער גלויבן. אין רעב שאָולקעס קלויז האָבן זיי געגרינדעט א יעשיווע אפן נאָמען פון רעב כאיִם-אויזער גראָדזענסקי. עס האָבן זיך דאָרט גע-לערנט דרײַסיק באָכערים, דער ראָשיעשיווע איז געווען ייִצכאָק קאר-ניקס. שפעטער איז אויך געוואָרן א יעשיווע פאר קינדער. דער ראָש-יעשיווע איז געווען ארן בערעק (ביידע אומגעקומען בייס דער ליקווידאציע).

די יעשיווע-לײַט פלעגן לערנען אין די נעכט. באטאָג איז מען געגאנגען אפ צוואנגס-ארבעט. וועגן די צוויי יעשיוועס האָט דער געטאָ-אוילעם קימאט ווי ניט געוווּסט. בלויז אין דער צײַט פון א שכיטע פלעגט אדורכדרינגען דורך די געסלעך דער ניגן פון א קאַ-פּיטל טילים. דאָס פלעגן דעמלט די יעשיווע-לײַט העכער אופהייבן זייערע שטימען: דער גאָט, וואָס ווינט אויסערן געטאָ, זאָל דערהערן און זיך דערבארעמען.

## טעאטער

דער יונגער רעזשיסער וויסקינד האָט מיך פארבעטן אפ א צו-נויפקום מיט ייִדישע אקטיאָרן. עס איז דאָ א געדאנק צו שאפן א טעאטער. איך האָב אים אָנגעקוקט פארוווּנדערט:

— א טעאטער אין געטאָ?

— יאָ, — האָט מיר וויסקינד באשטעטיקט, — מיר מוזן טאָן דאָס אונדזעריקע. אויך מיט אָט דעם געווער זיך אנטקעגנשטעלן דעם סוינע. מיר טאָרן זיך ניט אונטערגעבן אפ קיין איין מינוט. אויך אין די געטאָס פון מיטלאלטער האָט מען געשפילט. און די געשיכטע פון יידישן טעאטער ציט פון דאָרטן אירע פעדעם. לאָמיר אויך באשאפן א טעאטער — דערפרייען און דערמונטערן די געטאָ.

איך בין אוועק. וויסקינדס גלויבן האָט פארצוקט מיין טרויער. אפ סטראשון-גאס 7, אין א קאלטן בוידעמל בא דעם ארטיסט בליאכער האָב איך זיך געטראָפן מיט די געבליבענע ארטיסטן. אלע כאוויירים זיינען געווען פאר א טעאטער. איך בין אויך געוואָרן אָנגעשטעקט מיט דער מיינונג און האָב אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון רעזשיסער צו ווערן דער ליטערארישער אָנפירער פונעם פראָיעקטירטן טעאטער.

מיר זיינען צוגעטראָטן גרייטן דעם ערשטן קאָנצערט. עס איז געווען שווער מיטן צוקלייבן דעם מאטעריאל. מיט וועלכן וואָרט זאָל מען קומען צום אוילעם, קעדיי ניט צו פארשוועכן דעם טרויער פון א פאָלק? וויאזוי זאָל מען אוועקנעמען פון די אויגן דעם אָפבלד פון קוואָרים? און מיט וועלכן קויעך זאָל מען באוועלטיקן דעם געטאָ-מענטש, ער זאָל אפכניי באנעמען די הערויִק פון זיין געשיכטע? ער זאָל דערפילן שיינקייט און גלויבן אין דער צוקונפט?

די פראָגראם פון דעם ערשטן קאָנצערט איז באשטאנען פון: „גלוסט זיך מיר וויינען” פון ביאליק (כאָראלע דעקלאמאציע), פאָלקס-לידער, געזונגען דורך איידלסאָן און ליובע לעוויצקי. „מירעלע עפראָס” פון יאקאָוו גאָרדין (פראגמענטן). אין דער ראָל פון מירעלען האָט געשפילט עסטער ליפאָווסקי. קלאוויר-קאָנצערט — נאָקטורן ב — מאָל פון שאָפען, אויסגעפירט דורך סאָניע רעכטיק. אן אינסצעניררונג פון סטעפאן צווייגס דערציילונג „די מוטער ראָכל” און „די גאָלדענע קייט” פון י.-ל. פערעצ (פראגמענט). די אקטיאָרן — א גאנצן טאָג אפ צוואנגס-ארבעט אונטערן בייטש פון שטורמיסטן — פלעגן די פראָבן דורכפירן אין די נעכט.

אויסער דראמאטישע פראגמענטן ווי „מאזלטאָוו”, „שלוימע מאָלכוי”, „די גאָלדענע קייט”, „דער גוילעם” און אנדערע, זיינען געשטעלט געוואָרן פאָלגנדיקע גאנצע פיעסן: „גרינע פעלדער” — אידיליע פון פערעצ הירשביין, „דער מענטש אונטערן בריק” — קאָמעדיע פון אָטאָ אינדיק (מע האָט די פיעסע איבערגעזעצט אין געטאָ אפ יידיש). „דער

מאבל״ פונ בערגער אונ די קאָמעדיע „דער אויצער״ פונ דאָוויד פּינסקי. „טעוויע דער מילכיקער״ פונ שאָלעמ-אלייכעמ האָבנ מיר בלויז צוגעגרייט אונ ניט באוויזנ אופצופירנ. אינ מעשכ פונ די פּראָבנ אפ „טעוויענ״ זײַנענ אומגעקומענ ארטיסטנ, מע האָט זיי גלײַכ פארביטנ אפ אנדערע אונ פּראָבירט ווײַטער. אָבער אויכ די נײַע האָבנ ניט דערצויגנ צו א פּרעמיערע.

פאר די באליבטסטע אקטיאָרנ האָבנ זיכ גערעכנט: יאקאָוו בערע-גאָלסקי, מאקס שאדאָווסקי, עסטער ליפּאָווסקי, שאבסײַ בליאכער, דער קאָוונער ארטיסט רויטבלומ, יעקוסיעל רוטענבערג, דאָרע רובינ אונ דער „געטאָ-שטערנ״ כײַעלע ראָזענטאל (די לעצטע צוויי זײַנענ געבליבנ לעבנ).

## מוזיק

די ווילנער ייִדישע מוזיקער האָבנ אינ די טעג פונ די כאפּונעס, איידער מע האָט ארויסגעטריבנ פונ די הײַזער, פארגראָבנ זייערע אינ-סטרומענטנ אינ דער ערד. דורכ א קאנאל, פונ די פארמויערטע גע-טאָ-געסלעכ, איז מענ שפּעטער ארויסגעקראָכנ אונ אויכגעגראָבנ די אינסטרומענטנ פונ דער ערד אונ ארײַנגעבראכט זיי אינ געטאָ. אינ דער באהאלטענער געטאָ האָט אינגיכנ אופגעקלונגענ א סימפאָנישער אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פונ וואָלפ דורמאשקינ.

די מוזיקער האָבנ געארבעט אפ צוואנגס-ארבעט אינ שטאָט. פונ דאָרט האָבנ זיי ארײַנגעטראָגנ אינ געטאָ א פּיאנע. די פּיאנע האָבנ זיי געפונענ אינ א פּוסטער ייִדישער דירע. יעדער מוזיקער האָט בי-גנייווע ארײַנגעטראָגנ א טייל פונ דער פּיאנע. אינ געטאָ האָט זיכ שוינ געפונענ א מײַסטער, וועלכער האָט די פּיאנע אופגעשטעלט.

דער ערשטער אופטריט פונ סימפאָנישנ אָרקעסטער אינ דער צאָל פונ 17 מוזיקער (דעמ 15-טנ מארט 1942) איז געווענ א פּאָלקס-יאָמטעוו אינ געטאָ. עס איז געשפּילט געוואָרנ די קאווקאזער סויִטע פונ איפּאָליטאָוו-איוואנאָוו, א ייִדישע פּאָפּורי פונ מאקס גייגער אונ א טייל פונ פראנצ שובערטס ניט פארענדיקטער סימפאָניע. ווי בארג-לופּט פאר א לונגענ-קראנקנ, אזוי האָט דער סימפאָנישער אָרקעסטער געווירקט אפ די געטאָ-אײַנוווינער. פאר דער שיינקײַט פונ דער וועלט האָט זיכ געגלוסט צו קעמפנ.

באמ סאָפ געטאָ איז דער אָרקעסטער באשטאנענ פונ פערציק מו-זיקער. דער אָרקעסטער האָט באוויזנ אופצופירנ זיבנ פּרעמיערעס (אנ ערעכ 35 קאָנצערטנ). מע האָט געהערט טשײַקאָווסקיס פינפטע סימ-פאָניע, מאָצארטס אוווערטיורע צו דער אָפּערע „פיגאראָס כאסענע״, דוואָזשאקס פינפטע סימפאָניע, שאָפּענס קלאוויר-קאָנצערט ע — מאָל,

בעטהאָווענס אוווערטיורע לעאָנאָרע נומ. 3, בעטהאָווענס נײַנטע סימפאָניע, אין וועלכער דער סימפאָנישער אָרקעסטער האָט דערגרייכט זײַן הויכפּונקט אא.

אויסער די קאָנצערטן פון סימפאָנישן אָרקעסטער זײַנען נאָך פאָרגעקומען ספּעציעלע עסטראַדע-קאָנצערטן. פון צײַט צו צײַט זײַנען אויך פאָרגעקומען קאָנצערטן פון קאמער-מוזיק (טריאָ און דועטן).

## פארייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער

דעם 17 פעווראַל 1942 איז פאָרגעקומען די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פאַר א פאַרייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער אין ווילנער געטאָ. עס זײַנען בײַגעווען אַרום הונדערט מענטשן: שרײַבער, מוזיקער, אַרטיסטן און מאָלער. ז. קאַלמאַנאָוויטש, וואָס איז געווען דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג, האָט אָנגעוויזן די צילן פון דער פאַרייניקונג. זיי זײַנען: 1. אַרויסרײַסן כאָטש אַף א ווײַל די שעפערישע עלעמענטן אין געטאָ פון דער אַלגעמיינער געדריקטער אַטמאָספער; סטימולירן זיי צו אַקטועלער שאַפונגס-אַרבעט און דעריקער הייבן זייער מוט דורך אַן אויסקוק אַף א צוקונפט, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער יידישער פאַרגאַנגענהײַט; 2. זען אַרויסצוקריגן פאַר די מיטגלידער שײַנען און מאַטעריעלע הילף דורך פאַרשאַפן זיי צוגעפּאַסטע אַרבעט. פויצלן געהעריקע געזעלשאַפטלעכע שטיצע אין געלט און פּראָדוקטן.

מיטגלידער פון דער פאַרייניקונג קענען ווערן אַלע געוועזענע אַקטיווע מיטגלידער פון ליטעראַטן-, זשורנאַליסטן-, אַרטיסטן-, מוזיקער- און פּלאַסטיקער-פאַריינען און די פּערזאָנען, וואָס זײַנען שעפעריש טעטיק אַף אַלע געביטן פון ליטעראַטור און קונסט. מישפּאָכע-מיטגלידער פון ליטעראַטן און קינסטלער, וואָס זײַנען דעמלט אין געטאָ ניט געווען, ווערן געשטיצט צוגלײַך ווי מיטגלידער.

אין דער ערשטער, אויסגעקליבענער, פאַרוואַלטונג זײַנען אַרײַן: ז. קאַלמאַנאָוויטש, יאַקאָוו גערשטיין, ה. גוטגעשטאַלט, הערמאַן קרוק, שאַבסײַ בליאַכער, יאַקאָוו שער, מ. שאַדאָווסקי, יויסעף גלאַזמאַן און א. סוצקעווער.

די פאַרוואַלטונג האָט קודעם געהאָלפן די מיטגלידער פונעם פאַרבאַנד, געזאָרגט פאַר זיי אין אַרויסבאַקומען געלט און ראָזע שײַנען (דאָס איז געווען אין יענע טעג א פראַגע פון לעבן און טויט). זי האָט געזאַמלט פאַרלוירענע שאַפונגען פון די אומגעבראַכטע כאַווײרים, צוגעטראָטן צו באַאַרבעטן א כראָניק וועגן אַלע שרײַבער, קינסטלער,

וויסנשאפטלער, וועלכע די דייטשן האָבן דערמאָרדעט, און האָט געגרייט א ליטעראַרישן אלמאנאך פון די שאפונגען אין געטאָ.

אָט זיינען עטלעכע פון די ליטעראַרישע קינסטלערישע אָוונטן: אן אָוונט לעקאָוועד באָרעך שפינאָזע, רעפעראַט פון ד״ר צעמאך פעלדשטיין. „ייִדישע מוזיק״ מיט אילוסטראציעס, רעפעראַט פון יאקאָוו גערשטיין. וועגן די „פערציק טעג פון מוזא דאג״, רעפעראַט פון לעאָ בערנשטיין. אן אָוונט געווידמעט מארק שאגאל — רעפערירט פון יאקאָוו שער. „קידעשהאשעם-מאָטיוו אין דער ייִדישער ליטעראַטור״, רעפעראַט פון באָרעך לובאָצקי. קאָלעקטיווע אָוונטן, געווידמעט דער קולטור-געשיכטע פון דער אמאָליקער ווילנע און דער אמאָליקער ווארשע.

דערוווּסט זיך דורכן געהיימען געטאָ-ראַדיאָ, אז אין אמעריקע איז באגאנגען זעלבסטמאָרד דער בארימטער דייטשישער שרייבער סטעפאן צווייג, האָבן מיר איינגעאָרדנט לעקאָוועד זיין אָנדענק א פייערלעכן טרויער-אָוונט. די מוזיקער האָבן געשפּילט שאָפּענס טרויער-מארש, און די ארטיסטן האָבן געגעבן א פראגמענט פון סטעפאן צווייגס יירמעיאָהו.

די פאראייניקונג האָט אָפט אויך איינגעאָרדנט צוזאמענטרעפן מיט די געטאָ-שרייבער. דער שרייבער האָט געלייענט זיינע ווערק, און ביז טיף אין דער נאכט האָבן זיך געצויגן דיסקוסיעס.

די פאראייניקונג האָט אויך אָרגאניזירט פייערונגען אין געטאָ-טעאטער, געהייליקט די שרייבער מענדעלע, שאָלעם-אליינעם, פערעץ, ביאליק און יעהויאָש.

קעדיי צו אקטיוויזירן די מיטגלידער צו שעפערישער ארבעט, האָט די פארוואלטונג פון דער פאראייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער געגרינדעט א „פארלאג״.

דער „געטאָ-פארלאג״ האָט אָפּגעקויפט בא די שרייבער, מאָלער און מוזיקער זייערע ווערק אף ארויסצוגעבן נאָך דער מילכאָמע. די ווערק זיינען פריער באטראכט געוואָרן דורך א ספעציעלער קאָמיסיע און, ווערליק איר אָפּשאַץ, האָט מען דעם אווטאָר אויסגעצאָלט האָנאָראַר. אויך ווערק, וועלכע די אווטאָרן האָבן נאָך געהאלטן אין דער ארבעט, האָט די פארוואלטונג גענומען צו קענטעניש, און אָפּשאצנדיק די פערזענלעכע קוואליפיקאציע פון די מעכאברים, האָט מען די ווערק פאָרויס אָפּגעקויפט און אף אזא אויפן געגעבן די מעכאברים א מאטעריעלע מעגלעכקייט צו ארבעטן ווייטער אף זייערע שאפונגען.

די פאראייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער האָט געשאפן אויך א געטאָ-אוניווערסיטעט אונטערן נאָמען „וויסנשאפטלעכער קרייז״. עס האָבן געארבעט פינף סעקציעס: פאר מאטעמאטיק און פיזיק, פאר כי-

מיע, פאר באשרײַבנדיקער נאטורוויסנשאפט, פאר לינגוויסטיק און פאר פילאָסאָפיע און סאָציאַלע וויסנשאפטן. די פארוואלטונג איז באַשטאנען פון אלע סעקציע-אָפירערס בעראָש מיט ז. קאלמאנאָוויטש.

יעדער סעקציע האָט געפירט איר ארבעט באזונדער. בא דער סעקציע פון כימיע האָט זיך געשאפן א טעכנאָכימישע לאבאָראטאָריע. בא דער פילאָסאָפישער סעקציע האָט זיך געעפנט א קורס פון עטנאָגראפיע, עטנאָלאָגיע און פאָלקלאָר פארן ברייטערן עולעם. יעדער שאבעס פלעגן אויך פאָרקומען אלגעמיינע סעמינארן פאר אלעסעקציע-מיטגלידער און נארבעטענע געסט.

אָט זײַנען עטלעכע רעפעראטן אין וויסנשאפטלעכן קרײַז: ד״ר דאניעל פײַנשטיין: „דער מיטאָס וועגן גאניידן אין פסיכאָאנאליטישער באלויכטונג״, ד״ר זאלקינדסאָן: „ארײַנפיר אין דער טעאָריע פון צאָלן״, ד״ר ליבער: „ענגלישע פילאָלאָגיע״, לייב טורבאָוויטש: „וועגן פאלקאָוויטשעס בוך „ייִדיש״.

* * *

די פארייניקונג האָט אויך פּראָקלאמירט קאָנקורסן אף די דרײַ געביטן פון קונסט: ליטעראטור, מוזיק, מאָלערײַ. די דאָזיקע קאָנקורסן האָבן זיך איבערגעכאזערט צו דרײַ מאָל. עס זײַנען צונגעקומען צענדליקער פּאָעמעס, דראמעס, קאָמפּאָזיציעס און בילדער, אלץ געשאפענע אין דער באהאלטענער געטאָ. איך האָב געהאט דעם קאָוועד צו באקומען די ערשטע ליטעראטור־פּרעמיע פון ווילנער געטאָ פאר מײַן דראמאטישער פּאָעמע „דאָס קייווער־קינד״.

אין סעפּטעמבער 1942 איז אין געטאָ געשטאָרבן דער באליבטער קולטור-טוער, מוזיקער און לערער יאקאָוו גערשטיין. אין דער לעווײַע, אײַנגעאָרדנט דורך דער „פארייניקונג״, האָט זיך באטייליקט די גאנצע געטאָ.

## אויסשטעלונגען

אין מארט 1943 האָט זיך אין פאָיע פון ווילנער געטאָ-טעאטער געעפנט א קונסט־אויסשטעלונג. צווישן די עקספּאָנאטן זײַנען געווען: ראָכל סוצקעווערס פארביקע פייזאזשן; יאקאָוו שערס גראפיק „פון דער אלטער געטאָ״; דײַנעסעס, נאָטעסעס און וואָלצ׳ס מיניאטיורן, אויסגעשניצט פון האָלץ; מאָדעלן פון דער ארכיטעקטאָרן ראָט און די ארבעטן פון דעם נײַניעריקן זאלמען באק.

לעקאָוועד דעם ייִדישן דיכטער און טאנאך-איבערזעצער יעהויאָש האָט דער ליטערארישער קרײַז אײַנגעאָרדנט א רײַכע, פארביקע אויסשטעלונג אין דעם לאָקאל פון יוגנט-קלוב. איך האָב פון די ייִדישע ביבליאָטעקן און מוזייען פון שטאָט אין מעשעך פון א האלב יאָר



א צייכענונג פֿונעם ניַיעריקן קינסטלער זאַלמען באַק, וועלכע איז באַוויזן געוואָרן אַף דער אויסשטעלונג אין געטאָ.

אַרײַנגעטראָגן אין געטאָ אַלע ווערק, בילדער, בריוו און מאַנוסקריפּטן פֿונעם דערמאָנטן דיכטער, ווי אויך די אָריגינעלע בריוו צו יעהויאָשן פֿון זײַנע צײַט־כאַווײרים: פּרעץ, שאַלעם־אַלייכעם, ביאַליק אאַ. אין דער אָפּטיילונג „טאַנאַך־איבערזעצונגען אין יידיש" זײַנען געלעגן זעלטענע אויסגאַבן פֿון טאַנאַכן אין יידיש ווי אַשטייגער: די איבערזעצונגען פֿון בוקסדאָרף (XVI יאָרה.), בליץ און וויצנהויזן (XVII יאָרה.), פֿון מענדל לעפֿין און אַנדערע. אַ באַזונדער ווינקל האָט זיך אָנגערופֿן: „יעהויאָש דער דיכטער". דאָרט זײַנען געווען אויפֿגעקלעפּט די אויסשניטן פֿון צײַטונגען און ספּעציעלע פּלאַקאַטן מיט פּראַגמענטן פֿון יעהויאָשעס לידער. בײַם אַרײַנגיין צו דער אויסשטעלונג איז געשטאַנען דעם דיכטערס אַ ביוסט, אויסגעקנאָטן פֿון דעם צעניערעיקן געטאָ־סקולפּטאָר וואָלמאַרק.

די אויסשטעלונג, ווי פֿיל אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטן אין געטאָ, איז געווען אומלעגאַל. בײַטאָג פֿלעגט מען פֿאַרשטעלן די טיר מיט ברעטער: טאָמער וועלן דײַטשן אַרומגיין קאָנטראָלירן, זאָלן זיי ניט זען דעם אַרײַנגאַנג. ערשט בײַנאַכט פֿלעגט מען עפֿענען די אויסשטעלונג.

## דאָס קולטור־הויז אַף סטראַשון־גאַס 6

איינער פֿון די וויכטיקסטע קולטור־צענטערס אין ווילנער געטאָ איז געווען דאָס קולטור־הויז אַף סטראַשון־גאַס 6. אין דער געבײַדע האָבן זיך געפֿונען פֿאָלגנדיקע אינסטיטוציעס: ביבליאָטעק, לייענזאַל, אַרכיוו, סטאַטיסטישער אַמט, אַדרעסן־ביוראָ און מוזיי.

נאָך מיט לאַנגע יאָרן פֿאַר דער מילכאָמע האָט אַף סטראַשון־גאַס 6 זיך געפֿונען די ביבליאָטעק „מעפֿיצע־האַסקאָלע". ווען די יידן

זײַנען געקומען אין געטאָ, האָבן זיי געזען, ווי הונדערטער ביכער פון ביבליאָטעק וואַלגערן זיך אין די געסלעך. דער וואַרשעווער ביבליאָטעקער הערמאַן קרוק האָט זיך מיט האַסמאָדנע געגומען אופשטעלן אפדאָסנײַ די ביבליאָטעק. דעם צענטן סעפטעמבער 1941 האָט מען שוין געביטן ביכער.

מענטשן, וואָס אין נאָרמאַלע צײַטן האָבן זעלטן-ווען גענומען א בוך אין האַנט, זײַנען איצטער געלאָפן אין ביבליאָטעק. א בוך איז געוואָרן א פרײַנט, א טרייסט אין דעם עלנט. אין די מאַלינעס, אין די אונטערערדישע היילן, פאַר א קנייטל-ליכט, פאַר א קאַרגן שטראַל, וואָס איז אַרײַן דורך א שפּאַרונע, האָט מען געלייענט ביכער.

דעם 1-טן אָקטיאַבער האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון דער ווילנער געטאָ אַרום דרײַ טויזנט מענטשן צו דער שחיטה. און דעם 2-טן אָקטיאַבער האָט מען אין ביבליאָטעק געביטן 390 ביכער. דעם 3-טן און 4-טן אָקטיאַבער זײַנען פאָרגעקומען די שחיטות אין דער צווייטער געטאָ. דעם 5-טן ווערן אין ביבליאָטעק געביטן 421 ביכער. אין נאָיאַבער פאַלט די באַפעלקערונג אָפּ 40 פּראָצענט, און די צאָל אויסגעלייענטע ביכער וואַקסט קימאַט אַפּ א דריטל. צום סאָף נאָיאַבער 1942 האָט די צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער פאַר דער צײַט פון געטאָ דערגרייכט הונדערט טויזנט. לעקאָוועד דעם האָט די ביבליאָטעק ד. רכגעפירט א פײַערלעכן פרימאָרגן, ווו מע האָט פאַרטיילט ביכער-פּרעמיעס דעם ערשטן און דעם לעצטן אַבאָנענט.

פאַרן לייענזאַל האָט מען ספּעציעל אויסגעבויט א פאַרבאָרגענעם לאָקאַל. שטענדיק איז דער לייענזאַל פול געווען. מיטן לייענזאַל האָט אָנגעפירט כײַקל לונסקי, וואָס איז אין סעפּטעמבער 1943 פאַרפײַניקט געוואָרן אין דער טרויעריק-באַרימטער צעלע נומ. 16.

בא דער ביבליאָטעק איז אויך געווען א באַהאַלטענע ביכער-קראָם. די ביכער האָט מען אַרײַנגעגאַנוועט פון שטאָט: פון די ייִדישע קאָרעיוע ביבליאָטעקן און מוזייען.

* * *

דער געטאָ-אַרכיוו און מוזיי האָבן געהאַט אופגעזאַמלט א ריזיקן אויצער דאָקומענטן פון געטאָ און שטאָט. די מאַטעריאַלן זײַנען פאַרבאַסמעט געוואָרן אין בלעכענע קאַסטנס, און מע האָט זיי באַגראָבן ביז צו בעסערע צײַטן. דער סטאַטיסטישער אַמט האָט געקליבן ידיעות וועגן אַלע געטאָ-אַנשטאַלטן און האָט זיי באַאַרבעט אין דער פאָרם פון סטאַטיסטישע ביולעטענען. דער אַמט האָט פּאַרטיק געמאַכט ביולעטענען וועגן געזונט-שוץ, סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, אַרבעט, קולטור-לעבן, אַדמיניסטראַציע-באַשפּײַזונג און אַנדערע געביטן פון געטאָ-לעבן.

* * *

די שולן, דער טעאַטער, די פאַריייניקונג פון די ליטעראַטן און קינסטלער, די ביבליאָטעק, דער ספּאָרט-קלוב און אַלע אינסטיטוציעס, וואָס איך האָב אויסגערעכנט, האָבן געהערט צום קולטור-אַפּטייל. פון דאָרט האָבן זיי באַקומען געלט, פּראָדוקטן און יעדער מין הילף.

פון די איבער דריי הונדערט קולטור-טוער אין ווילנער געטאָ (לערער, שרייבער, אַרטיסטן, געלערנטע, מאָלער און מוזיקער) זיינען געבליבן לעבן געציילטע. פון די טויזנט קינדער אין די געטאָ-שולן זיינען פאַראַן בלויז עטלעכע צענדליק.

## דער שפּיטאָל און די אָרגאַניזאַציע פון ריינקייט

הונדערט און פערציק יאָר האָט אין ווילנע עקזיסטירט דער ייִדישער שפּיטאָל, וועלכן מע האָט גערופן אַמאָל דער העקדעש.

באַם שאַפן די געטאָ האָבן די דייטשן אַרויסגעשיקט פון שפּיטאָל אַלע ניט-ייִדישע קראַנקע און דאָקטוירים. זיי האָבן צוגענומען אַלע מעדיצינישע אינסטרומענטן, רעפואות, פּראָדוקטן און האָבן אַריינגעשיקט אין שפּיטאָל די ייִדישע משוגעים און אַלע ייִדן מיט קלעפּיקע קראַנקייטן, וואָס האָבן זיך ביז איצט אופגעהאַלטן אין די שטאָטישע שפּיטעלער. דערביי האָט הערינג (איינער פון די דעמלטיקע שעפן פון געסטאַפּאָ) אָנגעזאָגט דעם ייִדנראַט: אויב אין געטאָ וועט זיך געפינען אַ קרעציקער אָדער אַ קראַנקער מיט פלעק-טיפוס, איז אַ סאָף צו דער געטאָ.

אין די ערשטע טעג פון געטאָ איז געקומען שווייַנענבערג אין שפּיטאָל און גענוי דורכגעקוקט יעדן קראַנקן. אַ סך האָט ער דערקלערט פאַר אומהיילעוודיקע און האָט באַפוילן זיי אַוועקצופירן אין „אַ צווייטער שטאָט". שווייַנענבערג האָט אויסגעקליבן דעם משוגענעם קאָמבער און אים דערקלערט פאַרן עלטסטן פון ייִדנראַט. ער האָט איינגעאָרדנט קאָמבערן אין אַ ספּעציעלן קאַבינעט אין ייִדנראַט און אים געגעבן אַ שטאַט מיטאַרבעטער. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז שווייַנענבערג געקומען צו די משוגעים אין קאַמער און געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע. ער האָט זיי געזאָגט: דאָ אין געטאָ איז אייך שלעכט, קומט מיט מיר אין אַ צווייטער שטאָט, דאָרט וועט אייך גאָרניט פעלן. דערביי האָט ער אַרויסגענומען בולקעס און געוואָרפן פאַר די משוגעים.

מיט פרייד און געלעכטער האָבן די קראנקע זיך צוגעכאפט צו שווײַנענבערגס מאטאָנעס. א סאך האָבן ארײַנגעטאנצט אינ אווטאָ. אנדערע האָבן זיך געראנגלט מיט די כאפונעס און ניט געלאָזט זיך נעמענ. ווענ דרײַ אווטאָס מיט מעשוגאָים זײַנענ שוינ געווענ אָנגעפאקט, האָט שווײַנענבערג געפרעגט קאָמבערנ, צי עס גלוסט זיך אים מיטפאָרנ אינ דער צווייטער שטאָט. אויב יאָ, וועט ער דאָרט ווערנ דער אָנפירער איבער אלע עוואקוירטע. קאָמבער איז מאסקים געווענ. ער האָט זיך ארײַנגעזעצט מיט שווײַנענבערגנ אינאיינעם, און מיט פאראד האָט אים זײַנ האר אוועקגעפירט אינ „דער צווייטער שטאָט".

* * *

אפ באזונדערס קאָמפליצירטע אָפעראציעס און וויכטיקע קאָנסיליומס פלעגט מענ פארבעטנ אינ שפיטאָל די ניט-יידישע פראָפעסאָרנ מיכיידאָ און יאנושקעוויטש. געהיימ, דורכ א זײַטיקנ ארײַנגאנג, פלעגנ זיי באנאכט זיך ארײַנשארנ אינ געטאָ. אויכ די שטאָטישע אפטייקנ האָבנ געהאָלפנ דעמ שפיטאָל. אזוי ווי יידנ האָבנ ניט געטאָרט באקומענ מעדיצינישע הילפ מיכוץ די גרענעצנ פונ געטאָ, פלעגנ די יידישע דאָקטוירימ אויסשרײַבנ די רעצעפטנ אונטער פאלשע נעמענ. די שטאָטישע אפטייקער האָבנ ווענג דעמ געוווּסט. זיי האָבנ אָבער קיינמאָל ניט געמאכט קיינ שוועריקײַטנ אינ ארויסגעבנ די רעפועס. נאָכ א מאָקער צו באקומענ מעדיקאמענטנ, און דער סאמע וויכטיקסטער, זײַנענ געווענ די שטאָטישע שפיטעלער, ווו עס האָבנ געארבעט ווי צוואנגס-ארבעטער יידנ. פונ מיליטערישנ שפיטאָל אפ אנטאָקאָל, פונ שפאנישנ קריגס-לאזארעט פלעגנ די ארבעטער ארײַנטראָגנ אינ געטאָ, וואָס נאָר די דאָקטוירימ האָבנ בא זיי באשטעלט. שפעטער האָט זיך אָנגעהויבנ אינ געטאָ גופע די פאבריקאציע פונ מעדיקאמענטנ.

ווי שוינ דערמאָנט, האָט מענ דעמ שפיטאָל געוואָרנט, אז אויב מע וועט געפינענ א קלעפיקנ קראנקנ, איז די געטאָ אינ א סאקאָנע. עמעס, קיינ סאכ זײַנענ אזוינע פאלנ ניט געווענ. אָבער די עטלעכע קראנקע, וואָס זײַנענ יאָ געווענ (דעריקער — געבראכט פונ פארשיידענע לאגערנ), האָט מענ געהיילט בישטיקע אונטער אנדערע דיאגנאָזנ.

צווישנ אנדערע אנשטאלטנ איז באמ יידנראט געווענ אויכ א געזונט-אָפטייל מיט פארשיידענע סעקציעס, וואָס זייער אלעמענס אופגאבע איז געווענ: אינהאלטנ די ריינקײַט אינ געטאָ און העלפנ דער באפעלקערונג אײַנהיטנ דאָס געזונט. עס האָט געארבעט א סאניטאר-עפידעמיאָלאָגישע סעקציע, סאניטארע פאָליציי, א סעקציע פאר

היל-אינסטיטוציעס, א קינדערשוץ-סעקציע, א בעסוילעם-סעקציע און אנדערע.

צום דאָקטוירים-פאריין איז געטאָ האָבן געהערט הונדערט פופציק מעדיצינער. זיי האָבן געשאפן א מעדיצינישע אָרגאניזאציע. דער דאָקטוירים-פאריין האָט אויך ארויסגעגעבן אין געטאָ א צייטונג. זי איז באשטאנען פון די רעפעראטן, וואָס פארשיידענע דאָקטוירים האָבן געליינט א וואָך איבער א וואָך פאר אאודיטאָריעס. די צייטונג האָט געהייסן „פאָלקס־געזונט".

אָט איז לעמאָשל דער אינהאלט פון א נומער „פאָלקס־געזונט" (נומער 6 פונעם 7-טן נאָיאבער 1942):

1. ד"ר פייגוס — וועגן דערנערונג.
2. ד"ר ברייטבארט — שרעקט זיך ניט, ווען דאָס קינד ווערט געל.
3. ד"ר פיסאכאָוויטש — ווען עס רייסט א פינגער.
4. ד"ר בוראק — צי גרויסע היץ בא א קראנקן איז א סימען פון געפאר.
5. ד"ר אנטאָקאָלעץ — וועגן אָבערגלויבענישן אין דער מעדיצין. מעדיצינישע כראָניק, בריוו-קאסטן.

## אין קיניגרייך פון אלפרעד ראָזענבערג

דער ראָזענבערג־שטאב אין ווילנע („איינזאצשטאב־רייכסלייטער ראָזענבערג") איז באשטימט געווען צו דערגאנצן די ארבעט פון געסטאפאָ: אויסגעפינען און פאטערן ביזן גרונט די יידישע קולטור-אויצרעס. אין משך פון א קורצער צייט מוז כולשטענדיק אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד דער האלבער יאָרטויזנט יידישע ווילנע.

* * *

דעם 1-טן אווגוסט האָט מען ארעסטירט נויעך פרילוצקי.

ער איז געזעסן ווי אין ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע און געשריבן זיין „פאָנעטיק פון יידיש". מע האָט אים ארייַנגענומען אין א טאקסי און אוועקגעשלעפט אין די קעלערן פון געסטאפאָ אף מיצקעוויטש־גאס. דאָרט האָט געווארט אף אים דער דייטשישער פראָפעסאָר פון יודאיסטיק ד"ר גאָטהארט, וואָס איז געקומען ספעציעל פון בערלין אופצוקלייַבן אין ווילנע די זעלטענע קולטור-אויצרעס. צו פרילוצקין האָט ער זיך באצויגן קלוימערשט העפלעך. גערעדט מיט אים וועגן ליטעראטור. פארלאנגט פון אים, ער זאָל אופשטעלן א רעשימע פון די יידישע אינקונאבלען (ערשטדרוקן ביזן XVI יאָרה.), וואָס גע-

געפֿינען זיך אין דער באַרימטער ווילנער סטראַשון-ביבליאָטעק (סטראַ-
שון, דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער סטראַשון-ביבליאָטעק, דאָס אייניקל
פֿון איר גרינדער, האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי די דײַטשן באַלע-
באַטעווען אין ביבליאָטעק, און ער האָט זיך אויפֿגעהאַנגען אויף זײַנע
טפֿילין).

פּרילוצקי איז געזעסן אין די קעלערן פֿון געסטאַפּאָ צוזאַמען
מיט דעם אַלטן ייִדישן שרײַבער א. י. גאָלדשמידט. יעדער אינ-
דערפֿרי פֿלעגט מען זיי פֿירן אין די ביבליאָטעקן אויפֿצושטעלן רע-
שימעס פֿאַר ד״ר גאָטהאַרט. ווען דער איז אַוועקגעפֿאָרן צוריק אין
בערלין, זײַנען ביידע געלערנטע שוין פֿאַרבליבן אין געסטאַפּאָ. ווי
מיר האָט שפּעטער דערציילט דער ביבליאָטעקער כײַקל לונסקי, וואָס
איז געזעסן מיט זיי צוזאַמען, האָבן זיי די לעצטע נעכט, ביז מע
האָט זיי אַרויסגעפֿירט, גערעדט וועגן ראַמבאַם. אין אַ כוידעש אַרום
האָט מען נאָך געזען פּרילוצקין אין טורמע. ער איז געלעגן אַ האַלב-
נאַקעטער אויף דער ערד, און זײַן העמד, אַרומגעבונדן אַרום זײַן קאָפּ,
איז רויט געווען פֿון בלוט. לעבן אים איז געלעגן א. י. גאָלדשמידט
און שוין מער ניט געאָטעמט.

* * *

אין יאַנואַר 1942 איז אין ווילנע געקומען ד״ר פּאָל, דער די-
רעקטאָר פֿון פֿראַנקפֿורטער מוזיי צו פֿאָרשן די מיזרעך-פֿעלקער. ער
איז געקומען ניט אַליין. ער האָט מיטגעבראַכט אַ גאַנצן שטאַט
„געלערנטע“: דעם אָבער-אײַנזאַצפֿירער ד״ר מילער, ד״ר וואָלף
(ביידע פֿון בערלין). שפּעטער איז צוגעקומען ספּאָרקעס און אַ גע-
וויסער גימפּעל.

די „העלדן“ זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין געטאָ און געפֿאָדערט צוואַנ-
ציק אַרבעטער אויף אויפֿצוזאַמלען איבערן שטאָט די ייִדישע קולטור-
אוצרעס. די צוואַנציק וועלן דאָס דאַרפֿן סאָרטירן, אײַנפּאַקן און
אַוועקשיקן קיין דײַטשלאַנד. „עס איז מילכאָמע-צײַט, — האָט ד״ר מילער
געזאָגט, — אין אַזעלכע צײַטן קענען נאָך כאָרעוו ווערן די קולטור-
ווערטן. מע טאָר עס ניט דערלאָזן. דעריבער דאַרף מען זיי אָפּשיקן
קיין דײַטשלאַנד. ביז איבער דער מילכאָמע...“

ד״ר מילער האָט געפֿאָדערט, אַז צווישן זײַנע צוואַנציק מיטאַר-
בעטער פֿון געטאָ זאָלן פֿינף זײַן אַזעלכע, וואָס קענען גוט ייִדיש
און העברעיִש און אָריענטירן זיך אין פֿאַרשיידענע מאַנוסקריפּטן און
אַלטע ספֿאָרים. איך בין אַוועק צווישן די פֿינף. מײַן ציל איז גע-

ווען איינער: זען אָפּראַטעווען, וואָס נאָר עס איז מעגלעך. וואָס באַטייטן דײַטשישע קולטור־היטער, האָב איך שוין גוט געוווּסט וועגן דעם, וואָס זיי טוען אָפּ מיט מענטשן. אין געטאָ איז שוין דערגאַנגען צו מיר א גרוס, אַז אין שטאָט הייצט מען די אויוונס מיט ביבליאָטעקן.

איך גיי אוועק אין דעם ראָזע בערג-שטאַב אַף זיגמונט-גאַס 18. דאָס ערשטע, וואָס דער שעף ד״ר מילער האָט באַפוילן צו טאָן, איז פאַרברענען די רײַכע מעדיצינישע ביבליאָטעק פון אוניווערסיטעט-שפּיטאָל, וואָס האָט זיך דעמלט געפונען אין דער זעלבער וווינונג.

ד״ר פּאָל האָט באַפוילן שאַפן א „געטאָ״ פאַר די ייִדישע ביכער. די פערציק טויזנט ספאָרים פון דער וועלט-באַרימטער סטראַשון-ביבליאָטעק האָט ער געהייסן אַריבערפירן אַף אוניווערסיטעט-גאַס 3. אהין האָט מען אויך צונויפגעפירט די ספאָרים פון די איבער הונדערט ווילנער קלויזן.

ד״ר פּאָל איז אין יאָר 1933 ספּעציעל געשיקט געוואָרן דורך דער היטלעריסטישער פּאַרטיי קיין ירושאָלאיִם. ביזן יאָר 1936 האָט ער שטודירט אָריענטאַלישע וויסנשאַפט אין ירושאָלאיִמער אוניווערסיטעט. געקומען א באַהאַוונטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, איז ער געוואָרן א ראָטגעבער בא אַלפרעד ראָזנבערג, דעם שעפער פון נירנבערגער אַנטי־ייִדישע



ייִוואָ (ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט).

געזעצן. גלײַכצײַטיק איז ער דירעקטאָר פונעם פראַנקפורטער מוזיי צו פאָרשן די מיזרעך-פעלקער און איז איינער פון די הויפּט-מיטאַרבעטער פונעם מאָרד-בלעטל „שטירמער״.

מיט די קאָלאָסאַלע אוצרעס פון די ווילנער ייִדישע מוזייען האָט ער געוואָלט אָפּטאָן דאָס זעלבע, וואָס זײַנע קאָלעגע דער מאַסן-מער-

דער שווײַנענבערג האָט געמאַכט מיט די ייִדנ: סאָרטירנ זיי אַפ „לינקס — רעכטס“ אונ ביידנ פּאַרטיליקנ. ד״ר פּאָל האָט באַפוילנ אויסאָרטירנ די אַלע צונויפגעפירטע ביכער אונ מאַנוסקריפּטנ לויט די יאָרהונדערטנ. ער פלעגט באַשמעקנ יעדע אָפּטיילונג אונ פלעגט אָפּקלײַבנ ביכער פאַר זײַנ פראַנקפורטער מוזיי. פונ די איבער הונדערט טויזנט ספאָרימ האָט מענ קיינ דײַטשלאַנד אַוועקגעשיקט אַרומ צוואַנציק טויזנט אינ 84 קאַסטנס. די איבעריקע ספאָרימ, ביז גאָר וויכטיקע, האָט ער פאַרקויפט ווי מאַקולאַטור אינ דער נײַ-ווילייקער פּאַפּיר-פאַבריק צו 19 מאַרק פאַר א טאָנ. דעמ זעלבנ גורל האָבנ אויכ געהאַט די מאַנוסקריפּטנ, די קונסט-בילדער אונ די סקולפּטורנ.

* * *

גלײַכ ווי די דײַטשנ זײַנענ אַרײַנ אינ ווילנע, האָבנ זיי דעמ ייִדישנ וויסנשאַפטלעכנ אינסטיטוט פאַרוואַנדלט אינ א קאַזאַרמע. אַלע אַרכיוונ, עקספּאָנאַטנ, קאָלעקציעס האָט מענ ווי מיסט אַראָפּגעשלײַדערט אינ דעמ אונטערשטנ קעלער. הימלערס ראָטנגעבער ד״ר גאָטהאַרט איז געקומענ אײַליק אינ אינסטיטוט, קעדיי... צו געפינענ גאָלד. דערזענ אינ קעלער דעמ סייפ, האָט ער באַפוילנ אַרויסרופנ א שלאָסער, אונ יענער האָט אויפגעשמאָלצנ דעמ סייפ. געעפנט, איז ער געבליבנ אָפּגענאַרט: שאָלעמ-אַליכעמס אונ פּערעצעס קסאַוויאַדנ האָבנ אימ אָנגעקוקט מיט כויזעק... האָט ער זיי פאַר קאַס אַרויסגעוואָרפנ פונ סייפ אונ געטראָטנ מיט די פיס.

אינ בנינימ פונ ייִדישנ וויסנשאַפטלעכנ אינסטיטוט האָט מענ געבראַכט די ביכער, מאַנוסקריפּטנ, בילדער אונ סקולפּטורנ פונ אַלע ייִדישע ביבליאָטעקנ אונ מוזייענ אונ פונ פּריוואַטע ייִדישע הײַזער, אַחוץ דער סטראַשונ-ביבליאָטעק, וועלכע איז שוינ געווענ ליקווידירט. ווענ מע האָט געבראַכט אַהער אַנטאָקאָלסקיס סקולפּטורנ פונ אַנסקי-מוזיי, האָט ד״ר פּאָל א גרויסנ טייל צעשמעטערט אינ דער ערד. די בלײַענע מאַטריצנ פונ טאַלמוד אינ ראָמס דרוקערײַ, וועלכע עס האָט געדויערט אויסצוגיסנ אַרומ צוואַנציק יאָר, האָט ער פאַרקויפט אַז גוס צו 39 מאַרק א טאָנ. זעקס קאַסטנס מיט מאַנוסקריפּטנ אונ זעלטענע אויסגאַבנ האָט ער אַוועקגעשיקט קיינ בערלינ. נאָר זײַנ מיטאַרבעטער, דער געוועזענער לעדער-סוחר ספּאָרקעט, האָט באַמ באַנ אַרויסגעוואָרפנ די מאַטעריאַלנ אונ אַרײַנגעלייגט אַפ זייער אָרט אינ די קאַסטנס כאַזיירימ אַפ צו שמוגלענ זיי קיינ דײַטשלאַנד.

אינגיכנ איז דער זעלבער ספּאָרקעט געוואָרנ אינ ראָזענבערג-

שטאב דער הויפּט־מאכער. פינף הונדערט סייפער־טוירעס האָט ער אָפּגעגעבנ אינ א לעדער־פאבריק איבערצוארבעטנ אפ אונטערשלאק צו שטיוול. די אלטע פּארמעטענע אײַנבונדנ פונ די ווענעציאַנער אונ אמסטערדאמער אויסגאבעס האָט ער געהייסנ אראָפּרײַסנ. די מירמלנע מאצייוועס פונ זארעטשער בעסוילעם האָט ער אָפּגעשיקט קיינ דײַטש־לאנד אפ צו ברוקירנ די גאסנ.

דער ראָזענבערג־שטאב האָט אזוי פּינקטלעכ אונ זאָרגעוודיק גע-ניסטערט א יִדיש וואָרט, ווי די געסטאַפּאָ האָט געזוכט באהאלטענע יִדנ. דער רעקטאָר פונ ווילנער אוניווערסיטעט האָט מיר דערציילט, אז נאָכ דעמ, ווי דער ראָזענבערג־שטאב האָט ארויסגעפירט פונ דער ביבליאָטעק אלע יִדישע אונ פונ יִדנ געשריבענע ביכער, האָבנ זײַנע לײַט אָפּגעריסנ די פּאָדלאָגע אינ אוניווערסיטעט אונ געניסטערט עטלעכע טעג, צי קיינער האָט דאָרט ניט אויסבאהאלטנ א יִדיש ביכל.

פונקט ווי די געסטאַפּאָ האָט צוזאמענ מיטנ אויסקוילענ יִדנ אויכ אומגעבראכט הונדערטער, טויזנטער פונ אנדערע פעלקער, האָט דער ראָזענבערג־שטאב אינ ווילנע גלײַכ מיט די יִדישע מוזייענ אונ ביבליאָטעקנ אויכ צעשטערט אונ באראבעוועט אנדערע, ווי דעמ פּוי-לישנ מוזיי „טאָווארזשיסטוואָ פּשיאַצול נאוק", דעמ פּושקינ־מוזיי, דעמ בארימטנ פּוילישנ פארלאג „יוזעפ זאוואדסקי", די פּוילישע ביבליאָטעק אפנ נאָמענ פונ טאָמאש זאנ, די ביבליאָטעק פונ עוואנגעלישנ קלויסטער אונ פיל אנדערע.

צוויי מאָל אינ כוידעש פלעגט דער ראָזענבערג־שטאב שיקנ באריכטנ וועגנ זײַנ אופטו אינ דער ראָזענבערג־צענטראלע פאר דער באלטיק אינ ריגע. אינ די באריכטנ איז געזאָגט געוואָרנ: וויפל ביכער מע האָט אוועקגעשיקט קיינ דײַטשלאנד; פונ וויפל איז געמאכט מאקולאטור אאוו. דערבײַ האָט מענ געדארפט גענוי אָנגעבנ, וואָס פארא ביכער זײַנענ דאָס אונ אינ וועלכע שפראכנ. דאָרט איז גע-פירט געוואָרנ א גענויע סטאטיסטיק פונ דער פארטיליקונג.

באמ ארבעטנ אינ מעכטיקנ ראָזענבערג־שטאב האָבנ מיר, א גרופּע כאווײרימ פונ געטאָ, אינ משך פונ אָנדערהאלבנ יאָר גע-ראטעוועט א וויכטיקנ טייל פונ די גוואלדיקע קולטור־אוצרעס. זיי פארמויערט אינ ווענט, פארגראָבנ אינ קעלערנ אונ היילנ, מיטנ גלויבנ, אז גאָר אינגיכנ וועט קומענ דער טאָג, ווענ פרײַע מענטשנ וועלנ דאָס אויסגראָבנ צוריק פארנ וויל פונ פאָלק אונ פאר דער גאנצער מענטשהײַט.

די וויכטיקסטע מאנוסקריפּטנ אונ ביכער פלעגנ מיר ארונטער־

שפּאַרן אונטער די קליידער און אַרײַנטראָגן אין געטאָ. איינמאָל האָב איך געבעטן בא ספּאָרקעטן א דערלויבעניש אַרײַנטראָגן אין געטאָ א ביסל מאַקולאַטור אפ צו הייצן די אויוונס. ספּאָרקעט האָט די דערלויבעניש געגעבן און האָט אָנגעשריבן א צעטל, אז די זשאַנדאַרמען באַם געטאָ-טויער זאָלן עס בא מיר ניט צונעמען. אין דעם פּעקל „מאַקולאַטור" איז געווען: טאָלסטאָיס בריוו (איך האָב זיי געפונען אין שניי לעבן דער סטראַשון-ביבליאָטעק), שאָלעם-אַלייכעמס קסאַוו-יאַדן, בריוו פון גאָרקי, ביאַליק און ראָמען ראָלאַן, זעלטענע אויס־גאַבעס פון XV און XVI יאָרה., רעפּינס א בילד, ד"ר הערצלס טאָגבוך, דער מאַנוסקריפּט פון ווילנער גאָען, צייכענונגען פון מארק שאַגאַל און צענדליקער אַנדערע דאָקומענטן, בילדער און קולטור־אוצרעס.

האָבנדיק ספּאָרקעטס דערלויבעניש, האָט מען שוין געקענט טאָג-טעגלעך איבערכאַזערן דעם קונץ. חוץ דעם האָבן מײַנע מיטאַרבעטער מיר געהאָלפן. עס איז צו פאַרשטיין, אז מיר האָבן געקענט פון ביניען אַרויסטראָגן בלויז א קליינעם טייל. דעריבער האָבן מיר דאָרטן גופא אויסגעבויט אונטערן ביניען א צעמענטענע מאַלינע און באַהאַלטן בא א פינף טויזנט זייער וויכטיקע ביכער אין אַלערליי שפּראַכן.

באַזונדערס שווער איז אונדז אויסגעקומען צו ראַטעווען די סקולפּ-טורן. אָבער אויך דאָ האָבן מיר זיך געטאָן אן אייצע. מיר האָבן זיי פריער אַרויסגעטראָגן פון ביניען, באַהאַלטן אפן הויף, און שפּע-טער איז שוין גרינגער געווען זיי אַריבערצופּעקלען אין געטאָ.

אין מײַ 1943 איז אין ווילנע געבראַכט געוואָרן דער סמאָלענס-קער מוזיי מיט עטלעכע צענדליק קאַסטנס מאַנוסקריפּטן און בילדער. דרײַ אַזוינע קאַסטנס האָב איך גלײַך פון באַן, מיט דער מיטהילף פון מײַנע כאַווײרים, אַריבערגעפירט אין דעם שטאָטישן ארכיוו אפ איגנאַטאָווער געסל און זיי דאָרטן באַהאַלטן אונטער א קופּע אַקטן. אין די קאַסטנס, וואָס איך האָב שפּעטער געעפנט, געפינט זיך: דער טאָגבוך פון פּיאָטער דעם גרויסנס דינער, אַלטע קירכלעכע כראָ-ניקעס פון XV און XVI יאָרה., בילדער פון רעפּין, לעוויטאַן און פיל אַנדערע מוזיי־ווערטן. א טייל פון די אויסגערעכנטע מאַטעריאַלן האָב איך דערנאָך אַריבערגענומען און פאַרגראָבן אין געטאָ.

איך האָב עס געטאָן דערפאַר, ווײַל איך בין ניט זיכער געווען, אז אין דעם שטאָטישן ארכיוו וועלן זיי בלײַבן גאַנץ. איך האָב גע-רעכנט אַזוי: פון די ביידע ערטער וועט לפּחות אין איין אָרט זיך אופּהיטן.

* * *

אינ איינעם פונ די ווילנער מוזייענ, וואָס מיר האָבנ זייַנע עקס-פּאָנאטנ געבראכט אינ ראָזענבערג-שטאב, האָב איכ געפונענ א דאָ-קומענט, אונטערגעשריבנ פונ דעם פויליש-אמעריקאנישנ פרייַהייטס־קעמפער טאדעוש קאָסציושקאָ. עס איז געווענ פרילינג 1943, אינ די טעג פונ טעראָר אפ דער שטאָטישער באפעלקערונג. דעם דאָקומענט האָב איכ אָפּגעגעבנ א פוילישער פרוי, וואָס האָט פונ א שכיטע אויסבאהאלטנ צוואנציק ייִדנ. ווענ די פרוי האָט דערזענ דעם אונ-טערשריפט, איז זי געפאלנ אפ די קני אונ געקושט דעם נאָמענ. אפ מאָרגנ איז זי געקומענ צו מייַנ ארבעטס-אָרט אונ מיר דערציילט: ווענ זי האָט באוויזנ קאָסציושקאָס אונטערשריפט די מיטגלידער פונ דער אומלעגאלער אָרגאניזאציע, צו וועלכער זי געהערט, האָט עס געווירקט אפ זיי ווי א פינק אינ פולווער. אירע כאוויירים האָבנ מיר געבעטנ איבערגעבנ, אז ניט נאָר זיי, נאָר זייערע קינדער אונ איי-ניקלעכ וועלנ דאָס געדענקענ אונ מיר זייַנ דאנקעוודיק.

אינעם אויסבאהאלטנ די קולטור-אויצרעס האָבנ מיטגעהאָלפנ: ז. קאלמאנאָוויטש, הערמאנ קרוק, ש. קאטשערגינסקי, ראָכל קרינסקי, אומע אָלקעניצקי, ד״ר דאניעל פייַנשטיינ, נוימע מארקעלס, אויכ די דאָצענטנ פונ ווילנער אוניווערסיטעט מאריא אבראמאָוויטש אונ דער באוווסטער ליטווישער פּאָעט קאזיס באָרוטא.

די וויכטיקסטע מאנוסקריפטנ פונ דעם ייִדישנ קלאסיקער פּערעצ האָב איכ אינ מארט 1942 איבערגעגעבנ דער ליטווישער זשורנאליסטנ שימייַטע. זי איז פיל מאָל געקומענ אינ דעם דייַטשישנ אנשטאלט, ווו איכ האָב געארבעט, אונ ארויסגעטראָגנ פונ דאָרט מייַנע צוגע־גרייטע פּאקעטנ.

* * *

שימייַטע איז ניטאָ. פארנ העלפנ ייִדנ האָבנ זי די דייַטשנ פארשפּארט אינ קאָנצענטראציע־לאגער. אינ דעם אופגעהיטנ געטאָ-ארכיוו האָב איכ געפונענ אירנ א בריוו. דעם בריוו האָט זי ארייַנגעשיקט צו דער לערערנ נינע גער־שטיינ אפ מאָרגנ נאָכ א פאָרשטעלונג אינ געטאָ, ווו שימייַטע איז בייַגעווענ. איכ ציטיר א טייל פונ דעם בריוו, ווי אנ אָנדענק פונ אָט דעם זעלטענעם מענטשנ:

„טייַערע נינע, האָט ניט קיינ פאריבל, וואָס איכ ווענד זיכ צו אייַכ, ניט קענענדיק אייַכ פערזענלעכ. אייַער פלאסטישע אופירונג אינ

יוגנט־קלוב (פונ געטאָ.—א. ס.), ביאליקס „אַ פריילעכס“, רייזענס „די וואנט“ און די אינסצענירונג פונ די ייִדישע פאָלקסלידער האָבנ מיך באצויבערט און דערוואָרעמט. יאָ, מע דארפ זייַנ א פאָלק פונ געניעס, מע זאָל אינ די־אָ קאָשמארנ קענענ שאפנ אזעלכע קינסטלערישע ווערטנ.

צוזאמענ מיט דער אויסגעצייכנטער ייִדישער יוגנט גלייב איך און האָפ, אז סאָפקאָלסאָפ וועט די וואנט צעפאלנ און עס וועט הערשנ אפ דער גאָרער וועלט די ברידערשאפט פונ אלע פעלקער“.

## דער נייַניעריקער קינסטלער

מייַנ כאוועריטע ראָכל סאראבסקי, א לערערנ אינ געטאָ, איז אינ א קאלטנ ווינטער־אָוונט פונ יאנוואר 1943 געקומענ צו מיר מיט א־רנ א נייַעמ שילער, דעמ נייַניעריקנ זאלמענ באק. זי וויל מיר באווייַזנ זייַנע צייכענונגענ. איך האָב באטראכט די צייכענונגענ, און נאָך מער זיך באטראכט דאָס בלייכע זייַד־הויטיקע ייִנגעלע, מיט די גרויסע העל־בלויע אויגנ, געקוקט אפ די דורכזיכטיקע אָדערלעך אפ זייַנע צארטע שלייפנ, אפ זייַנ לייַכטנ סוידעסדיקנ שמייכל, וואָס דערמאָנט אָנ דעמ שמייכל פונ א מאדאָנע, און דערפילט, אז אינ דעמ ייִנגעלע איז פאראנ עפעס אזעלכס, וואָס איז שטארקער פונ אלע די, וואָס פארניכטנ זיך צו פארטיליקנ אונדזער פאָלק.

איך האָב באטראכט די בילדער, געצייכנטע מיט א בלייַער אפ צופעליקע שטיקלעך פאפיר: סקיצנ פונ קעפ ערגעצ אמאָל געזעענע. צייַטיקע עכט־קינסטלערישע ליניעס. ליניעס ניט דערצויגענע, האלבע, וואָס אינ דער ניט־פארענדיקטקייַט איז באהאלטנ דער קינסטלער. און אָט איז א באל. א קאָמפאָזיציע. די באוועגונגענ ליופטיקע, לייַכטע. מיט אזויפיל כוש פאר דער אלגעמיינער שטימונג.

— וואָס איז דאָס עקספרעסיאָניזמ? — האָט ער שטיל, אָבער מיט א סאך נייַגער מיך א פרעג געטאָנ. זייַנ פראגע האָט מיך צעטומלט. די לערערנ האָט געלאכט.

— איך בינ נעכטנ געווענ אינ לייענ־זאל אפ סטראשונ־גאס 6, — האָט ער ווייַטער געצויגנ מיט א לויטערנ אומעטיקנ ייִדיש, — איך האָב דאָרט אינ א בוך געטראָפנ דאָס וואָרט „עקספרעסיאָניזמ“ — האָב איך עס ניט פארשטאנענ. איך האָב געפרעגט בא מייַנ לערערקע, זאָגט זי מיר, מירנ עס פרעגנ בא אייַך.

איך האָב אימ געפרווט דערקלערנ. מייַנע ווערטער זייַנענ אָבער געווענ פאר אימ ניט איבעריק פארשטענדלעך.

— ווייסט איר וואָס, — שלאָגט ער מיר איבער די רייד, —צייכנט עס אָן.

— איך קען ניט, טײַערער, — האָב איך אים געזאָגט.

— ווי קען מען דאָס ניט אָנצייכענען א זאך, וואָס מע ווייס? — הייבט מיט די אקסלען דער נײַניעריקער, און זײַנע אויגן ווערן טיף ווי טונקעלע הײלן.

אין יענעם אָוונט בין איך געוואָר געוואָרן, אז צו אלע אויס־טערלישקײַטן אין ווילנער געטאָ איז צוגעקומען נאָך איינע: זאלמען באק.

אין געטאָ איז ער סאכאקל א כוידעש. אָנדערהאלבן יאָר איז ער צוזאמען מיט זײַן מאמען אָפּגעלעגן אין א מאָנאסטיר אפן בוי־דעם. דער הויז־וועכטער פלעגט אין די נעכט זיי ארופברענגען שפּײַז. זיי האָבן געהאָפט אפּ אזא אויפן איבערצולעבן די מילכאָמע.

זאלמען האָט די לאגע פארשטאנען ניט ווינציקער ווי א דער־וואקסענער. ער האָט ניט איין מאָל געזען דורך די שפּאלטן פון בוי־דעם, ווי מע שלעפּט די יידן מאסנווײַז צו דער שכיטע. א בלײַער האָט ער געהאט, פּאפּירלעך אויך, האָט ער געצייכנט. גאנצע טעג, אויך ווינטער, ווען דער פראָסט האָט דורכגעפרוירן זײַנע דינע, דורכ־זיכטיקע פינגערלעך, איז ער געזעסן אין א ווינקעלע און געצייכנט. די־אָ טעג האָבן אעראָפּלאנען באָמבארדירט די שטאָט און אָנגעצונדן זייער דאך. זיי זײַנען קוים לעבעדיק ארויסגעקראָכן. עס איז געווען ווינטער. א פראָסט. זיי האָבן ניט געהאט קיין אנדער ברײרע ווי צו קומען אין געטאָ.

די קינסטלער אין ווילנער געטאָ זײַנען געווען פון אים באגײַס־טערט. ראָכל סוצקעווער, די באקאנטע ווילנער מאָלערן, האָט אים גענומען צו זיך, געקליבן זײַנע צייכענונגען ווי בריליאנטן. פייסעך 1943 האָט מען אין פאָיע פונעם געטאָ־טעאטער געעפנט אן אויס־שטעלונג פון בילדער. א האלבע וואנט האָט געהערט זאלמענען. אכוץ די צייכענונגען, וואָס ער האָט געבראכט פון מאָנאסטיר־בוידעם, זײַנען דאָ געווען שוין נײַע, געשאפענע אין געטאָ גופע. איין בילד, געדענק איך, איז ווי מע גייט פון דער ארבעט, און די דײַטשן קאָנטראָלירן באם טויער. א צווייטס — די געטאָ באנאכט, געצייכנט מיט טינט. א דריט בילד האָט דער קינסטלער אָנגערופן „איך אין דער שכיטע" — באוואָפנטע פּאָליצײ־לײַט געפינען אים אין א באהעל־טעניש און שלעפּן אים צום טויט.

זאלמענס בילדער האָבן זיך אויסגעטײלט פון אלעמענס, כאָטש אין דער אויסשטעלונג האָבן זיך געהאט באטייליקט בא א צען וויל־נער מאָלער. און ער האָט טאקע באקומען די מאָלער־פּרעמיע פון געטאָ.

* * *

ס'האָט זיך דערנעענטערט די ליקווידאציע פון געטאָ. אווגוסט 1943. א פרײַטיק. די גאס איז פול מיט געשרייען און פארביקע שמאטעס. פענעמער, פארכאכטע אין זון-פארגאנג, שפריצן מיט מעשוגאס. א יידענע שפארט זיך צווישן אוילעם מיט א טשאָלנט-טאָפּ, אײַלט צו דער בעקערײַ אים צו פארוקן אפ שאבעס, און גלײַכצײַטיק יאָמערט זי: „מע האָט דערשאָסן מײַנע דרײַ קינדער!" א זאָקן שלאָגט זיך אין הארצן און בעט אפ זיך דעם טויט. קינדער לויפן ארום איבער די גאסן. דאָקטוירים טראָגן א פארסאנטע.

איך בין ארײַן אפ שפּיטאָל-גאס 7, וווּ עס וווינט זאלמען. ער איז פארטאָן אין דער ארבעט. זײַנע הענטלעך מיט פארקאשערטע ארבל רונדן זיך, בייגן זיך ארום א פּײַכטלעכער ליימענער מאסע, וואָס איז געהאָרכיק און אונטערטעניק די באוועגונגען פון בײַסטער. פון א שטיק פּאָרמלאָזער ליים וואקסט ז'רויס א קאָפּ און הייבט זיך שטאָלץ איבער מענערישע אקסלען.

— עס וועט זײַן מויטע דאביינו, אזוי ווי ער האָט אויסגעזען,— זאָגט דער קינסטלער.

זאלמענס מאמע האָט דערציילט: „שוין א וואָך, ווי ער האלט אין קנעטן די פיגור. פונוואנען ער האָט אויסגעגראָבן ליים, ווייס איך ניט. איך ווייס אויך ניט, פונוואנען ער קען די מעלאָכע. פון באגינען ביז אין דער נאכט ארײַן איז ער אין דעם פארטאָן. נעכטן איז געווען א לעוואָנע-נאכט, איז ער אויפגעשטאנען, ווען אלע זײַנען געשלאָפן, און איבערגעמאכט די באוועגונג פון א האנט. זי דארף זײַן אנדערש, האָט ער מיר דערקלערט, און פארטאָג האָט ער אײַנגעדרעמלט אין א ווינקל".

* * *

צום לעצטן מאָל האָב איך געזען זאלמענען עטלעכע שאָ פאר מײַן ארויסרײַסן זיך פון געטאָ, דעם 12-טן סענטיאבער 1943. עס איז געווען אין די טעג פון ווידערשטאנד און געראנגל. איך האָב געוווּסט, אז מאָרגן וועל איך שוין דאָ ניט זײַן: אָדער איך וועל אומקומען מיט געווער אין האנט באם דורכרײַסן די ארומרינגלונג, אָדער איך וועל זיך ציען דורך וועלדער צו א פארטיזאנישער מאכנע. איך האָב באשלאָסן זיך צו געזעגענען מיט זאלמענען.

די שפּיטאָל-גאס — שוין דרײַ פערטל א פוסטע. מויערן, אופגעריסן

מיט דינאַמיט, די גאַסן — קוים דורכצוגיין. איך באַגעגן דעם ד״ר פעלדשטיין, געוועזענער דירעקטאָר פון א קאָוונער גימנאַזיע. ער איז אלט און גרוי געוואָרן, ווי באַשאָטן מיט אַש. זײַנע וויִעס צוקן פון נערוועזקייט. די ליפּן שוימען. ער זוכט בא מיר אן אייצע. וואָס טוט מען? איך ראַט אים אַוועקצוגיין נאָך הײַנט אין שטאָט צו זײַנע ניט-ייִדישע באַקענטע, וואָס האָבן אים פאָרגעלייגט בייס אַן אומגליק צו קומען.


זאַלמען באַק.

מיר זײַנען ביידע אַרײַן צו זאַלמענען. עס איז ווידער זון-פאַרגאַנג. נאָר דאָס צימערל זעט שוין אויס אַנדערש. פון די אויפרײַסן איז אָפּגעפאַלן דער טינק. די זעלבע ווענט, וואָס זײַנען נאָך ניט לאַנג באַצירט געווען מיט זאַלמענס בילדער, זײַנען איצטער הויל און צעשפּאָלטן. אין ווינקל באַם פענצטער איז די געשטאַלט פון מוישען. מוישע, אָנגעלענט אָן א שטיין, פּיל מיט מעכטיקייט און צאָרן. זאַלמען שטייט א שטילער, א לויטערער און פאַרגליט א באַק פון דער סקולפּטור: נעכטן בייס דער שיסערײַ איז דאָ דורכגעפלויגן א קויל.

לויפנדיק צו די פּאַרטיזאַנער דורך וואַלד און זומפּן, צווישן דײַטשישע גאַרניזאָנען, האָב איך אָן זאַלמענען ניט פאַרגעסן. דורך פאַרבינדלער, וואָס זײַנען געגאַנגען פון וואַלד קיין ווילנע, האָב איך געפּרוווט דערגיין, ווו איז ער ערגעץ. אויך מײַן קאָמאַנדיר האָט זיך באַמיט מיר צו העלפן אַרויסצוקריגן דעם קינסטלער, אָבער אַלע פּרוּוון האָבן זיך ניט אײַנגעגעבן.

און אָט האָט די רויטע אַרמיי באַפרײַט ווילנע און צו מײַן גרויס איבעראַשונג דערוויס איך זיך: זאַלמען לעבט. ער האָט זיך געראַטעוועט אינאיינעם מיט דער מאַמען.

זיי זײַנען אָן א שיר צאָרעס אויסגעשטאַנען, אָבער צולעצט האָט זיי דער ליטווישער פּראָפעסאָר סטאַקאַוסקאַס, דער אָנפירער פונעם שטאָטישן אַרכיוו, אויסבאַהאַלטן. טאַקע אין אַרכיוו גופא, אַף איגנאַטאָווער געסל, האָט סטאַקאַוסקאַס געמאַכט א באַהעלטעניש, און צוזאַמען מיט נאָך 14 ייִדן האָט ער געראַטעוועט זאַלמענען מיט דער מאַמען.

* * *

— אָט אזוי האָט אויסגעזען מוישע, — האָט זאלמען מיר אָנגעוויזן אפ א צייכענונג, וואָס איז אָקאָרשט ארויס פון אונטער זײַנע פינגער, — קיטעל האָט מוישען צעבראָכן. איך וועל אָבער נאָך אופשטעלן די סקולפּטור, איר וועט זען...

— און ווו זײַנען דײַנע בילדער, געמאָלן אין קאָנצענטראציע-לאגער? — האָב איך אים געפרעגט, און מיר האָט גלײַך פארדראָסן, וואָס איך וויקל אוף די ווונדן.



זאלמען באקס צייכענונג פון זײַן אומגעבראַכטער מוישע-סקולפּטור.

— איך האָב דאָרט אין לאגער איבערגעלאָזן דעם גאנצן אלבאָם, מע וואָלט זיי עפשער געקענט נאָך אופזוכן. נאָר סײַווי געפעלן מיר ניט די בילדער...

מיר זײַנען אוועק אפ סובאָטש, ווו עס האָט זיך געפונען דער לאגער. ווען די רויטע ארמיי איז שוין געווען אין דער פאָרשטאָט, האָט א דײַטשישער באטאליאָן זיך א נעם געטאָן צו די טויזנט יידן. אדאנק דעם פרוּוו פון א ווידערשטאנד, האָבן ארום הונדערט זיך געראטעוועט. די איבעריקע זײַנען געוואָרן צעשאָסן אין דער ארומרינגלונג.

צווישן די טויטע האָבן מיר געפונען זאלמענס אלבאָם. ער איז געלעגן אופגעבלעטערט קעגן דער זון, און א טייל בילדער זײַנען געהייליקט געווען מיט בלוט.

## די זינגערן

ווער האָט אין ווילנע ניט געהערט די זינגערן ליובע לעוויצקי! געענדיקט קאָנסערוואטאָריע אין ווין, איז זי געקומען צוריק אין איר

היימשטאָט. אירע קאָנצערטן, איר זינגען דורך דעם ווילנער ראַדיאָ האָט אַרייַנגעטראָגן עפּעס יאָמטעוודיקס אין די הערצער פון די ווילנער ייִדן. זי האָט אָנגעפירט מיט אַ קלאַס אין דער ווילנער קאָנסערוואַטאָריע. מאָסקווע האָט זי אַרויסגערופן אויף קאָנצערטן.

אַ געוויסע צייַט האָב איך זי אין געטאָ ניט געזען. זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן באַ אירע ניט-ייִדישע פרייַנט, באַ מוזיקער, אין דער פאָרשטאָט זוועריניעץ. ווען אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע אָבלאַוועס, איז זי צוריק געקומען אין געטאָ. איר אויסזען האָט זיך געענדערט. עפּעס איז איר קאָפּ גרעסער געוואָרן, איר גוף — קלענער. אירע האָר, געפאַרבט אויף בלאָנד, מע זאָל זי ניט דערקענען, האָבן פאַרענדערט איר פּאָנעם.

אין יאַנוואַר 1942, ווען אייַנצייַטיק מיט דער גרינדונג פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע האָט אין געטאָ אויפגעלעבט אַ קולטור-לעבן, האָבן מיר געגרייט דעם ערשטן קאָנצערט אין זאַל פון דער געוועזענער רעאַל-גימנאַזיע. איך, דער ליטעראַרישער אָנפירער פונעם קאָנצערט און פונעם פּראָיעקטירטן טעאַטער, האָב פאַרבעטן ליובע לעוויצקי, זי זאָל זינגען פאָלקסלידער.

יענעם קאָנצערט איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן. עס איז געווען אין אַ קורצער צייַט אַרום נאָך דער „נאַכט פון גלעזערנע שייַבן". די שטימונג אין זאַל איז ענלעך געווען צו דער שטימונג פאַר אַ האַזקאָרע. יעדער וואָרט, יעדער קלאַנג האָט דערמאָנט אין די געפאַלענע. מע האָט פאַרגעסן, אַז יעדער רגע קאָן מען ווערן אַרומגערינגלט, אַוועקגעטריבן צו די פּאָנאַרער גריבער. די פאַרזאַמלונג איז געווען אַן אוממעגלעכע — אָן מורערס וויסן. מענטשן זייַנען געשטאַנען, ווי מע שטייט לעבן אַן אָפענעם קייווער, און זיך אייַנגעהערט אין די קלאַנגען פון שאָפּענס טרויער-מאַרש, פון שלוימעס מאַנגלאָג אין י.-ל. פּרעצעס „די גאָלדענע קייט", אין דער כאָראַלער דעקלאַמאַציע פון ביאַליקס „גלוסט זיך מיר וויינען" און אין די ווערטער פון ליובעס פאָלקסליד, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אַזויפיל בענקשאַפט, מיט אַזויפיל היילנדיקן טרויער:

צוויי טייַבעלעך זייַנען איבערן וואַסער געפלויגן,
און מיט די פּיסקעלעך האָבן זיי זיך געקושט.
פאַרשאָלטן זאָל ווערן יענער מענטש,
וואָס האָט זיך אין אונדזער ליבע אַרייַנגעמישט.

* * *

אינ א יאָר ארום נאָכ אָט דעמ קאָנצערט, אינ ביניענ פונ גע-וועזענעמ ייִדישנ מעלוכע-טעאטער, אפ קאָנסקע 3, וואָס זײַנ הינטער-טיר איז ארײַנגעקומענ אינ געטאָ, איז געגאנגענ א ייִדישער ספעק-טאקל. דער סימפאָנישער אָרקעסטער, אונטער דער אָנפירונג פונ די-ריגענט דורמאשקינ, האָט געהיימ געגרייט אנ אָפערע. ליובע האָט דאָרט געזאָלט שפילנ די הויפט-ראָל. די קינסטלערנ אומע אָלקעניצקי אונ ראָכל סוצקעווער האָבנ צוגעגרייט ספעציעלע דעקאָראציעס. מע האָט פארגרעסערט די בינע אונ אופגעניית אינ די געטאָ-ווארשטאטנ צו-געפאסטע קאָסטיומענ. ליובע האָט זיכ געגרייט. גייענדיק אינדערפרי צו דער צוואנגס-ארבעט, האָט זי געזונגענ. געזונגענ שטיל, אינ זיכ, דער סוינע זאָל ניט דערהערנ. דער טאָג פונ דער פרעמיערע האָט זיכ דערנעענטערט. ליובע איז געווענ פול מיט דערווארטונג: ווי וועט איצט קלינגענ איר שטימ? אמאָל פלעגט זי איר האלדז היטנ ווי אנ אויצער. אינ א פײַכטנ וועטער ניט ארויסגיינ אינ דרויסנ. איצט, באמ רייניקנ די דילנ אינ די קאזארמעס, ווערט איר האלדז אופגעפרעסט פונ שטויב. ביים דער שכיטע אינ דער צווייטער געטאָ איז זי גע-לעגנ א וואָכ נאָכאנאנד אינ א מיסטקאסטנ צוגעדעקט מיט שמוץ. ביים א צווייטער אקציע איז זי פארשלעפט געוואָרנ אינ די קעלערס פונ געסטאפאָ, ווו דער דעמלטיקער עקזעקוטאָר שווײַנענבערג האָט זי געטראָטנ מיט די פיס, מיט זײַנ גילדענעמ שווערדעלע געשטאָכנ איר לײַב. דורכ א צופאל האט זיכ איר אײַנגעגעבנ פונ דאָרט צו אנטלויפנ. זי איז געלעגנ אינ געטאָ-שפיטאָל א קראנקע אונ געשפיגנ מיט בלוט... זיכ א ביסל צוגעהיילט, האָט זי גענומענ אופטרעטנ מיט געזאנג פאר די צומ טויט פארמישפעטע. ווענ אווראָמ סליעפ, דער דיריגענט פונ געוועזענעמ ווילביג-כאָר, אונ די פראָפעסאָרנ גערשאָ-וויטש האָבנ אינ געטאָ געעפנט א מוזיק-שול, האָט ליובע דאָרט אָנ-געפירט מיט א קלאס.

אונ אָט איז זי פארנומענ מיט דער אָפערע. ס'איז ערעוו דער פרעמיערע. זי ציילט די מינוטנ, עס זאָל זיכ פארענדיקנ דער טאָג ארבעט אינ די קאזארמעס. זי איז געשפאנט. פול מיט דערווארטונג אונ נײַגער צו דערהערנ איר אייגנ געזאנג... א באקאנטע פונ שטאָט האָט איר געבראכט אהער א מאטאָנע — א זעקעלע מיט אר-בעס פאר דער קראנקער מאמענ. ענדלעכ הייבט אָנ נאכט ווערנ. זי שפאנט איבערנ ברוק צו דער געטאָ. זי טראכט וועגנ דער אָפערע אונ וועגנ דער קראנקער מאמענ. אפ רודניצקער גאס

איז אָנגעפאָרנ מורער אונ האָט פארהאלטנ די זינגערנ. ער האָט קאָנטראָלירט אפ איר האלדז דעמ בלעכענעמ נומער, די שפיצנ פונ דער לאטע אונ האָט באכאפט דעמ בויכ, דעמ בוזעמ, צי זי שמוגלט ניט ארײַנ אינ געטאָ קיינ עסנווארג. ער האָט בא איר געפונענ דאָס זעקעלע מיט ארבעס, געהייסנ, זי זאָל זיכ ארײַנזעצנ אינ זײַנ אווטאָ, אונ זי אוועקגעפירט אינ דער לוקישקער טורמע.

אינ טורמע איז זי געזעסנ א כוידעש. יעדער טאָג האָט מענ ארויסגעשלעפט כונ איר קאמער מענטשנ אונ זיי געוואָרפנ אינ שווארצנ, גלאנציקנ אווטאָ, וואָס האָט געווארט באמ ארײַנגאנג. אפ דער פרעמיערע אינ געטאָ וועט זי שוינ קיינמאָל ניט זינגענ. אירע טעג אונ עפשער שאָענ זײַנענ שוינ געציילטע. האָט זי געזונגענ אינ קאמער. געזונגענ כאר די יידנ, וואָס ווארטנ אפנ טויט.

ווײַס, דער איצטיקער שעפ פונ עקזעקוציע-פּאָלק, האָט ליובענ אוועקגעפירט קיינ פּאָנאר. פונ זײַנ גרויענ, יאָמטעוודיקנ היטל האָט אראָפּגעקוקט א זילבערנ שארבנדל, ווי א מיניאטיור פונ זײַנ פּאָנעמ. ער האָט אליינ געפירט דעמ אווטאָ. לעבנ אימ איז געזעסנ זײַנ געליבטע, די דרײַסיקיעריקע געסטאפּאָווקע פונ האמבורג, עלענ דעגנער, אינ גערייכערט א פּאפּיראָס.

באמ דורכגיינ די דראָטנ, וואָס האָבנ ארומגעצאמט די גריבער, האָט עלענ זיכ אָפּגעשטעלט אונ באפוילנ ליובענ, זי זאָל זיכ אויסטאָנ נאקעט. ווענ די זינגערנ האָט עס גלײַכ ניט געטאָנ, האָט עלענ ארויסגעצויגנ א שפּיז אונ געסטראשעט, אויב ליובע וועט זיכ טיי-קעפּ ניט אויסטאָנ, וועט זי איר אויסשטעכנ די אויגנ. מיט דעמ זעלבנ מיטל פלעגט זיכ באנוצנ ווײַס, אונ קימאט שטענדיק האָט עס געהאָלפנ.

ליובע האָט זיכ אויסגעטאָנ. איז געגאנגענ נאקעט. זי איז ארײַנ אינ גרוב. דאָרט זײַנענ געלעגנ טויטע, באגאָסענע מיט קאלכ. פונ דער זײַט האָט זיכ צוגעקוקט ווײַס אונ מורער מיטנ מאָנאָקל. עלענ דעגנער, די געוועזענע סטודענטקע פונ האמבורגער אוניווערסיטעט, האָט מיט א געלעכטער א נעמ געטאָנ דעמ אווטאָמאט אונ מיט א סעריע קוילנ דורכגעשניטנ ליובענ.

## דער מאטעמאטיקער

דער יונגער זאלקינדסאָנ איז א כירורג. ער איז אָנערקענט פאר אנ אויסגעצייכנטנ מײַסטער, נאָר אימ אינטערעסירט דערהויפּט מאטעמאטיק, די מיסטעריע פונ צאָלנ.

אינ געטאָ-שפּיטאָל האָט ער שוינ דורכגעפירט א סאכ וויכטיקע

אָפּעראַציעס. אָפּערירט און געהיילט קראַנקע, ווען אַף דער גאַס האָט מען געשניטן געזונטע. ער האָט אָנגעהויבן אין געטאָ צו שרײַבן אַ גרויס ווערק וועגן אַסטראָנאָמיע. צו דער אַרבעט אין שטאָט האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו גיין: בעסער אומקומען איידער העלפן מיט עפּעס אונדזערע מערדער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די גראַמען ברויט, פון די פּאָרציעס פערדן-פלייש, וואָס די ייִדן רופן עס אָן „סוסינע", און האָט קיינמאָל ניט פאַרמאָלדן אין מעלדונגס-אַמט פון געטאָ, אַז עס לעבט אַזאַ ייִד זאַלקינדסאָן. ער פלעגט שלאָפן באַטאָג און וואַכן אין די נעכט. ווען די געטאָ, אָנגעגליט פון באַטאָגיקן צאָרן, לעשט זיך, שרײַבט ער זײַן ווערק. מיטן אויפגיין פון דעם מאָרגנשטערן האָט ער ליב צו שפּילן אַף זײַן פידל. ער איז אַ מוזיקער אויך.

ווען די געטאָ האָט אָנגעהויבן גויסעכן, האָב איך גענומען זוכן מיטלען צו ראַטעווען דעם מאַטעמאַטיקער. איך האָב אים דעמלט נאָך פּערזענלעך ניט געקענט, נאָר געהערט וועגן אים אַ סאַך פון זײַן שאָכן, וואָס איז מײַנער אַ כאַווער.

איינער פון מײַנע סטאָטישע פרײַנט, יוליאַן יאַנקאַוסקאַס, האָט זיך אונטערגענומען צו באַהאַלטן אין שטאָט, אין אַ ספּעציעל געמאַכטער מאַלינע, זעקס ייִדן פון געטאָ. דער פּלאַן איז געווען אַזאַ: ער האָט אַ כאַווער; דער כאַווער איז אַליין אַ פּאָליציאַנט — ער איז אָבער אַן אייגענער מענטש און העלפט פּאַרטיזאַנער. דער פּאָליציאַנט וווינט איינער אַליין. אין זײַן וווינונג איז פאַראַן אַ וואַנע־צימער. אָט אין דעם וואַנע-צימער וועט מען פאַרמויערן די טיר, פאַרקלעפּן מיט טאַפּעטן, מאַכן פון דער הינטערזײַט אַ פאַרמאַסקירטן אַרײַנגאַנג און באַזעצן דאָרט די זעקס מענטשן.

דעם זעלבן אָוונט בין איך אַוועק צו זאַלקינדסאָנען, זיך מיט אים באַקענט און אים דערציילט פון מײַנע פּלענער. געזאָגט אים, אַז ער איז איינער פון די זעקס, וועלכע זײַנען אָנגעמערקט באַהאַלטן צו ווערן.

— פאַר מיר עקזיסטירט ניט קיין טויט, — האָט ער מיר געענטפערט, קנייטשנדיק מיטן שטערן. — איך האָב זיך נאָך קיינמאָל ניט באַהאַלטן. קוים שרײַב איך מײַן ווערק, האָט דער טויט אַף מיר קיין שליטע ניט. און ווען איך וועל דאָס ווערק ענדיקן, האָב איך ניט נאָך וואָס צו עקזיסטירן. — ער האָט אַרויסגענומען פון וועסטל-קעשענע אַ ברעקל אויפגעדרייט פּאַפּיר און דערגעבן: — ס'איז ציאַנ-קאַלי. דאָ ליגט אויפגעדרייט מײַן טויט.

— ווייסט איר וואָס, — האָט ער שפּעטער צו מיר זיך אָפּגערופן, —

אויב איר טראכט שוין יאָ וועגן מיר, וואָלט איך אײַך בעטן א טויווע: איבערגעבן מײַן ווערק רודניצקין, מײַן פּראָפעסאָר פון מאטעמאטיק. זאָל ער דאָס דורכלייענען און בא זיך באהאלטן.

איך האָב גענומען זײַנע דיקע פארשריבענע העפטן, זיי ארום־געוויקלט ארום לײַב און אוועקגעטראָגן זיי דעם פּראָפעסאָר. אין א וואָך ארום איז דער פּראָפעסאָר געקומען אין הויף פון „ייִוואָ", ווו איך האָב דעמלט געארבעט, און דורך א באגעגנטן ייִדן מיך געהייסן ארויסרופן. מיר זײַנען ארײַן צווישן דיביימער, קיינער זאָל ניט באמערקן. דאָרט האָט מיר דער פּראָפעסאָר געזאָגט:

— די גרעסטע פרייד אין מײַן לעבן איז דער טאָג, ווען איר האָט מיר געבראכט זאלקינדסאָנס ווערק. איך בין שטאָלץ און גליק־לעך מיט מײַן ייִדישן שילער! זאָגט אים, אז איך קוש אים הארציק; אז די וועלט נאָך דער מילכאָמע, ווען זי וועט לייענען זאלקינדסאָנס ווערק, וועט זי זיך נייגן פארן מעכאבער.

די ערד אין געטאָ האָט געציטערט. קיטעל איז געוואָרן א כעג־לעכער ארײַנגייער, און איטלעכס מאָל עפּעס נײַס געפאָדערט. דאָ דארף ער קראנקע, דאָ דארף ער אלטע. זײַן אפּעטיט פאָדערט קינ־דער. יוגנטלעכע זײַנען געלאָפן אין וואלד. עלטערן האָבן אויסגעבויט אונטערערדישע מאלינעס. נאָר די מויערן זײַנען געזונקען מיט די אײַנוווינער אינאיינעם.

איך בין אוועק צו זאלקינדסאָנען. איך האָב גענומען צושטײַן, ער זאָל ארײַנער אין שטאָט. דער צימער איז שוין פארטיק. די פראגע וועגן עסן איז שוין אויך געלייזט. אפילו א ראדיאָ איז דאָרט צו־געגרייט.

דרײַ טעג האָב איך מיט אים געטײַנעט, זיך געבעטן ווי בא א קינד. ענדלעך האָב איך אים איבערגערעדט. ער האָט באשלאָסן צו גיין דעם 30-טן אווגוסט. פינף אזייגער פארטאָג האָט ער געדארפט ארויסגיין פון געטאָ. אין דרויסן וועט שוין אָפּווארטן דער פּאָליציאנט, וואָס דארף אים אוועקפירן קלוימערשט ווי אן ארעסטירטן.

פונקט פינף אזייגער איז זאלקינדסאָן געקומען צום טויער. נאָר אין יענער סעקונדע איז אָנגעלאָפן זײַן מומע, וואָס האָט אים זייער ליב געהאט, און פארשטעלט אים דעם וועג. זי האָט באמערקט, אז ער איז ניטאָ אין צימער, איז זי אוועקגעלאָפן אים זוכן. זי האָט אים אָנגעכאפּט לעבן טויער און ניט געלאָזט גיין. געטײַנעט, אז אין שטאָט איז א סאקאָנע.

אפ מאָרגנ דעמ 1-טנ סענטיאבער 1943 האָט קיטעל אַרומגערינגלט מיט קוילנוואַרפער די געטאָ. דער יונגער זאַלקינדסאָנ איז געווענ אײנער פונ די קאָרבאָנעס.

## די פאַנטאַסטישע הייל

יעדער טאָג האָב איך אַרײַנגעבראַכט אינ געטאָ קולטור-אויצרעס, אונ יעדער טאָג האָב איך ניט געוווּסט, וואָס צו טאָנ מיט זיי. אינ מײַנ וווינונג אפ סטראַשונ-גאַס 1 זײַנענ כּול געוואָרנ די ווינקלענ מיט קסאַוויאַדנ אונ ספאָרימ, בילדער אונ סקולפּטורנ, וועלכע איך האָב געראַטעוועט פונ דײַטשישע הענט, געבראַכט אַהערצו אונ געזוכט פּאַסיקע ערטער ווו זיי צו באַגראָבנ.

יויסעפ גלאַזמאַנ, דער מיטגליד פונ פּאַרטיזאַנישנ שטאַב אינ געטאָ, האָט מיר דערציילט וועגנ אײנעמ א געוועזענעמ יעשיווע-באָכער, וואָס מאַכט וווּנדערלעכע באַהעלטענישנ אונטער דער ערד. מיט אימ דאַרפ איך זיכ פאַרבינדנ. ער וועט מיר געבנ אַנ אײצע.

איכ בינ צו אימ אַוועק. ער הייסט גערשנ אַבראַמאָוויטש. זײַנ גאַנצע מישפּאָכע איז אינ געטאָ. ער האָט דאָ צוויי ברידער אונ א פּאַראַליזירטע מאַמע. אַלע דרײַ ברידער האָבנ געלערנט אינ ראַמײַלעס יעשיווע. דאָ אינ געטאָ האָבנ זיי אַלע געשווירנ בא א סייפער-טוירע, אַז זיי וועלנ ראַטעווענ די פּאַראַליזירטע מאַמע.

די דרײַ ברידער האָבנ אויסגעבויט פאַר דער מאַמענ א אונטערערדישע באַהעלטעניש. נאָר דאָס איז בלויז צײַטווײַליק. גערשנ האָט גוט געוווּסט, אַז די דײַטשנ קענענ קומענ מיט שפּירהינט אונ געפינענ דאָס אָרט. דעריבער בויט ער איצט אונטער דער געטאָ א גרויסע הייל, עס איז א ווײַטערדיקער קאַנאַל פונ דער באַהעלטעניש, ווו עס געפינט זיכ זײַנ מוטער. די הייל איז שוינ האַלב פאַרטיק. געפינענ זי איז אוממעגלעכ. פאַר באָמבעס, פײַער אונ שפּירהינט האָט זי קײנ מוירע ניט. אינ דער נײַער הייל וועט ער אַריבערטראָגנ זײַנ מאַמע. אינ דער זעלבער הייל וועלנ זיכ געפינענ די דערמאָנטע קולטור-אויצרעס אונ דער אַרכיוו פונ געטאָ.

ער האָט מיכ אַרײַנגעפירט אינ א פינצטערנ קעלער אונטער כורוועס אונ ציגל אונ מיר געראַטנ, איכ זאָל זיכ אָנהאַלטנ אָנ זײַנ אַרבל, קעדיי ער זאָל מיכ אינ וועג ניט פאַרלירנ. צוגעקומענ צו א ווינקל פונ דער כורווע, האָט ער אָנגעצונדנ א לעמפּעלע, אָפּגעשאַרט די ערד אפ א פינגער די כיפּ אונ אַרויסגעהויבנ צוויי קלײנע ברעטלעכ. א מינוט פינפ זײַנענ מיר געקראָכנ באַרג-אַראָפּ דורכ א שמאָלנ קאָרידאָר,

דערנאָך האָט ער מיר גע׳הייסן זיך אָנהאַלטן אָן אַ פּאַרענטש. דורכ־געשפּאַנט דעם וועג ביטן פּאַרענטש, האָט ער באַנײַס אויפגעהויבן צוויי ברעטלעך, און ס׳האָט אַ בליץ געטאָן ליכט.

— דאָ באַהאַלט איך מײַן מאַמע, — האָט ער געזאָגט צו מיר און אָנגעוויזן אַף אַ פרוי, וואָס איז ווי אַ הויפן ביינער געלעגן צווישן פּערענעס און קישנס.—די עלעקטרע האָב איך אַרײַנגעצויגן ניט לאַנג געטאָ. טאָמער ווערט די געטאָ אַרומגערינגלט, און די דײַטשן שליסן אויס די עלעקטרע, זאָל דער מאַמען זײַן ליכטיק. דאָ איז שוין מײַן מאַמע אָנדערהאַלבן יאָר. איך האָב זי שוין אויסגעהיט פון זיבן שחי־טעס און האָפּ, אַז זי וועט אַריבערלעבן היטלערן.

דערהערט אומזיסער שטימען, האָט די פרוי אויסגעדרייט איר פּנים און זיך געווענדט צום זון:

— גערשן, ליכט האָסטו געבראַכט?

גערשן האָט אַרויסגענומען פון קעשענע צוויי ליכט און אַוועק־געלייגט אַף אַ בענקל. עס איז געווען פרײַטיק. ער האָט מיך צוגע־פירט צו דער מוטער און אָנגעוויזן אַף מיר:

— מאַמע, אָט דער יונגערמאַן האָט דיר געבראַכט אַ נײַעם קאָרבן־מינכע.

די אַלטיטשקע האָט זיך באַמיט צו שמייכלען. זי האָט אויסגע־שטרעקט איר דאַרע האַנט, גענומען דעם קאָרבן־מינכע און אים פאַרוקט אונטערן קישן.

אין דער באַהעלטעניש האָט זיך דערהערט אַ גערויש. איך האָב געטאָן אַ ציטער.

— דאָס האָב איך אָפּגעלאָזן דעם ווענטיליאַטאָר, — האָט מיך באַ־רויִקט גערשן, און ער האָט אָנגעהויבן מיך פירן ווײַטער.

— מיט אָט דער באַהעלטעניש בין איך ניט צופרידן, — האָט ער צו מיר געזאָגט. — די ערשטע צײַט איז דאָ געווען זיכער, איצט אָבער דאַרף מען אַ בעסערע. קומט ווײַטער, איך וועל אײַך ווײַזן די באַ־העלטעניש פאַר אײַערע ספאָרים. אהין וועט דער דײַטש זיך שוין ניט דערקלײַבן — זי געפינט זיך צוואַנציק מעטער אין דער ערד. — איצט האָבן מיר זיך געדרייט פּאָשעט אין אַ לאַבירינט. ווידער האָט אַ בליץ געטאָן ליכט. מיר זײַנען אַרײַן אין אַ נײַעם קעלער.

— אָט דער קעלער, — האָט מיר אויפגעקלערט גערשן, — איז שוין מיט זעקס הויפן ווײַטער פון דעם ערשטן. פונדאַנען ציט זיך אַ קאַנאַל ווײַטער, אויך ביז צום שולהויף. נאָר ער איז ערטערווײַז פאַרשאָטן. — דאָ, האָט ער מיר אָנגעוויזן אַף אַ גרוב, אַ פאַרלייגטע

מיט ציגל, געפינען זיך די דרײַ קאסטנס מיט ביכער, וואָס איך האָב אים ניט לאנג איבערגעגעבן. אין אָט דער הייל האָט גערשן גערעכנט אריבערצופירן זײַן מאמע... דאָ האָט ער אויסגעגראָבן א ברונעם.

מיר זײַנען געגאנגען צוריק. איך בין געווען רויִק פאר די ספּאָ־רים: גערשן האָט זיי באהאלטן אין דער זעלבער הייל, ווו ער האָט באהאלטן זײַן מאמע.

זיך דערוווּסט, אז די דײַטשן פארוואַרפן געטאָס מיט באָמבעס פון אעראָפּלאַנען, האָט גערשן זיך אנטוישט אין זײַן אונטערערדי־שער ארכיטעקטור. בא א שטאַרקער באָמבאַרדירונג פון אויבן קען איבער דער הייל אײַנפאלן א מויער און פארשיטן דעם ארויסגאנג. הייסט עס, מע דארף זוכן אן אייצע. ער האָט געטראכט און זיך דערטראכט.

אראָפּגעוואָרפן פון זיך די געלע לאטעס, איז ער מיט זײַנע צוויי ברידער אוועק אין שטאָט און בעערעך א קילאָמעטער ווײַט פון דער געטאָ גענומען אויסלייגן די ציגל פון דער געבײַדע, אין וועלכער עס האָט געטראָפן אמאָל א באָמבע. קיינעם פון די הונדערטער אגענטן און געסטאַפּאָ-מערדער איז ניט אײַנגעפאלן כוישעד צו זײַן אין עס־וואָס די דרײַ ברידער, וואָס האָרעווען אין גאס באם אופקלײַבן די ציגל פון כאָרעווע מויער.

גערשן האָט או סגעבויט אונטערן מויער אן אויסגעצייכנטע בא־העלטעניש. ווו נעמט מען אָבער דאָרט וואסער? אויסגעגראָבן א טונעל פון צוואנציק מעטער די לענג, האָט ער פארייניקט זײַן באהעלטעניש מיט אן ארטעזיאַנישן ברונעם. אין דער צעמענטענער וואנט פון ברונעם האָט ער אויסגעשניטן אן עפענונג, וואָס האָט אָן סימאָנים זיך פארמאכט אפ צוריק. די וואסער-פּראָבלעם איז גע־ווען געלייזט. אכוץ דעם וועט ער אין די נעכט קענען ארויסקריכן פון ברונעם אין דרויסן און אײַנקויפן שפּײַז.

בייס זײַן ארבעט אין שטאָט אָן לאטעס, פון באגינען ביז אָוונט, איז געשען אן אומגליק. א באלקע איז אראָפּגעפאלן אפן עלטסטן ברודער און אים צעבראָכן א פוס. גערשן האָט זײַן ברודער געבראכט אין געטאָ-שפּיטאָל. דעם פוס האָט מען דעם ברודער געמוזט אמפּוטירן.

פאר גערשענען איז געשטאנען די פראגע, וויאַזוי אריבערצו־פירן די מוטער אין דער נײַער זיכערער באהעלטעניש. די געטאָ איז שוין צו יענער צײַט געווען געשלאָסן. עס האָט געשמעקט מיט א נײַער ערגקלעכער שכיטע, מעגלעך שוין מיט דער לעצטער. גערשן האָט דעמלט פון זײַן הייל אין געטאָ אונטערגעגראָבן א טונעל צו דער

גרויסער קאנאליזאציע־רער, אריבערגעקראָכן פֿון געטאָ אין שטאָט, אין זײַן באהעלטעניש, פֿון דאָרטן האָט ער אויך אויסגעגראָבן א טונעל צו דער קאנאליזאציע-רער, און דער וועג איז געווען פרײַ. פֿון דער געטאָ וועט ער דורך דער אונטערערדישער הייל דורכטראָגן זײַן פאראליזירטע מאמע, זײַן ברודער דעם קאליקע און זײַן קליין ברודערל. שפּעטער וועט ער זיי דורך דער רער פֿון קאנאליזאציע דורכטראָגן אונטער דער ערד און אפ אזא אויפֿן ברענגען זיי אין דער נײַער באהעלטעניש.

מיט א טאָג פריִער, איידער איך האָב זיך דורכגעריסן מיט געווער אין האנט דורך דער ארומגערינגלטער געטאָ, האָב איך באגעגנט גערשענען אפ איינער פֿון די אופגעריסענע געסלעך. עס איז געווען א ווארעמער טאָג. דער זומער האָט זיך געזעגנט מיט דער געטאָ. גערשן האָט געטראָגן אונטער די אָרעמס צוויי קאָלדרעס. איך האָב אים אָפּגעשטעלט:

— וווּהין?

גערשן האָט א פינטל געטאָן מיט זײַן קאָסאָקלעך אייגל און אײַליק גענומען זיך פאַרענטפערן:

— האָט קיין פאַריבל ניט, איך אײַל זיך. די קאָלדרעס האָב איך געקראָגן בא א כאווער. איך מוז זיי אריבערטראָגן וואָס גיכער צו מײַן באהעלטעניש. עס איז שוין באלד האַרבסט. זיי איז קאלט דאָרט אין דער ערד.

די פאראליזירטע מוטער און דעם קאליקן ברודער האָט ער שוין פֿאַריקע נאכט געהאט אריבערגעטראָגן, צוערשט דורך זײַן הייל, דערנאָך דורך די רערן פֿון דער קאנאליזאציע און זיי געבראכט אין שטאָט אונטערן צעפאלענעם מויער.

## די אונטערערדישע שטאָט

אמאָל פלעגט זיך אין א מאלינע באהאלטן א גאנעוו. „מע האָט געכאפט דעם גאנעוו אין זײַן מאלינע", — פלעגט מען זאָגן. איצט האָט איטלעכער בירגער פֿון געטאָ, אכוץ אן אָרט ווו צו וווינען אפ דער ערד, זיך באדארפט באזאָרגן מיט א זיכערער באהעלטעניש אין דער ערד גופע. דאָס וואָרט „מאלינע" איז געוואָרן אזוי פּאָפּולער, אז מע האָט עס גענוצט אין פארשיידענע פאָרמען: „מע דארף זיך מאלינעווען", „ביסט א גוטער מאלינעטשיק", „איך בין געלעגן מאלינירט" אאוו. און ווען דעם לערער כסטאָליצקיס פרוי האָט אין א מאלינע פֿון דער צווייטער געטאָ געבוירן א קינד, האָט זי עס א נאָמען געגעבן מאלינע.

אינעם פּעריאָד פון פאר דער געטאָ זײַנען די מאלינעס געווען פּרימיטיווע, מע האָט זיך באהאלטן אין א קעלער, אין אן אויוון, אין א פינצטערן צימערל, אפ א בוידעם אאוו. אין געטאָ־פּעריאָד האָט זיך די בויונג פון מאלינעס דערהויבן צו א קונסט. עס איז אויסגעוואקסן אן אונטערערדישע שטאָט.

ווען די דײַטשן האָבן זיך א נעם געטאָן אין ווילנע אויסצוראָטן אויך ניט-ייִדן, איז דאָס וואָרט אויך ארײַנגעדרונגען אין שטאָט. איך האָב געזען א לאָזונג אין אן אומלעגאל בלעטל: „פּאָליאקן, באהאלט זיך אין מאלינעס!".

מאלינעס האָט מען געבויט באנאכט, קיינער זאָל ניט באמערקן. די מאלינע מעג זײַן די בעסטע, נאָר קוים ווערט זי באמערקט פון א פרעמד אויג, איז זי א בראָכע־לעוואטאָלע.

מאלינעס האָט מען געבויט אומעטום: אונטער אלטע כאָרעווע הײַזער, אין קעלערס, אונטער מיסטקאסטנס, אין הײלג און ווו נאָר א מענטשלעכע פאנטאזיע קען זיך פאָרשטעלן. מע פלעגט פארמויערן א טייל צימער, פארקלעפּן אים מיט טאפּעטן, מאכן דורך הינטער-ארום א פארמאסקירטן ארײַנגאנג, און ס'האָט געהייסן א שטוביקע מאלינע. מיט אזא מאלינע האָט מען רויִקער גענעכטיקט. טאָמער א סאקאָנע — איז גלײַך אין דער באהעלטעניש.

אפ רודניצקער 6 האָבן פערציק רײַכע ייִדן אויסגעבויט אן אויסטערלישע מאלינע. דער ארײַנגאנג איז דורך אן אויוון. עס עפנט זיך דאָס דעקל פונעם אויוון, און פון דאָרט פאָרט מען ארײַן אין דער מאלינע אפ אן עלעקטריש זיך באוועגנדיקן דעק, ענלעך צו אן עסקאלאטאָר אין מעטראָ. אין דער מאלינע איז געווען א ראדיאָ, א באָד, אן אוביקאציע (אן אַפּטריט) און לעהאוודל א ביבליאָטעק.

דער אינזשעניער ספּאָקאָיני, וואָס האָט אויסגעבויט אונטער דער געטאָ ניט איין ווינונג, האָט געמאכט אזא קונציקע מאלינע, וואָס איר ארײַנגאנג איז געווען דורך א ברונעם.

אין קאָנצענטראציע-לאגער ה. ק. פּ. (הערעס-קראפט-פּארק) האָבן זיך געראטעוועט פון דער קינדער-שכיטע ארום אכציק קינדער. אין לאגער האָבן זיי זיך ניט געטאָרט ווײַזן. די קינדערשע הויט איז באשטימט געווען פאר קאָסמעטישע אָפּעראציעס. די עלטערן האָבן זיך צונויפגערעדט, מע האָט פארמויערט א טייל פון א זײַטיקן צימער, און הינטערן וואנט האָבן געלעבט די קינדער. דער ארײַנגאנג צו די קינדער איז געווען דורך א בלעכענעם אויוון, וואָס איז ספּעציעל געווען צוגערוקט צום וואנט. א גאנצן טאָג האָט מען דעם



די קינדער־מאַלינע אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער ה. ק. פּ. אַפּ סובאָטש־גאַס. דער אַרײַנגאַנג אין דער מאַלינע איז דורכן װענטל פֿון אַן אױװן.

אױװן געהײצט, קעדײ די דײַטשישע קאָנטראָליאָרן זאָל ניט אײַנפֿאַלן דאָרט צו זוכן.

פֿאַר די אַכציק פֿאַרמױערטע קינדער האָט מען אין דער מאַלינע געעפֿנט אַ שול. דער לערער אַפּעסקין פֿלעגט פֿאַרטאָג אַרײַנקריכן דורכן אױװן און לערנען מיט די קינדער ביזן אָװנט. אין דער מאַלינע האָט ער אײַנגעאָרדנט מיט די קינדער אַ פֿאָרשטעלונג. די בינע איז באַצירט געװען מיט גרינס, און דאָס קלײנװאַרג האָט מען אױסגעפּוצט אין יאָמטעװדיקע קלײדער. דאָרט אין דעם פֿאַרמױערטן צימער פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט עס אַפּעסקין אױפֿגעפֿירט מיט די קינדער זײַן ליד „דער ייִד פֿון דער מאַלינע". אָט איז די ליד:

## דער ייִד פֿון דער מאַלינע

— װוּ גײסטו, ייִד, דורך נאַכט און װינט?
װאָס ברענט דײַן בליק מיט מאָרד און זינד
און פֿלאַמט מיט פֿונקען סינע?

— איך גיי, ווו ס'טראָגן מיך די טריט,
מײַן ווונד א ברענענדיקע גליט,
איך בין אצינד דער לעצטער ייִד,
דער ייִד פון דער מאלינע.

— וואָס זיכסטו, ייִד, אפ וויכטן שטיין?
— איך בלאָנקע אום אין נאכט אליין
און שלײַך זיך ביז באגינען,
ווו ס'רוט דאָס טײַערע געביין,
ווו ס'גליט דאָס עלנטע געוויין,
וואָס כ'קען עס ניט געפינען.

די נאכט דעקט צו מיך און פארהילט,
דער טאָג — ער דראָעט מיר בייז און ווילד.
וווהין זאָל איך אנטרינען?
מײַן צונג א קלאָלעדיקע שילט,
מײַן טרוים איז הײַנט — דער הונט, וואָס בילט
צום ייִד פון דער מאלינע.

— איז וואנדער, ייִד, און גיי און שילט,
געבענטשט זאָל זײַן די האנט, וואָס צילט,
אָ, זאָלן הענט נאָר דינען!
ווער נאָך מײַן ווייטעק זײַן געשטילט?
ווער עפשער זון נאָך שמייכלען מילד
צום ייִד פון דער מאלינע?

* * *

ווײַטזעענדיקע מענטשן האָבן ניט געהאלטן פון א מאלינע אין געטאָ, די דײַטשן האָבן זיך אויסגעלערנט זוכן. בא דער „איפאטינגא" האָבן זיך ספעציאליזירט באזונדערע גרופן כאפונעס, וואָס מע האָט בלויז געהאלטן אפ אופצודעקן מאלינעס. כוץ דעם איז געווען די סאקאָנע, אז מע וועט די געטאָ פארברענען און דעמלט וועלן אײַנפאלן די מויערן און פארשטעלן די ארײַנגענג צו די מאלינעס. דעריבער האָט מען געבויט די מאלינעס אין שטאָט, און דער וועג צו זיי האָט געפירט פון דער געטאָ. פון שפיטאָל-גאס 6 האָט מען אויסגעגראָבן אן אויסטערלישע הייל צום מאָנאכטיר פון אלע הייליקע. פון ייִדישן

שפּיטאָל אינ געטאָ האָט געצויגנ אנ אונטערערדישער וועג צו דער קאָרשול אפ זאוואלנע גאס. פונ דײַטשישע 29 איז געגאנגענ א הייל אזש אינ דער צווייטער געטאָ.

מאלינעס זײַנענ געווענ רײַכע אונ אָרעמע, גרויסע אונ קליינע, פאר איינציקע מישפּאָכעס אונ פאר הונדערט מאנ.

די מאלינע אפ דײַטשישע 21, אויסגעבויט פונ הערצ זוסמאנ, איז באשטאנענ פונ דרײַ קעלערנ. דעם לעצטנ קעלער האָט זוסמאנ פארמויערט, דורכ אימ האָט זיכ געצויגנ א טונעל צו די קאנאליזאציע-רערנ, אונ דער קעלער איז געווענ צוגעגרייט אפ דער צײַט פונ א סאקאָנע. אינ די צוויי קעלערנ, האָבנ געוווינט 63 מאנ. זוסמאנ האָט ארײַנגעצויגנ א ראדיאָ־אפּאראט, אונ אינ וואנט פונ דרויסנ, אינ א וואסער-רער, אײַנמאָנטירט אנ אפּאראט צום אונטערהערנ, וואָס אזוינס עס קומט פאָר אינ גאס. ער האָט דאָרט אויכ ארײַנגעפירט פײַער אונ וואסער. אפנ פאל, אויב דאָס וואסער אונ פײַער וועט מענ פונ דרויסנ אויסשליסנ, האָט זוסמאנ דאָרט אויסגעגראָבנ א ברונעם אונ אויפגעבויט אנ אויווּנ. דעם קוימענ האָט ער פארייניקט מיט א קוימענ פונ א ניט-ייִדישנ שאָכנ, קעדיי ווענ מע וועט הייצנ, זאָל דער רויכ ניט אויסקומענ פארדעכטיק. נאָר גראָד די דאָזיקע מאלינע האָט ניט אויסגעהאלטנ מער ווי צוויי וואָכנ. דער הויז-וועכטער האָט באמערקט אונ געמאסערט. ס'איז געקומענ געסטאפּאָ. א גאנצנ טאָג האָט מענ געבראָכנ די מאלינע. דעמלט האָט זוסמאנ מיט נאָכ פיר יונגענ אופגעבראָכנ דעם לעצטנ קעלער, וואָס האָט געהאט א פארבינדונג מיט די רערנ פונ דער קאנאליזאציע, אונ אלעמענ פאנאנדערגעשיקט אפ אונטערערדישע גאסנ. די פינפ האָבנ געמוזט פארבלײַבנ צו פארמאסקירנ דעם קעלער. אויבנ האָט געבנשעוועט די געסטאפּאָ. מיט אײַזנ-בעטאָנ האָט מענ אײַליק פארמויערט דעם ארײַנגאנג אונ אריבערגעטראָגנ די פּראָדוקטנ-רעזערוונ אינ די רערנ פונ דער קאנאליזאציע. אינ צווייטנ קעלער איז געבליבנ בלויז איינער, וואָס האָט געענדיקט פארמויערנ די וואנט. ווענ געסטאפּאָ האָט זיכ ארײַנגעריסנ אינ קעלער, איז דער איינער דורכגעקראָכנ דורכנ קוימענ אונ זיכ ארײַנבאקומענ אינ דריטנ קעלער, וואָס האָט געהאט די פארבינדונג מיט די רערנ.

דער זעלבער זוסמאנ האָט זיכ נאָכדעם אויסבאהאלטנ מיט זײַנ מישפּאָכע זאלבעזעקסט אינעם קעלער פונ די קעסלענ אונטער דער דירע פונ מאסנ-מערדער קיטעל אפ קאשטאנ-גאס 3. זוסמאנ האָט זיכ געטראכט: בא א וואָלפ אינ די ציינער איז אמאָל זיכערער, דער

הײצער פונ די קעסלענ סטאניסלאוו סטאנקעוויטש האָט עס דאָרט
אײַנגעאָרדנט זוסמאנענ, אונ אונטער אַנ עמער אש פלעגט ער ז רײַנ-
טראָגנ פאר דער מישפּאָכע עפּײַז. די מאלינע האָט זיכ געפונענ
אונטער טרעפּ, פארוואָרפנ מיט האָלצ. די מישפּאָכע איז דאָרט געלעגנ
צונויפגעדרייט. איינ מאָל אינ טאָג פלעגנ אלע צוזאמענ זיכ
איבערקערנ אפּ דער צווייטער זײַט. זוסמאנ האָט דאָרט אײַנגעאָרדנט
א ראדיאָ אפּ אויערנ-הערערס, אונ גאנצע טעג פלעגט מענ זיכ צוהערנ
צו דער וועלט.
אָפט פלעגט אינ קעלער אריַנגיינ קיטעל. דורכ די שײַטנ האָלצ האָט
מענ געהערט זײַנ שטים. די ערגסטע טעג זײַנענ געווענ די שאבאָ-
סימ, ווענ די געסטאפּאָ-לײַט, וואָס האָבנ באוווינט דעם גאנצנ מויער,
פלעגנ זיכ מאכנ וואנעס, אונ די וואנט פונ האָלצ, וואָס האָט באשיצט
די מישפּאָכע זוסמאנ, איז געוואָרנ פונ וואָכ צו וואָכ אלצ דינער.
נאָכ ביטערער איז געוואָרנ די לאגע, ווענ ס'האָט זיכ דערנעענ-
טערט דער זומער 1943. מע האָט אויפגעהערט צו הייצנ די קעסלענ.
דער וועכטער האָט שוינ ניט געהאט קיינ געלעגנהײַט זיכ צו דרייענ
אינ דעמ קעלער אונ דערלאנגענ עסנ. דערצו האָט מענ פונ דעמ
ווענטל האָלצ אלצ מער אונ מער אראָפּגענומענ נאר די וואנעס. נאָכ
פיר כאדאָשימ ראנגלעניש אינ דער מאלינע איז דאָס ווענטל שוינ
באשטאנענ פונ איינציקע שײַטנ האָלצ, אונ זוסמאנ מיט זײַנ מיש-
פּאָכע האָט געמוזט פונ דאָרט אנטלויפנ. ער איז צוריק אנטלאָפנ אינ
דער ערשטער מאלינע אפּ דײַטשישער 21, וואָס די געסטאפּאָ האָט
געהאט פריִער אנטדעקט. דאָרט זײַנענ זיי אָפּגעווענ ביז דער בא-
פרײַונג. אינ אנ אנטדעקטער מאלינע פלעגט מענ אָפט זיכ אומקערנ
אפּ צוריק. דער מיינ איז געווענ א פּאָשעטער: די דײַטשנ וועט ניט
אײַנפאלנ, אז מע וועט ווידער זיכ באזעצנ אינ א קאָמפּראָמעטירטנ אָרט.
אינ די מאלינעס זײַנענ פאָרגעקומענ ווילדע טראגעדיעס.
מענטשנ זײַנענ דאָרט געשטאָרבנ פונ הונגער אונ פונ ווינציק
לופט. בײַס דער ליקווידאציע פונ דער געטאָ זײַנענ צענדליקער מא-
לינעס מיט מענטשנ פארשאָטנ געוואָרנ פונ די אויפגעריסענע מויערנ.
פיל מאלינעס זײַנענ דורכגעפאלנ צוליב קינדער. די קינדער האָבנ
געוויינט, אונ זייערע קוילעס האָבנ ארויסגעגעבנ די באהעלטעניש.
איכ בינ אליינ ניט איינ מאָל געלעגנ אינ א מאלינע. איכ ווייס
גוט איר טאמ, די ווילדע שרעק פונ די צונויפגעקאָרטשעטע גופנ. יעדער
שאָרכ, יעדע באוועגונג פלעגט אָפּרײַכנ דאָס הארצ אונ ארויסציִענ פונ דעמ
מארכ די קויכעס. אינ אזא צושטאנד איז נענ פּייִק אפּ אלצ. איכ

וועל פיל פון מײַנע איבערלעבונגען פארגעסן. איך וועל אָבער ניט פארגעסן דעם מאָמענט, ווען אין מאלינע האָבן זיך ניט אָנגעצונדן קיין שוועבעלעך, ווײַל אין דער לופט האָט שוין ניט געקלעקט קיין זויערשטאָף.

* * *

אין דעם קאָנצענטראַציע-לאגער ה. ק. פ. איז, ווי דערמאָנט שוין, געווען א באזונדער מאלינע פאר קינדער. די עלטערן האָבן גוט געוווּסט, אז לאנג וועלן זיך די קינדער ניט קענען אופהאלטן. מע האָט זיך באמיט די קינדער אריבערצוטראָגן אין שטאָט. דאָוויד גי־טעלמאן האָט געהאט אין דער מאלינע א צוויי-יעריק טעכטערל. ווי־אזוי טראָגט מען עס ארויס? דאָס קינד קען זיך נאָך צעוויינען, און די וועכטער וועלן עס כאפן צוזאמען מיט טאטע-מאמע. אין לאגער איז געווען א דאָקטער. ער האָט געגעבן אן אייצע: פארכלאָראָפאָר־מירן דאָס קינד און עס ארויסטראָגן אין א זעקל, דורך אן אונטער־גראָב אונטער די דראָטן. מע האָט אזוי געטאָן. דאָס קינד איז גע־בליבן לעבן.

אזוינע פאלן פון פארכלאָראָפאָרמירן קינדער און זיי ארויסטראָגן צו באקאנטע אין שטאָט זײַנען מיר באוווּסט צען.

* * *

נאָך דער ליקווידאציע פון געטאָ האָט זיך אפּ רודניצקער 6 ארײַנגעקליבן א גרופע כאפונעס מיטן אָפיצער לוקשיס בעראָש. זייער אופגאבע איז געווען אויסצוגעפינען די באהאלטענע ייִדן אין די מאלינעס. גלײַכצײַטיק האָבן זיי געבראכט ארבעטער, וואָס האָבן געדארפט ארויספירן פון דער געטאָ דאָס געבליבענע בעטגע־וואנט, מעבל און די פארשיידענע פראָדוקציע פון די ווארשטאטן. די ארבעטער האָט מען אָנגעזאָגט: אויב זיי וועלן אויסגעפינען א מא־לינע, באקומען זיי א פרעמיע. די גרייס פון דער פרעמיע איז אָפּ־העננגיק פון דער צאָל ייִדן, וואָס דער ארבעטער וועט געפינען.

די כאפונעס זײַנען דורכגעגאנגען קורסן. ווען איך בין געקומען אין דער באפרײַטער ווילנע, האָב איך אין זייער לאָקאל געפונען א טאָוול, ווו עס זײַנען מיט קרײַד געווען אָנגעצייכנט קאָלערליי סיס־טעמען פון מאלינעס. דאָרטן האָבן זיך אויך געוואלגערט בלעט־לעך מיט ייִדישע אויסיִעס. דאָס האָבן די כאפונעס זיך געלערנט

ייִדיש, עס זאָל גרינגער זײַן אויסצוגעפינען א מאַלינע. זיי פלעגן ארומגיין איבער די הײַזער און אויסרופן אפ ייִדיש: „קיינער איז ניטאָ אין געטאָ! מע קאָן קומען ארויס!" נאָכן אופדעקן א מאַלינע פלעגן די כאַפּונעס ארײַנפירן אירע אײַנוווינער צו זיך אין ביוראָ, דאָרטן האָבן זיי צוגענומען אלץ, וואָס מע האָט פארמאָגט, געפּאָרשט און נאָכדעם אָפּגעפירט אין געסטאַפּאָ. יונגע מיידלעך פלעגט מען איבערלאָזן און זיי דאָרט פארגוואלדיקן. נאָכדעם פלעגט מען זיי פּרוּוון אײַנריידן, אז מע וועט זיי לאָזן לעבן, אויב זיי וועלן אָנווײַזן, וווּ מע באהאלט זיך.

איציק לוריע האָט מיר דערציילט: בײַס ער איז געלעגן אונטער דער פּאָדלאָגע אפ זשמענער 1, האָט ער דורך א שפּארונע געזען, ווי צוויי כאַפּונעס האָבן ארײַנגעפירט א געפּענטעט פערד אין דער געבײַדע און עס ארומגעפירט עטלעכע מאָל איבערן לאַנגן זאַל פון די געוועזענע וואָליקעס-וואַרשטאַטן. לויטן אָפּהילך פון די פערדישע קאָפּיטעס האָבן די כאַפּונעס געפּרוּווט דערקענען, ווו עס איז אונטער דער פּאָדלאָגע א פּוסט אָרט. לוריע האָט בײַס-מײַסע זיך צעטומלט. ניט פארשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. אָבער בײַס דאָס פערד איז ארום אפ זײַן מאַלינע, האָט ער דערהערט, ווי א כאַפּון האָט א זאָג געטאָן: „דאַכט זיך, דאָ, לאָמיר פּרובירן". און לוריע האָט דערהערט איבערן קאָפּ דעם אָפּהילך פון העק. ער איז אַנטלאָפן דורך א צווייטן ארויסגאַנג.

פון די זעלטענע מאַלינעס, וואָס האָבן אויסגעהאלטן ביז דעם טאָג פון דער באפרײַונג, איז די מאַלינע פון עלייאָהו קאָפּאַנסקי אפ רודניצקער 23. קאָפּאַנסקי האָט אָפּגעצאַמט א טייל פון זײַנעם א צימער און פארקלעפּט די וואַנט מיט צײַטונגען. הינטער דעם וועגטל האָט ער זיך פארקליבן מיט זײַן מישפּאָכע. דאָס צימערל האָט געהאַט דרײַ ארײַנגענג: דורך א קעלער, דורך א וואַנט, ווו אן עפענונג איז פארלייגט געווען מיט איינציקע ציגל און פון דרויסן נאַרשאָטן מיט ערד, און דורך דעם וועגטל, וואָס ער האָט פארקלעפּט מיט צײַטונגען. פארן ארײַנגיין אין דער מאַלינע האָט ער בעקיוון פאַנאַנדערגעוואָרפן אין די ערשטע צימערן אלע זאַכן, בעטגעוואַנט, עס זאָל מאַכן דעם אײַנדרוק, אז מע איז שוין דאָרט געווען און מע זאָל ניט זוכן נאָכאמאָל. קאָפּאַנסקי האָט אפילע איבערגעלאָזט אפן וואַנט דעם זייגער.

נאָכן אָפּליגן אין דער מאַלינע א כוידעש, זיך שפּײַזנדיק בלויז מיט ארבעס, איז ער ארויסגעקראָכן פון זײַן מאַלינע אין איינעם פון די צימערן און ארויסגעקוקט אין דרויסן. ער האָט זיך געוואָלט

דערוויסנ, צי עס איז דאָ דער לאגער ה. ק. פּ. ער האָט געזענ פארבײַגײנ צוויי מײדלעכ. ס'האָט זיכ אימ אויסגעדאכט, אז זיי זײַנענ ייִדישע. ער האָט ארויסגערוקט דעמ קאָפּ דורכ דער אײַזערנער טיר אונ געפרעגט די מײדלעכ וועגנ דעמ לאגער. די מײדלעכ האָבנ גאָרניט געענטפערט. אנטקעגנ איז גראָד געשטאנענ א כאפּונ. ער האָט אויסגעשריִענ צו די מײדלעכ: איר ווייסט, ווער עס האָט מיט אײַכ גערעדט? א זשיד!

קאָפּאנסקי איז גיכ ארײַנגעלאָפנ אינ דער מאלינע אונ פארמאכט דעמ ארײַנגאנג. ער האָט זיכ אוועקגעזעצט אינ זײַנ צימערל אונ געהאָרכט דורכנ ווענטל, וואָס דאָ וועט זײַנ. אינ א פּאָר שאָ ארומ האָט זיכ געעפנט די אײַזערנע טיר, אונ מע זיִז ארײַנ אינ צימער. קאָפּאנסקי האָט דערהערט צוויי מײדלשע שטימענ. אײנע האָט געפרעגט די צווייטע אינ ייִדיש: פונוואנענ קומסטו? אונ די צווייטע האָט אינ דער זעלבער שפּראכ געענטפערט: איכ קומ פונ ה. ק. פּ. געשפּרעכנ אינ ייִדיש האָבנ זיכ איבערגעכאזערט אינ מעשעכ פונ צוויי וואָכנ. אפ דעמ אויפנ האָבנ די מערדער געוואָלט ארויסנארנ קאָפּאנסקינ אונ געפינענ זײַנ מאלינע. אָבער דער ייִד האָט זיכ כאר־שטאנענ אפ די קונצנ אונ איז ניט געגאנגענ.

עס האָט זיכ אָנגעהויבנ פאר קאָפּאנסקינ א הונגער־צײַט. ער האָט אויסגעציילט, וויפל ארבעס עס איז נאָכ געבליבנ. ער מיט זײַנ מישפּאָכע האָבנ זיכ גענערט מיט 50 ארבעס א טאָג. די לעצטע צוויי וואָכנ פאר דער באפרײַונג האָט מענ זיכ אינ דער מאלינע גענערט מיט 22 ארבעס א טאָג. ווענ קאָפּאנסקי, ניט קענענדיק שוינ מער אויסהאלטנ דעמ הונגער, איז ארויסגעקראָכנ פונ דער מאלינע נאָכ שפּײַז, איז שוינ די שטאָט געווענ א וואָכ צײַט פרײַ.

* * *

די מערהײַט מאלינעס סײַ אינ געטאָ סײַ אינ שטאָט האָבנ ניט אויסגעהאלטנ. דורכ מעסירעס, דורכ פארשיידענע פּראָוואָקאציִעס זײַנענ זיי געוואָרנ אנטדעקט. דעמלט האָט דער כוש פונ לעבנ ארײַנגעפירט צענדליקער געיִאָגטע אינ די רערנ פונ דער קאנאליזאציע. דאָ, אינ קיניגרײַכ פונ שמוץ אונ מײַז האָט מענ זיכ געפילט זיכערער ווי ערגעצ אינ שטאָט. גיכ האָט מענ זיכ צוגעוווינט צו די שטראָמענ וואסער, וואָס בעשאס זיי יאָגנ אָנ, כוז מענ זיכ אײַנקלע־מענ מיט די הענט אונ פיס אינ די רערנ, קעדיי ניט צו ווערנ אוועקגעשלעפּט דורכנ שטראָמ. מע האָט זיכ אויסגעלערנט דעמ גאנג

פון אונטערערדישע וועגן, געטראָפן בלינדערהייט אין אלע ווינקעלעך און מע האָט אָנגערופן די אונטערערדישע רערן וועליק די גאסן, דורך וועלכע זיי פירן. מע האָט געזאָגט: איך געפין זיך אפ רודניצקער גאס, איך גיי אפ ברייטער גאס אאוו. מע האָט ארומגעשאלייעט איבער די ווילנער „גאסן" באנאכט, ארויסגעקראָכן דורך א קאנאליזאציע-דעק נאָך שפּייז און מע האָט געלעבט מיטן גלויבן פון א גיכער באפרייונג.

קאנאליזאציע-רערן זיינען פאראן פארשיידענע. דורך די הויפטגאסן גייען הויכע צו א מעטער מיט אכציק און א מעטער מיט צוואנציק. אונטער די קלענערע גאסן האלטן די קאנאליזאציע-רערן צו אכציק, צו פופציק, צו פערציק סאנטימעטער. פאראן אויך קאנאלן זייער אלטע, וואָס אצינד ווערן זיי ניט באנוצט. אין די קאנאלן זיינען דאָ אזוינע ברונעמלעך. ווען עס שטראָמט דאָז וואסער, זעצט זיך אָפּ אין די ברונעמלעך דער שמוץ. באם גיין דארף מען זיין געהיט. מע קאָן לייכט ארייַנפאלן, זיך צעקלאפּן און אפילע — אויב ס'איז א גרויסער שטראָם — זיך דאָרט דערטרינקען.

אָבער לאנג אזוי ציען אין די קאנאלן איז געווען אומעגלעך. אפילע זומער איז דאָרט געווען קאלט. ביפראט נאָך, ווען ס'האָט זיך דערנעענטערט דער ווינטער. פארשיידענע גרופּעס און מישפּאָכעס האָבן זיך פארבונדן מיט באקאנטע ניט-יידישע פאמיליעס אין שטאָט, וואָס לעבן די קאנאלן, און מיט זייער הילף האָט מען אויסגעגראָבן אונטער זייערע וווינונגען מאלינעס. פון די מאלינעס האָט מען דורכגעגראָבן טונעלן צו די רערן פון דער קאנאליזאציע און פון די קאנאליזאציע-רערן אויסגעשניטן דעקלעך, וואָס פלעגן ווערן צוגעמאכט פון אינווייניק ניט צו מערקן. מע האָט שוין געלעבט אין די ניי-אויכגעבויטע מאלינעס. טאָמער א סאקאָנע — אנטלויפט מען אין די קאנאלן.

מאלינעס, פארבונדענע מיט די רערן, זיינען געווען בא א פופצן. אין זיי — ארום הונדערט פערציק איינוווינער, צעוואָרפן איבער דער גאָנצער שטאָט: אפ סטעפן־גאס און רודניצקער, נאָוויגאָראָד און סובאָטש, גלעזער-גאס און איגנאטאָווער געסל.

באטאָג פלעגן די קאנאל־מענטשן מערסטנטייל שלאָפן. דורך די קאנאלן איז מען ניט געגאנגען, ווייל אָנט פלעגן זיך דאָרט ארצפּלאָזן קאנאליזאציע-ארבעטער. דאָס לעבן פלעגט זיך אָנהייבן באנאכט. דעמלט עפענען זיך די דעקלעך פון די רערן, און מע לאָזט זיך אוועק צוגאסט איינער צום צווייטן. פון דער מאלינע אפ

ווילנער 22 לאָזט מען זיך אפּ סובאָטש 10. פון גלעזער־גאס 9 ווערט מען פארבעטן אפּ טיי אפּ דײַטשישע 19.

אפּ דײַטשישע 19 איז איינע פון די כאָשעווכטע מאלינעס. זי איז א מײַכטער-ווערק אין פולן זין פון וואָרט. דער ארײַנגאנג אהין איז דורך א פריוואטער ווינונג. די באלעבאָכטע מאָניקא קאָלוויַטיס האָט געהאָלפן אויסבויען די מאלינע. צוערשט הייבט זיך אוף פון דער פּאָדלאָגע א קליאפּע, און מע גייט ארונטער אין א קעלער. אין קעלער איז טונקל, פײַכט. אין א ווינקל שטייט א קאכטן מיט קאר-טאָפל. פון אָט דעם קאסטן נעמט מען ארויס צוויי ברעטלעך און מע קריכט אפּ אלע פיר אזוי לאנג, ביז מע הייבט מיטן קאָפּ אוף א דעק און מע קומט ארײַן אין א צווייטן קעלער. אין ווינקל קײַקלט מען אָפּ א שטיין און אפּ מעשופּעדיקע טרעפּ קריכט מען ערגעץ אין דער הייך, ביז מע קומט צו אן אָפּגעצוימטן ווינקל צווישן ווענט. דאָרט איז דאָ א ברונעם. אפּ א לייטער דארף מען זיך אראָפּלאָזן אין ברונעם, און אן ערעך א צוויי מעטער פון דעם וואסער־פלאך בייגן זיך אָפּ צוויי קלעצער אפּ ארײַנשארן זיך ווײַטער דורך א זייער שמאָלן קאנאל. ערשט נאָכן אדורכגיין דעם קאנאל קומט מען ארײַן אין דער מאלינע.

די מאלינע מאכט אן אײַנדרוק פון א נאָרמאלער ווינונג. עס ברענט עלעקטרע. א ראדיאָ שטייט אפן טיש. די הילצערנע בעטן זײַנען פארבעט, די ווענט זײַנען ריין געמאָלט. און וואָס מיך האָט צומערסטן פארוווּנדערט – איז דאָס בלויע שלעקל, וואָס איז איבערגע-צויגן איבער די ווענט פון שיינקײַט וועגן. ווײַטער גייט א שפּײַכ-לער, א קיך, א באָד. אין דער באָד איז פאראן א שפּריץ, און דאָס וואסער, וואָס גליטשט זיך אראָפּ אפּ דער צעמענטענער פּאָדלאָגע, גייט ארײַן אין א רער, וועלכע פירט עס אוועק, ווו מע דארף. פארן ארײַנגאנג אין באָד ליגט בא דער טיר א הילצערנער טרעטער אָפּ-צורײַבן די פיס. דער טרעטער הייבט זיך אוף, און מע גייט ארײַן אין א הייל, וועלכע פירט צו די רערן פון דער קאנאליזאציע.

אין דער מאלינע אפּ דײַטשישע 19 פלעגן באנאכט קומען צו-גאסט צענדליקער יידן פון פארשיידענע „גאסן“. פונדאנען פלעגן זיי פאנאנדערטראָגן איבער דער „שטאָט“ די לעצטע ראדיאָ-ידיעס.

אין די קאנאלן פלעגט מען זיך טרעפן אפּ ראנדעוווּען. מע האָט געפירט דאָ ליבעס. קיין שוועבעלע פלעגט מען ניט טאָרן אָנצינדן, קעדיי דאָס פײַער זאָל זיך ניט זען דורך די אייבערשטע גראטעס. אָבער יונגווארג האָט שוין געטראָפן די אָפּגערעדטע ערטער. די ליבע

האָט געלויכטנ פּאָרויס אונ געפירט דורכ דער פינצטערניש. צוליב אזא מינ ליבע איז שיר ניט אומגעקומענ א מאלינע. עס איז געווענ אזוי: א יונגע פּאָר האָט הייס ראָמאנסירט אונטער א גראטע אנט-קעגנ דער לעוואָנע. פונ גרויס פרייד האָבנ די פארליבטע זיכ פאר-געסנ, אז אויבנ אפנ טראָטואר גייענ ארום דײַטשנ. די פארליבטע האָבנ זיכ צערעדט אונ צעלאכט אפנ קאָל. עס האָט דערהערט א פארבײַגייער אונ געמאָלדנ דער געסטאפּאָ. אפ מאָרגנ איז זי גע-קומענ.

דערהערט, אז מע ברעכט די מאלינע, האָבנ די דרײַציק אונ-טערערד-מענטשנ א לאָז געטאָנ זיכ דורכ דער הייל צו די רערנ פונ דער קאנאליזאציע. די דײַטשנ אויבנ האָבנ פארצוימט דעם וועג אונ געשלײַדערט גראנאטנ דורכ די געעפנטע דעקנ. די מערהײַט אײַנ-ווינער פונ דער מאלינע האָט דורכגעריסנ דאָס פײַער אונ געפונענ שוצ בא די אונטערערדישע שכיינים. פונ די דרײַסיק זײַנענ גע-פאלנ דרײַ: א פאראליזירטע פרוי, א זאָקנ אונ א קינד.

* * *

שפּײַז האָבנ מערסטנ צוגעשטעלט די שכיינים, אינ וועמענס קע-לערנ מע האָט געבויט די מאלינעס. פונ צײַט צו צײַט פלעגט מענ זיכ אויכ ארויסכאפּנ אינ דרויסנ אונ אײַנקויפנ פּראָדוקטנ. פארנ קארגנ יאָר פארברענגענ אינ דער אונטערערד האָט מענ דאָרט גע-שאפנ א שול צומ דאווענע אונ א בעסוילעם. אפנ בעסוילעם, אינ א מאלינע, אפ גלעזער-גאס 9, האָט מענ מעקאבער געווענ 6 מענטשנ. אינ די קאנאלנ פלעגנ אויכ פּאָרקומענ סימכעס. כאנעקע האָט מענ געבענטשט כאנעקע-ליכט אונ געגעסנ לאטקעס.

אפ אנ אָריגינעלנ אויפנ האָט מענ געפײַערט דעם 1-טנ מײַ. מיידלעכ האָבנ אויסגעהאָפטנ רויטע פענדלעכ, אונ באנאכט האָבנ דאָס כעוורע ארויסגעוואָרפנ אפ די גאסנ דורכ די אייבערשטע דעקנ פונ דער קאנאליזאציע.

אויכ די קונסט האָט אונטער דער ערד געדײַעט. אינ די רערנ פונ דער קאנאליזאציע האָט א האלב יאָר געווינט די קאָמפּאָזיטאָרנ בערנשטיינ. איידער נאָכ זי האָט געפונענ א ווינקל אינ א דערבײַי-קער מאלינע, איז זי געזעסנ אינ א ברונעמל, וואָס איז ארויסגעקו-מענ אונטער דעם האָטעל „זיירעפּע". די קינסטלערנ פלעגט זיכ מעסלעסנלאנג אײַנהערנ, ווי די כײַז פליושקענ מיט די פיסלעכ אינ די וואסערנ אונ ווי דורכ דעמ געוועלב פונ די רערנ הילכנ אָפּ

זייערע מעשונעדיקע קלאנגען. דערביי פלעגן אויך שווימען אין די וואסערן קאָלערדיי שטיקלעך גלאָז, בלעכלעך, שטיינדלעך, און דאָס אלץ, צוזאמען מיט די מויזן-קלאנגען, האָט באשאפן פאר דער קינסט-לערן אזא הארמאָניע, אז דאָרט גופא אין די רערן האָט זי אָנגע-שריבן א קאָמפּאָזיציע.

* * *

בא מיר געפינט זיך א טאָגבוך, געשריבן אין די קאנאלן פון דעם אונדז שוין באקאנטן ארכיטעקט פון דער אונטערערדישער ווילנע גערשן אבראמאָוויטש. איך וועל ציטירן עטלעכע מערקווירדיקע שטעלן פון אָט דעם טאָגבוך:

„...מענדל קריכט דער ערשטער. אין מויל האלט ער דאָס זעקל סוכארעס, וואָס איז שוין עטלעכע מאָל ארייַנגעפאלן אין וואסער, בעשאס ער פלעגט פארגעסן און אָנהייבן ריידן. פון זעקל רינען פארשטונקענע טראָפּנס. אף מענדלס פּלייצע ליגט זייַן טעכטערל. מיט די הענטלעך קלאמערט זי ארום זייַן האלדז. מענדל איז פארשוויצט. צוליבן זעקל אין מויל מוז ער אָטעמען דורך דער נאָז. די רער האלט אכציק סאנטימעטער די הייך. און ער מוז זיך שטארק איַינ-בייגן, כדי ניט צו צערייַבן דעם טעכטערלס פּלייצע. פון הינטן זעט ער אויס ווי א לעגענדארע באשעפעניש, וואָס טראָגט איר קינד דורך אוראלטע היילן. ער ווערט אומגעדולדיק און ציט אויס לענגער די רעכטע האנט. דער רעכטער פוס מוז דעמלט מיטהאלטן. פון דער באוועגונג גיט זיך בא אים א הייב דער הינטן, און זייַן טעכטערל גיט א פאל פאָרויס. זי שרייַט: „טאטע“! און פארכאפּט אליין דאָס וואָרט. זי ווייסט, אז די דייַטשן קענען דערהערן.

הינטער מענדלען קריך איך. דאָס פּעקל זאכן דריקט אף מייַן פּלייצע, און די טאָרבע ברויט, וואָס איך טראָג אין מויל, וועט באלד ארויסרייַסן מייַנע פאָדערשטע ציינער. איך מוז טאָרמאָזירן מיט די קני אָן די טשוהונענע ווענט, אניט וועט מיך דער שטראָם אוועק-טראָגן.

דער טשוהון האָט שוין דורכגעריבן די הויזן. די קני ברענען פאר ווייטעק. די הענט בלוטיקן אויך. הינטער מיר קריכט כייַקע מיט דער מאמען. און הינטער אונדז אלעמען יאָגט דאָס גערויש פון וואסער, וואָס פאלט ארייַן פון סטעפּן-גאס אף זאוואלנע. דאָס גערויש ווערט פארגרעסערט כוויזנטפאכיק, און עס הילכט אָפּ דורך די רערן ווי א וואסערפאל.

מיר קריכנ ווײַטער. דאָס גערויש פונ אונדזער „וואסערפאל“ ווערט שטילער. עס דערטראָגט זיכ דאָס הודענ פונ פאָרנדיקע אווטאָס.

פלוצעמ דערטראָגט זיכ א געשריי. מיר דערהערנ ייִדישע ווערטער. קיינער פארשטייט ניט, פונוואנענ זיי קומענ. די רער פארנעמט זיכ אפ רעכטס. פונוויַטנ זעט זיכ א טונקל-גרויע ליכטיקײַט. מיר קומענ צו א ברונעמל. איכ מיט מענדלענ קריכנ ארײַנ אינוווייניק. די איבעריקע זעצנ זיכ אינ וואסער אָפרוענ. די קוילעס ווערנ נעענטער. דורכ די שפעלטלעכ פונ דער גראטע זעענ מיר שטיקלעכ בלויענ הימל. עס דערטראָגט זיכ א טופּענ פונ פיס. מיר הייבנ אופ די קעפ, אונ איבער אלע שפעלטלעכ טראָגנ זיכ שטיוול, וואָליקעס, טופל, צווישנ זיי פלאָנטערנ זיכ אויכ באָרוועסע פיסלעכ. די פיסלעכ לויפנ. ווײַזט אויס, אז עמעצער יאָגט זיי. דאָס געפינ איכ זיכ אנטקעגנ דעמ טויער פונ געטאָ. פונ דאָרטנ טרײַבט מענ איצט די לעצטע ייִדנ. איכ הער א קינדערשע שטימ: „אוי מאמע, העלפ! מע שלאָגט מיכ!“ די מאמע פרוווט נאָכ אירע קויכעס אונ רײַסט זיכ צומ קינד. טויבע קלעפ פונ ביקסנ פאלנ איבער פלייצעס.

איכ קריכ ארופ אפ די טרעפלעכ ביז אינטערנ דעק. איבער מײַנ קאָפּ טאָפּטשענ סאָלדאטישע שטיוול. עס טיילט מיכ אָפּ פונ זיי בלויז צוואנציק סאנטימעטער. אָט גייט א פרוי מיט א גרויסנ פאק אפ די פלייצעס. א קליינ מיידעלע שפּארט אונטער דעמ פאק. איכ זע א גרויע פארבלוטיקטע באָרד. איכ דערקענ דעמ מענטשנ. ער איז געווענ מײַנער א שאָכנ אינ געטאָ. אונ אָט גייענ יונגע מענער מיט געבונדענע הענט.

אווטאָס שטעלנ זיכ אָפּ. זיי ווערנ אָנגעפילט מיט די אײַנוווינער פונ געטאָ. דאָס פירט מענ צומ טויט.

...שוינ דעמ פינפטנ טאָג, ווי מיר וואָגלענ אינ די קאנאלנ. נעכטנ איז, קענטיק, געווענ א רעגנ. עס האָט א שפּאר געטאָנ א שטארקער שטראָמ. אפ זאוואלנע גאס האָט אונדז דער שטראָמ אזא ריס געטאָנ, אז מיר האָבנ אפ אימ געשווומענ, גלײַכ ווי מיר וואָלטנ געפאָרנ אפ מאָטאָציקלענ. א נעס, וואָס אפ טראָקער גאס האָב איכ זיכ אָנגעכאפּט אָנ דעמ אָפּצווײַג פונ דער רער, אניט וואָלט איכ פארטראָגנ געוואָרנ צו אלדי רוכעס. פונ מײַנע ציינער איז ארויסגעפאלנ דאָס זעקל ברויט. נאָר אפ מאָרגנ האָט עס מענדל געפונענ בא דער גראטע לעבנ טײַכ“.

* * *

ווען די רויטע ארמיי האָט ארומגערינגלט די דײַטשן אין ווילנע און פאר יעדער גאס איז פאָרגעקומען א 'שלאכט, זײַנען די קאנאל-מענטשן ארומגעלאָפן אין די קאנאלן און ארויסגעקוקט דורך די גראטעס, וואָס אזוינס עס טוט זיך אין שטאָט, ווו זײַנען זיי, בא די דײַטשן צי בא דער רויטער ארמיי? האָט מען דערזען אף דער גאס א רויטארמייער, — א סימן, אז די גאס איז שוין באפרײַט, — האָבן די יונגען אין די קאנאלן געשריִען צו זייערע ווײַטע כאווײרים:

— לויפט אוועק פון דײַטשלאנד און קומט אהער! אף אונדזער גאס אויבן איז שוין ניטאָ היטלער!

און מע איז ארויס דורך די גראטעס אף א באפרײַטער גאס, קעדיי מיטצוהעלפן אין באפרײַען אויך אנדערע גאסן.

## קיטעל

קיטעל איז אן ארטיסט. א זינגער. ער האָט געענדיקט א טעא-טער-שול אין בערלין און א מאָרד-שול אין פראנקפורט. די לידעס פון דיביידע שולן האָט ער „הארמאָניש" פארייניקט. יעדער זונטיק פלעגט ער אופטרעטן אין ווילנער ראדיאָ. ער פלעגט שפילן אף א זילבערנעם סאקסאָפאָן און צוזינגען לידלעך. קיטעל איז נאָך יונג. געבוירן אין 1922. ער איז דער יינגסטער פון זײַנע אלע קאָלעגן און, מע מוז צוגעבן, פון אלע דער פלינקסטער.

ווען עס איז באשטימט געווען ענדגילטיק צו ליקווידירן די ווילנער געטאָ, האָט נויגעבויער פארטרויט דעם קאָוועד ניט קיין אנ-דערן ווי קיטעלן. אף ווײַסן האָט ער זיך מוירע געהאט צו פאר-לאָזן. ווײַס איז בלויז א מײַדים דעמלט, ווען מע שטעלט זיך ניט אנטקעגן, צָבער וויסנדיק, אז אין געטאָ איז פאראן א פארטיזאנישע אָרגאניזאציע, האָט נויגעבויער זיך פארלאָזן נאָר אף קיטעלן, וועמענס רום אין אויסמאָרדן יידן האָט דערגרייכט אהער פון הונדערטער קי-לאָמעטער — פון ריגע און טאלין, לאָדזש און ווארשע.

אפן ערשטן אָנבליק איז זיך ניט פאָרצושטעלן, אז קיטעל איז קיטעל. ראק ער שמייכלט. זײַנע ווײַסע ציין בלענדן אזש פונוויײַטן. עטענדיק טראָגט זיך פון אים א רייעך פון פארפום. ער איז עלע-גאנט און העפלעך, מאָדערן און דערצויגן. ווען ער לאָזט זיך ער-געץ אף דער פראָווינץ דורכצופירן א שכיטע, נעמט ער מיט דעם סאקסאָפאָן...

ווי נאָר ער איז געקומען אין ווילנע, האָט מען גלייַך דער־קענט זייַן אייגנאַרטיקן סטיל. ווייַס האָט זיך פאַרשעמט: ער דאַרף זיך נאָך לערנען... ער האָט דעמלט קיטעלן איבערגעגעבן די שליסלען פון פאָנאַר און איז אַף די עלטערע יאָרן געוואָרן זייַן טאַלמיד.

אַפן ערשטן דעביוט איז קיטעל אַוועקגעפאָרן מיט ווייַסן צום יִדישן אַרבעטסלאַגער אין בעזדאַן, איז אַרייַן אין קאַנצעליאַריע און גערופן דעם יִדישן שערער, ער זאָל קיטעלן ראַזירן.

געענדיקט ראַזירן זיך, האָט קיטעל טראַקטירט דעם שערער מיט אַ פּאַפּיראָס. דערבייַ האָט ער העפלעך אַ פרעג געטאָן:

— פייַער דאַרפסטו?

— יאָ, — האָט אָפּגעענטפערט דער ייִד און צוגעטראָגן דעם קלִיענט דעם פּאַפּיראָס.

קיטעל האָט אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער:

— נאַ דיר פייַער!

און אים אַפן אָרט דערשאָסן.

דער שאָס איז גלייַכצייַטיק געווען אַ סיגנאַל פאַר ווייַסן מיט זייַן האָרדע אָנצוהייבן די שכיטע.

בייַם דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ האָט קיטעל באַפוילן זייַנע מעשאָרסים, מע זאָל אים אַרויסטראָגן אַן דרויסן אַ פּיאַנע. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און גענומען שפּילן. אין דער זעלבער צייַט האָבן כאַפּונעס אַנטדעקט אַ מאַלינע און אַרויסגעפירט פון דאָרט אַ ייִדישן באָכער. דער באָכער האָט געוויינט, זיך געבעטן, מע זאָל אים לאָזן לעבן. דערזעענדיק בא דער פּיאַנע קיטעלן, איז ער צוגעפאַלן צו אים. קיטעל האָט אַרויסגעצויגן זייַן רעוואָלווער, און ווען איינ האַנט האָט געשאָסן אין דעם באָכער, האָט זייַן צווייטע ניט אויפגעהערט צו שפּילן.

* * *

ווען די געטאָ איז שוין געווען ליקווידירט, און אין שטאָט זייַנען איבערגעבליבן בלויז צוויי קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיט אַ דרייַ טויזנט ייִדן „פּאַכמענער", האָט קיטעל, שפּאַצירנדיק איינמאָל מיט אַ פרייַלן איבערן שטאָט, באַמערקט אַף דער אַנדער זייַט טראָטואַר אַן עלטער פּאָרפאָלק מיט אַ קליין קינד. ער האָט דערקענט, אַז דאָס זייַנען ייִדן. ער האָט זיי פאַרהאַלטן און אַוועקגעפירט אין קאָנצענ־טראַציע־לאַגער ה. ק. פּ. אַף סובאָטש־גאַס. דערוווּסט זיך, אַז

ביז איצטער האָבן זיי צוזאמענ מיטן קינד זיך אויסבאהאלטן אין א מאלינע, האָט קיטעל צונויפגערופן די ייִדן און געהייסן זיי אויסבויען אַפן הויף א טליִע. אין צווישנצײַט האָט ער אָנגעקלונגען אין געסטאפּאָ און ארויסגערופן זעכציק מערדער.

ווען די טליִע איז שוין געווען פארטיק און דער הויף איז פול געווען מיט עסעס-לײַט, וואָס האָבן ארומגערינגלט די געפאנגענע, האָט קיטעל צוגערופן צו דער טליִע די פרוי, איר קינד און איר מאן (זייער פאמיליע איז זאלקינד) און האָט גערעדט אזוי:

— דערפאר ווײַל איר האָט ניט געהערט מײַן באַפעל און זיך באהאלטן אין שטאָט אין דער צײַט, וואָס איך האָב דײַטלעך אָנגעזאָגט, אז אלע ייִדן פון געטאָ מוזן פאָרן קיין עסטלאנד, וועט מען אײַך דאָ אופהענגען פאַר אלעמען אין די אויגן.

קיטעל איז אליין צו, האָט אויסגעפרוווט די שטריק, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די פראָצעדור פון הענגען. צוערשט האָט מען געהאנגען דאָס קינד. שפּעטער זײַן מאמען. ווען די פּעטליע האָט זיך פארצויגן אַפ זאלקינדס האלדז, האָט זיך די שטריק איבערגעריסן. זאלקינד איז אראָפּגעפאלן אַפּ דער ערד. ער האָט זיך בא קיטעלן געבעטן:

— לאָז מיך לעבן. עס פירט זיך דאָך, אז א שטריק רײַסט זיך איבער, הענגט מען שוין ניט דעם קאָרבן קיין צווייטן מאָל.

קיטעל האָט זיך פאנאנדערגעלאכט און געהייסן פארבינדן די פּעטליע. נאָר ווען זאלקינד איז געהאנגען צום צווייטן מאָל, האָט זיך ווידער איבערגעריסן די שטריק, און דער געהאנגענער האָט אויך איצטער געפרוווט אויסנוצן דעם גופאל:

— לאָז מיך לעבן! זעסט דאָך, די שטריק האָט געפּלאצט צום צווייטן מאָל. די שטריק אליין וויל, איך זאָל לעבן...

נאָר קיטעלן האָט עס בלויז געווײַלט.

— קענסט זיך אָנרײַסן הונדערט מאָל! — האָט ער געשריִען צו דעם קאָרבן און האָט א וואָרף געטאָן פארן טאליען א נײַע שטריק.

ווען זאלקינד איז שוין געווען טויט, האָט קיטעל באפוילן אלע ייִדן זיך אויסשטעלן און אָפּציילן וועדליק דער ריי. די ערשטע פופציק האָט ער אָפּגעטיילט באזונדער, ארומגערינגלט מיט זײַן באוואָפנטער האָרדע און געהאלטן פאר אלעמען א דראָשע:

— דאָס וועט זײַן פאר אײַך אן אָנלערנונג מער ניט צו אנטלויפן. אויב איך וועל א צווייט מאָל כאפּן אין שטאָט א ייִד, וועט עס אײַך קאָסטן דאָפּלט.

און ער האָט די אָפּגעציילטע פּיפּציק אַרײַנגעשלײַדערט אין דער „שוואַרצער וואָראָנע". דער נײַן-און־פּערציקסטער איז געווען דער באַקאַנטער ייִדישער דיכטער כאַיִם סעמיאַטיצקי.

* * *

יאַנקל זאַלמאַנאָוויטש, אַ שילער פֿון ייִדישן טעכניקום, האָט מיר דערציילט:

„פֿון סעפּטעמבער 1943 ביזן ערשטן יאַנואַר 1944 זײַנען מיר דרײַסיק ייִדן געלעגן אין אַ מאַלינע אױף גלעזער-גאַס 6. די מאַלינע איז געווען אַ גאָלד, און קיינער וואָלט זי ניט אױפֿגעדעקן. עטלעכע פּאָר אונדזער געצאָלט פֿלעגן מיר באַקומען פֿון דער וועכטערן. איך בין זיכער, אַז אין אונדזער מאַלינע וואָלטן מיר איבערגעלעבט די מיל־כאָמע. מאַכט זיך אָבער אַ מעשׂה: עס שטאַרבט בײַ אונדז אין מאַ־לינע אַן אַלטער ייִד, רעב טעוול אײַזנשטאַט, אַ געוועזענער ווילנער סויכער. קיין רידל האָבן מיר ניט געהאַט. די ערד איז געווען אָנ־געפּרוירן, און מיר האָבן ניט געוווּסט וויאַזוי אים מעקאַבער צו זײַן. צוויי מעסלעס האָבן מיר געגראָבן מיט די הענט. עס האָט זיך אָבער גאָרניט באַקומען. דעמאָלט האָבן מיר באַשלאָסן, אַז איינער פֿון אונדז זאָל אַרויסגיין פֿון מאַלינע און אַרײַנברענגען אַ רידל.

פֿון דער מאַלינע איז אַרויס שטיינהאָלץ. אויבן בײַ דער וועכטערן איז גראָד דענסטמאָל פֿאָרגעקומען אַ רעוויזיע. און ווי נאָר שטיינהאָלץ האָט זיך פֿגעעפֿנט די קלאַפּע פֿון אונדזער קעלער, האָט אים באַמערקט אַן אַגענט. דעמאָלט איז געקומען געסטאַפּאָ, און מע האָט אונדז אַלעמען אַרויסגעפּידט פֿון קעלער. דעם טויטן האָבן מיר געמוזט מיטנעמען.

עס האָט ניט געדויערט קיין צען מינוט, און מיר זײַנען גע־ווען שוין אין פּאָנאַר. דאָ איז מײַן סאָף, טראַכט איך. עס האָט זיך געעפֿנט דער אַווטאָ, און קיטעל (איך האָב אים דערקענט פֿון זײַן קומען אין געטאָ) האָט אונדז באַפֿוילן אַרויסצוגיין.

מיר האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה און אויסגעפֿירט זײַן באַפֿעל. ער צוזאַמען מיט אַ צען באַוואָפֿנטע האָבן אונדז אַרײַנגע־פֿירט אין אַ פֿאַרשנייטער גרוב און געהייסן זיך אויסטאָן. עס איז געווען אַ פּראָסט. אַ ווינט האָט געשניטן. און אַנטקעגן, פֿון דער אַנדער זײַט גרוב, האָט געפֿלאַקערט אַ שײַטערהויפֿן (שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָרט האָט מען געברענט די מײסים).

ווען מיר זײַנען געווען שוין נאַקעט, האָט קיטעל באַפֿוילן זיך אַוועקלייגן אין שניי, און מיט די הענט צודעקן די אויגן. ווי לאַנג

מיר זײַנען אזוי געלעגן, ווייס איך ניט. איך האָב געבעטן גאָט, עס זאָל וואָס גיכער שוין אָנקומען די קויל. נאָר קיינער האָט ניט געשאָסן. איך האָב בלויז געהערט, ווי קיטעל רעדט צו זײַנע כאַווײרים, און דורך די פינגער געזען, ווי מע כליאָבעט בראַנפן.

ווען איך האָב דערפילט, ווי מײַנע פיס ווערן פאַרפראָרן, האָב איך אַלץ פאַרגעסן און געפרוווט זיך שטעלן. קיטעל איז צוגעלאָפן מיטן רעוואָלווער צו׳ן געטאָן א געשריי:

— וווּהין גייסטו?

— מיר איז קאַלט, — האָב איך גערעדט האַלב מעשוגע, — מיר איז קאַלט, איך גיי זיך וואַרעמען...

קיטעל האָט מיך א ווײַל אָנגעקוקט און געזאָגט: „דיר איז קאַלט? נו גוט, טו זיך אָן, איך וועל דיך לאָזן פרײַ“... איך האָב געמיינט, אז דאָס זאָגט ער גלאַט אזוי, ער וויל זיך רייצן. נאָר ווען איך האָב זיך אָנגעטאָן, האָט ער באַפוילן א שיסער מיך אַרויספירן דורכן טויער... ביז איצט פאַרשטיי איך ניט, פאַרוואָס קיטעל האָט דאָס געטאָן. מיסטאָמע — פון שיקרעס.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט ער אַלע ייִדן פון דער מאַלינע פאַרפרוירן צום טויט. צווישן די פאַרפרוירענע איז געווען אויך מײַן טאַטע“.

# די פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע

## דער ערשטער אופרוף

נאָך דער שכיטע פון די „געלע שײַנען" האָבן זיך צונויפגעטראָפן די דרײַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי-טוער איציק וויטענבערג, בערל שערעשניעווסקי, כיענע באָראָווסקי און זיי האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אין געטאָ אַן אָרגאַניזאַציע פון ווידערשטאַנד. דאָ איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. אין דעם שפּעטער-געשאַפענעם ראַיאָן־קאָמיטעט אין געטאָ זײַנען אַרײַן: בערל שערעשניעווסקי (סעקרעטאַר), ראָזע שערעשניעווסקי, כיענע באָראָווסקי, סאָניע מאַדייסקער, שיינע לונסקי און יאַנקל קאַפּלאַן. נאָך דעם, ווי בערל שערעשניעווסקי איז אַוועק אין וואַלד, איז דער סעקרעטאַר געוואָרן קאַפּלאַן.

דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי-קאָמיטעט אין געטאָ האָט געזוכט און געפונען אַ פאַרבינדונג מיט די פאָרשטייער פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זײַנען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַקטיוון קאַמף.

אָט איז דער ערשטער אופרוף פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע (פ. פּ. אָ.):

„לאָמיר ניט גיין ווי שאָף צו דער שכיטע!

יידישע יוגנט, גלייב ניט די פאַרפירער. פון די אַכציק טויזנט יידן אין ירושלים-דליטא איז געבליבן נאָר צוואַנציק. פאַר אונדזערע אויגן האָט מען אוועקגעריסן די עלטערן, ברידער און שוועסטער. ווו זײַנען די הונדערטער מענער, געכאַפּטע אויף אַרבעט דורך דער שטאָטישער פּאָליציי? ווו זײַנען די נאַקעטע פרויען און קינדער, אַרויסגעפירטע אין גרויליקער נאַכט פון דער פּראָוואָקאַציע? ווו זײַנען די יידן די געכאַפּטע אום יאָמקיפּער? און ווו זײַנען אונדזערע ברידער פון דער צווייטער געטאָ? וועמען מע האָט אַרויסגעפירט פון געטאָ, דער וועט זיך מער ניט אומקערן, ווײַל אַלע וועגן פון געסטאַפּאָ פירן קיין פּאָנאַר. און פּאָנאַר איז טויט!

רײַסט אַראָפּ די אילוזיע פון פאַרצווייפלטע: אײַערע קינדער, פרויען און מענער זײַנען ניטאָ! פּאָנאַר איז ניט קיין לאַגער. מע האָט זיי אַלעמען דערשאָסן. עס האָט היטלער פאַרטראַכט אַ סיסטעם אומצוברענגען אַלע יידן אין אייראָפּע. אויף אונדז איז אויסגעפאַלן די ערשטע ריי.

לאָמיר ניט גיין ווי שאָף צו דער שכיטע! עמעס, מיר זײַנען

שוואַך און האָבן קיין הילף ניט, אָבער דער איינציקער ווירדיקער ענטפער אונדזער סוינע — איז ווידערשטאַנד!

ברידער! בעסער פאַלן ווי פרייע קעמפער, איידער לעבן אין דעם מערדערס גנאָד. זיך קעגנשטעלן ביזן לעצטן אָטעם!

ערשטער יאַנוואַר 1942. ווילנע, אין געטאָ.*

עס איז געווען נאָך די מאַסן-שחיטעס איןביידע געטאָס. אַפ דער פאַרזאַמלונג, וווּ עס איז געלייענט געוואָרן דער אויפרוף, איז אויך באַטראַכט געוואָרן דאָס איידעס זאָגן פון דער לערערן טעמע קאַץ, וואָס ניט לאַנג איז זי אַנטלאָפן פון אַ פּאָנאַרער גרוב. מיט קוילן אין לייב האָט זי באַנאַכט זיך אַרויסגעשאַרט פון קייווער און אַ האַלב-נאַקעטע זיך אַריינגעבאַקומען אין געטאָ. די, וואָס האָבן זיך אויפגעקליבן צו גרייטן אַ ווידערשטאַנד, האָבן, אייגנטלעך, ניט געדאַרפט קיין איידעס. וועגן פּאָנאַר האָבן זיי געוווּסט. מע האָט בעקיוון אָבער אַריינגעפירט די פאַרבלוטיקטע לערערן, וועלכע איז אַגעוו אַלעמען באַקאַנט געווען ווי אַ באַוווּסטזיניקער קאָמפּערישער מענטש, קעדיי איר בייזיין זאָל נאָך מער פאַרשטאַרקן די געפילן און דעם דאָרשט צו נעקאָמע.

שוין דעמאָלט, ווען די געטאָ-געסלעך האָבן אָנגעהויבן אָפּגיין מיט בלוט און נויגעבויערס קאַבינעט אין געסטאַפּאָ האָט געפרוווט מיט אַלע מיטלען צו פאַרטומלען און מאָראַליש צעברעכן די יידישע באַפעלקערונג, שוין דעמאָלט האָבן סטיכיש זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן באַזונדערע גרופּירונגען, מיטן ציל אַרויסצושטעלן אַ פייסט קעגן דעם סוינעס פאַרמעסטונג.

דעם 24-טן דעקאַבער 1941, בייס דער שחיטע פון די „ראָזע שיינען", איז פאָרגעקומען דער ערשטער אַקט פון אַקטיוון ווידערשטאַנד.

אַפ שפּיטאָל-גאַס 11 האָבן זיך אין אַ קעלער באַהאַלטן צוואַנציק מענטשן. פּאָליציי איז אַרומגעלאָפן מיט העק און שפּירהינט, האָט געפונען די מאַלינע און באַפוילן די צוואַנציק: זיי זאָלן געשווינד אַרויסגיין. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט און געבליבן אינווייניק. שווייַנענבערג מיט דער באַנדע פּאָליציי האָט זיך אַריינגעריסן אין קעלער, און צילנדיק אין די יידן מיט זיין אויטאָמאַטיש געווער, האָט ער באַפוילן זיי טייקעף אַרויסצוקריכן אַפן הויף. ווי אַן ענטפער אַפ דעם טאַליענס פאָדערונג, האָבן צוויי יוגנטלעכע, הויז און גאָלדשטיין, מיט די הילע פויסטן זיך אַ וואָרף געטאָן אַפ די מערדער. הויז האָט מיטגעריסן די אַנדערע: „יידן! גייט ניט אַרויס

פון דער מאלינע! ווארפט זיך אף די מערדער!" אין דער טונקל-
קייט פון קעלער האָט א שניט געטאָן פייער. פלייש און ביין האָט
זיך געראנגלט קעגן ביקסן. אין געראנגל האָבן אויך אָנטייל
גענומען די שפירהינט. שווינענבערג איז ארויסגעלאָפן צום טויער
און געבראכט הילף.

די צוואנציק זיינען העלדיש אומגעקומען. אָבער זייער קאָוועד
האָבן זיי אויסגעקויפט מיט עטלעכע שווער פארוואונדעטע, צעקאליע-
טשעטע פאָליציאנטן. אף מאָרגן, ווען די מאכנעס יידן האָבן זיך צו-
ריקגעקערט אין געטאָ, האָבן זיי געפונען אויסגעקלעפט אף די ווענט:
„קאָוועד די קדושים הויז און גאָלדשטיין! קאָוועד די געפאלענע!".

* * *

דעם 23־טן יאנוואר 1942 איז אף א זיצונג פון פארטייען-פאָר-
שטייער אין א פארבאָרגענעם בוידעמל אף רודניצקער 6 געלייגט גע-
וואָרן דער גרונטשטיין פאר
דער שפעטערדיקער פארטי-
זאנישער אָרגאניזאציע אין
געטאָ. אף דער זיצונג זיינען
ביי־געווען: איציק וויטענבערג,
אבע קאָוונער, יויסעף גלאזמאן,
כיענע באָראָווסקי, ניסן רעזי-
ניק און דער געוועזענער
מאיאָר אין דער פוילישער
ארמיי פרוכט. נאָכן ארומריידן
די גרונט-יעכוידעס פון דער
אָרגאניזאציע איז אויסגע-
קליבן געוואָרן א שטאב פון
דריי מענטשן: איציק וויטענ-
בערג (פסעוודאָנים לעאָן) —
קאָמאנדיר; אבע קאָוונער
(פסעוודאָנים — אורי),
יויסעף גלאזמאן (פסעוודאָ-
נים — אבראם) — מיטגלידער
פון שטאב. שפעטער זיינען



איציק וויטענבערג — קאָמאנדיר פון דער פאר-
טיזאנישער אָרגאניזאציע. געצייכנט פון נ. באָראָווסקי.

צוגעקומענ צום שטאב ניסנ רעזניק, אווראָמ כוואָיניק, יאנקל קאפלאנ און זיסקאָוויטש.

דער ציל פונ דער פאראייניקטער פארטיזאנישער אָרגאניזאציע (דאָס וואָרט „פאראייניקטע" האָט מענ צוגעגעבנ דערפאר, ווייל די אָרגאניזאציע האָט פאראייניקט אינ זיכ אלע פארטייענ) איז געווענ: צוגרייטנ א באוואָפנטנ ווידערשטאנד אינ געטאָ, קעדיי צו פארטיי-דיקנ דעמ קאָוועד און די לעבנס פונ דער געבליבענער יידישער בא-פעלקערונג; דורכפירנ סאבאָטאַזש און דיווערסיע אינ די דייטשישע ווארשטאטנ און אונטערנעמונגענ; פארבינדנ זיכ מיט דער פארטיזא-נער-באוועגונג אינ וואלד.

מע האָט אָנגעהויבנ אריינצוברענגענ געווער און צו ווערבירנ קעמפער. א קעמפער פונ פ. פ. אָ. האָט געקענט זיינ בלויז א גוט אויסגעפרוּווטער יוגנטלעכער, פאר וועמענ עס איז אָרעוו זיינ פארטיי. דער שטאב האָט ארויסגעגעבנ א קאמפס-רעגלאמענט פאר די ערשטע קעמפער:

די אָרגאניזאציע איז געבויט אפ דורכויס מיליטערישע פרינציפנ.

דער קלענסטער קאמפ-איינס איז א פינפטל. עס הייסט: פיר קעמפער און א גרופנ-קאָמאנדיר. פיר גרופנ שאפנ אנ אָפטייל מיט אנ אָפטייל-קאָמאנדיר בעראָש. די גאנצע אָרגאניזאציע איז פאנאנדער-געטיילט אינ צוויי באטאליאָנענ.

די ערשטע גרופנ-קאָמאנדירנ זיינענ געווענ: עדעק באָראקס (דער שפעטערדיקער אָרגאניזירער פונ פ. פ. אָ. אינ ביאליסטאָק, ווו ער איז געפאלנ אינ קאמפ) און ייִצכאָק מאצקעוויטש (געפאלנ באמ דורכ-רייסנ זיכ מיט געווער דורכ דער געטאָ). באָרעכ גאָלדשטיינ, סאָניע מאדייסקער און שמועל קאפלינסקי זיינענ פונ די ערשטע אָפטייל-קאָמאנדירנ. אבע קאָוונער און יוסעפ גלאזמאנ — באטאליאָנ-קאָמאנדירנ.

עס האָבנ זיכ אויסגעפורעמט בא דער אָרגאניזאציע באזונדערע קאמפס-גרופנ: גראנאטנ-ווארפער, דיווערסאנטנ, מינענ-לייגער, קוילנ-ווארפלער און אנ אויסשפיר-גרופע. אינ קאמפס-רעגלאמענט איז גע-זאָגט געווענ וועגנ מאָביליזאציע פונ די פארטיזאנער אינ דער צייט פונ א פלוצלינגדיקער סאקאָנע. עס זיינענ באשטימט געוואָרנ די האנד-לונג-אויפאנימ, בייס געסטאפאָ וועט אָנפאלנ. דער רעגלאמענט האָט אופגעקלערט די יעסוידעס פונ א קאמפ אינ געטאָ. אינ א באזונדערנ פאראגראפ איז פאָרמולירט געוואָרנ די אופגאבע פונ דעמ יידישנ דיווערסאנט. יעדער קעמפער איז מעכויעוו אָפצוגעבנ זיינ קאָמאנדיר א באריכט וועגנ דער טעגלעכער סאבאָטאַזש- און דיווערסיע-טוונג

אין די דײַטשישע אונטערנעמונגען, ווו ער איז געצוווּנגען צו אר־בעטן.

דער כאראָל „ליזע רופט“ (ליזע — דער נאָמען פון א געפאלענער

א פאָליטישער ביולעטען פונעם געהיימען געטאָ־ראדיאָ.

העלדן) איז דער סיגנאל פון טייקעפדיקער מאָביליזירונג. דערהערנ־דיק דעם רוף, דארף יעדער קעמפער זיך שטעלן אפן אָנגעמערקטן פאָסטן און מיטרײַסן די אומאָרגאניזירטע אײַנוווינער אין דעם באַ־שטימטן פונקט. קעדיי די באזונדערע קאמפס־גרופן זאָלן זיך דער־

קענענ אינ דער צײַט פונ דעם אופשטאנד, איז צוגעגרייט געוואָרנ באזונדערע אָפצייכנס: רויטע דרײַעקיקע בלעכלעכ.

* * *

קעדיי ניט צו זײַנ אָפגעריסנ פונ דער וועלט, האָט די פּארטי-זאַנער-אָרגאניזאציע אינ געטאָ, אפ קארמעליטנ 3, אינסטאלירט א געהיימענ ראדיאָ-אפּאראט. יעדער אָוונט האָט מענ געדרוקט אונ צע-טיילט פאר די פּארטיזאנער א פּאָליטישנ ביולעטענ. די פּארטיזאנער, שלנגענדיק די ווערטער פונ ביולעטענ, זײַנענ באפליגלט געוואָרנ מיט מוט אונ גוווּרע. אינ דער זעלבער הייל איז אויכ געמאכט געוואָרנ א פּרווו אופצושטעלנ א טראנסליר-סטאנציע אפ צו דערציילנ דער וועלט וועגנ די דײַטשישע רעציכעס.

## געווער

בערעכ גאָלדשטיינ — דאָס איז דער נאָמענ פונ דעם, וואָס האָט אינ געטאָ ארײַנגעטראָגנ פאר דער אָרגאניזאציע דעם ערשטנ פּיס-טויל. עס איז געווענ סאָפ יאנוואר 1942. בערעכנ האָט מענ צוגלײַכ מיט אכציק ייִדנ אוועקגעשלעפּט אפ צוואנגס-ארבעט אינ דײַטשישנ אמוניציע-לאגער בורבישאָק. אונטער א שטארקער שמירע פונ עסעס האָט ער געשלעפּט באָמבעס אונ געלאָדעוועט וואגאָנעס. מיטיק-צײַט פלעגט מענ א האלב שאָ רוענ. די ייִדישע ארבעטער פלעגנ דאנ אומבאמערקט פאר דער וואכ דורכקריכנ דורכ די דראָטענע צוימענ אונ אײַנקויפנ בא די ארומיקע פויערים עסנווארג אפ ארײַנצושמוגלענ אינ געטאָ. בערעכ האָט געזוכט עפּעס אנדערש — געווער אונ קוילנ פאר דער אָרגאניזאציע. עס איז אימ אײַנגעפאלנ א פּלאנ: ער האָט זיכ ארומגעוויקלט די לינקע האנט מיט א טוכ, קלוימערשט זי איז געשוואָלנ, אונ צוויי טעג אזוי געגאנגענ צו דער ארבעט — די זשאנ-דארמענ באמ געטאָ-טויער אונ די עסעס אינ בורבישאָק זאָל זיכ עס ווארפנ אינ די אויגנ. אפנ דריטנ טאָג, ווענ זײַנע מיטארבעטער האָבנ זיכ ארומגעוויקלט מיט א „קאָמפּרעס" מעל, האָט בערעכ ארײַנגע-בונדנ אינ זײַנ „געשוואָלענער" האנט א פּיסטאָלעט, וועלכנ ער האָט געהאט ארויסגעגאנוועט פונ א בונקער, אונ האָט אזוי אוועקגעשפּאנט צו דער געטאָ. באמ טויער האָט דעמלט גראָד קאָנטראָלירט דער „מײַסטער" — א ספּעציעלער טאפּער פונ געסטאפּאָ, וואָס זײַנ אופגאבע איז צו ארעסטירנ יעדערנ פאר ווענ ארײַנטראָגנ דורכנ טויער עסנווארג.

דער מײַסטער האָט א שפרונג געטאָן אפּ באָרעכן און גענומען אים
באטאפּן, נישטערן זײַנע קליידער. ווען ער האָט זיך אָנגערירט אָן
באָרעכס „געשוואָלענער" האנט, האָט באָרעך אָנגעהויבן צו שרײַען פון
ווייטעק. דער מײַסטער האָט מער ניט געזוכט.

פון דעמלט גייט ניט אריבער קיין טאָג, אז גאָלדשטיין זאָל ניט
ארײַנטראָגן קיין געווער.

אין מעשעך פון גאָר א קורצער צײַט האָבן די קעמפער פון דער
פ. פ. אָ. מיט גרויס מעסירעסנעפעש ארויסגעטראָגן פון דײַטשישע
בונקערס און פארפלאָמבירטע וואגאָנעס: פינף קוילנווארפערס, פופציק
גראנאטן, ארום דרײַסיק רעוואָלווערן, עטלעכע ביקסן און טויזנטער
קוילן.

כאָטש דאָס דורכטראָגן געווער דורכן באוואכטן טויער איז גע-
ווען ריזיקאליש פארן טרעגער און פאר דער געטאָ, האָט מען דאָך
מיט אלערליי שפיצלעך זיך געגעבן אן אייצע: דאָס געווער איז
ארײַנגעשוווּמען אומבאמערקט: אונטער א טאָפּל-דעק פון א קעסטל
מיט געצײַג, אין פארבאָרגענע קעשענעס, אין א לאבן ברויט, אין
אן אָרן פאר מייסים, וואָס פלעגט ארויספאָרן מיט א מעס און ארײַנ-
פאָרן מיט א ביקס.

אין מײַ 1942 האָט דער אָפּטייל-קאָמאנדיר שמועל קאפלינסקי,
צוזאמען מיטן קעמפער מאטעס לעווין, זיך אָנגעטאָן אין קליידער ווי
שטאָטישע קאנאליזאציע-ארבעטער, ארײַן אין שטאָט-פארוואלטונג און
ארויסגעגאנוועט די רויטע סיגנאל-צייכנס, וואָס מע שטעלט אפּ די
וועגן. אינמיטן סטעפן-גאס, קעגן באוואכטן טויער, האָבן זיי אויפ-
געשטעלט די רויטע סיגנאלן און אָפּגעהאלטן די באוועגונג. דעמלט
האָט קאפלינסקי אופגעהויבן די קאנאליזאציע-דעק און צוויי צוזאמענ-
געקלעפּטע מולטערס, אָנגעלאָדענע מיט געווער, ארײַנגעשטויסן אין
קאנאל. אין דער זעלבער נאכט האָבן עטלעכע אונדזערע יונגען, דורך
א געהיימער עפענונג פון ספּאָקאָיניס ווארשטאט אין געטאָ, זיך אראָפּ-
געלאָזט אין די קאנאלן, דערגרייכט סטעפן-גאס אונטער דער ערד
און אפּ א טאטשקע ארײַנגעפירט דורכן קאנאל דאָס געווער.

צו פערציק גראנאטן, וואָס האָבן ניט געהאט קיין צינדערס, האָט
דער זעלבער קאפלינסקי אליין אויסגעארבעט אין געטאָ אויסגעצייכנטע
צינדערס. אָנהייב סעפּטעמבער 1943 האָט מען די גראנאטן אויסגענוצט
קעגן די דײַטשן.

עס האָט זיך אײַנגעגעבן אונטערצוקויפן די זשאנדארמען באם
טויער. פאר צען טויזנט רובל זײַנען זיי מאסקים געווען ארײַנצו-

לאָזנ אינ געטאָ קארטאָפל אונ זאלצ פאר דער הונגעריקער באפעל-קערונג. אָנשטאָט זאלצ האָבנ די ברידער הירש אונ לייבל גאָרדאָנ ארײַנגעבראכט א זאק פולווער. פונ דעם דאָזיקנ אופרײַס-שטאָפ האָט מענ שפּעטער צוגעגרייט די ערשטע דיווערסיע. אויכ אכט הונדערט גראנאטנ האָט מענ אליינ אויסגעארבעט פונ עלעקטרישע לעמפּלעכ, אויכנוצנדיק צו דעם דעם געבראכטנ שטאָפ.

העלדישקײַט האָט אויכ ארויסגעוויזנ יִשׂראָעל פּילאָווסקי, דער פּארטיזאנער פונ גרופּע 3, ערשטער באטאליאָנ. בא א באקאנטנ שוסטער אפ ליפּוווקע פלעגט ער אײַנהאנדלענ געווער. איינמאָל, ווענ דער קעמפער האָט זיכ אומגעפּאנצערט דאָס לײַב מיט פּיסטוילנ, האָבנ צענדליקער געסטאפּאָווצעס זיכ ארײַנגעריסנ אינ דער דירע. פּילאָווסקי האָט זיכ אָבער ניט פארלאָרנ. ער האָט אויסגעבראָכנ א שויב אונ צוזאמענ מיטנ געווער אנטלאָפנ אינ געטאָ.

ניט ווינציקער ווי פארנ דרויסנ האָבנ די קעמפער זיכ געמוזט היטנ אינ געטאָ גופא. דער ברייטער אוילעם האָט וועגנ דער פּ. פּ. אָ. ניט געוווּסט אונ האָט ניט געטאָרט וויסנ. ווער ווייס, וואָס פאראטיפּנ עס האָבנ ארומגעוווימלט אינ געטאָ. באטאָג האָט זיכ ניט גע-מערקט קיינ סימנ. נאָר באנאכט, ווענ די באוועגונג אינ געטאָ פלעגט ווערנ אָפּגעהאקט, פלעגט זיכ אָנהייבנ די באוועגונג פונ געווער.

אינ אונטערערד, אונטער פּאָדלאָגעס, אינ היילנ, אינ קונציק קאָנסט-רויִרטע פּוסטע קלעצער האָבנ זיכ געפונענ די ארסענאלנ פונ פּ. פּ. אָ. ווי א סימנ פונ אײַנפאלערישקײַט איז קעדײַ צו דערמאָנענ די עמערס מיט די טאָפּלטע דעקנ, ווו עס זײַנענ געלעגנ פּיסטוילנ. די עמערס זײַנענ פול געווענ מיט וואסער אונ זײַנענ געשטאנענ פאר אלעמענ אינ די אויגנ אפ סטראשונ-גאס 12 אינ דער פאָלקס-קיכ.

אינ די היילנ אפ קארמעליטנ 3, אינ די קעלערנ אפ דײַטשישע 31 אונ אינ דער ביבליָאָטעק „מעפיצע-האסקאָלע“ אפ סטראשונ-גאס 6 פלעגנ פאָרקומענ מיליטערישע צוגרייטונגענ פאר באזונדערע גרופּנ. די לעקציעס האָבנ געפירט אינסטרוקטאָרנ, וואָס אינ צווישנצײַט האָבנ זיי אליינ שטודירט אונ פארפולקומט זייער מיליטערישע קענטעניש. וויטענבערג, וואָס אליינ האָט ער אינ מיליטער ניט געדינט, איז אינגיכנ געוואָרנ אנ אויסגעצייכנטער מיליטערמאנ, האָט זיכ גוט פארשטאנענ אפ קאָלעריי געווער אונ פלעגט האלטנ פאר די קאָמאנדירנ לעקציעס וועגנ דער סטראטעגיע פונ פּ. פּ. אָ. בייס אנ אָנפאל אפ דער געטאָ.

# זאלמענ טיקטינ

ער האָט געהערט צו דער ליטעראַרישער סעקציע פונ „יוגנט-קלוב". מיט א גרופּע יוגנטלעכע, מערסטנטייל שילער פונ דער מיטל-שול אינ געטאָ, האָב איכ געלערנט ליטעראַטור. אינ יענער צײַט האָבנ מיר געגרייט אינ געטאָ א ליטעראַרישע פײַערונג.

דער זעכצניעריקער זאלמענ טיקטינ, וואָס האָט פארלאָרנ זײַנ טאטע-מאמע בײַס דער ערשטער פּראָוואָקאציע, האָט ארויסגעוויזנ גרויס אינטערעס צו דער פײַערונג. פונ די בורבישקער בונקערס, ווו ער ארבעט באַם אריבערטראָגנ באָמבעס, האָט ער ארײַנגעטראָגנ צו דער פײַערונג א בוקעט בלומענ. ער האָט זיי געטראָגנ באהאלטנ, ווײַל פארנ ארײַנטראָגנ בלומענ באקומט מענ צוואנציק שמיץ.

די בלומענ זײַנענ ניט קיינ פּאָשעטע. זיי זײַנענ אויסגעוואקסנ אפנ קייווער פונ די צוויי ברידער גאָרדאָנ, וואָס א באָמבע האָט זיי צעריסנ אפּ שטיקער אינ א לאגער מיט אמוניציע, ווו זיי האָבנ גע-ארבעט. פונעם אופרײַס איז פארטיליקט געוואָרנ דער לאגער צוזאמענ מיט די ברידער. דער אָבער-לייטענאנט וואגנער, דער אופזעער אונ באלעבאָס פונ בורבישאָק, האָט געמיינט, אז דאָס איז א צופאל—ווע-האָראַיע: די יידנ זײַנענ אומגעקומענ. טיקטינ ווייס אָבער אפּ זיכער, אז דאָס איז ניט קיינ צופאל, ווײַל איינער פונ די אומגעקומענע ברידער האָט אים פארטרויט א סאָד, אז ער האָט באשלאָסנ אופצו-רײַסנ א דײַטשישנ לאגער מיט אמוניציע—מעג דאָס אפילע אים קאָסטנ דאָס לעבנ.

זאלמענ איז ארומגעגאנגענ צווישנ די קינדער, אונ זײַנ פּאָנעם האָט געשטראַלט. ניט בלויז צוליב די בלומענ אליינ איז ער געווענ צופרידנ: הײַנט האָט ער כוץ די בלומענ ארײַנגעטראָגנ אינ געטאָ פאר דער פארטיזאנישער אָרגאניזאציע צוועלפ אויסגעצייכנטע גראנאטנ!

אז טיקטינ איז אנ אייגענער, א פארטיזאנער, האָב איכ געוווסט. ער איז דער סאמע יינגסטער צווישנ די כאווירים. אז ער איז א מײַדים אינ ארויסגאנגענ געווער, האָבנ אויכ אנדערע געוווסט, נאָר אז דער זעכצניעריקער האָט פארטראַכט א פּלאנ אופצורײַסנ דעם בי-ניענ פונ געסטאַפּאָ—דאָס האָט ווינציק ווער געוווסט. זאלמענ האָט דאָס מיר איינמאָל דערציילט, ווענ מיר זײַנענ געגאנגענ צוזאמענ פונ א ליטעראַרישנ קרײַז.

ער האָט מיר גענוי דערציילט וועגנ זײַנ גרויכנ פּלאנ. אפנ הויפּ, ווו עס געפינט זיכ די געסטאַפּאָ, ארבעטנ יידנ. ארײַנקומענ אהינ איז גאָר ניט שווער. ער וועט זיכ צונויפריידנ מיט א יידנ, זײַנעם

א באקאנטן, וואָס ארבעט אפן הויף באם טראָגן שטיינער, און צוזאמען וועלן זיי אופרײַסן דעם ביניען.

— איר פארשטייט, סוצקעווער, סארא קלאפ דאָס וועט דערלאנגען. די גאַנצע שטאָט וועט זיך געבן א טרייסל!

איך האָב געראטן זאלמענען, אז אפ דער אייגענער האנט זאָל ער ניט דערוועגן זיך אזא זאך צו טאָן. ער געהערט צו דער אָרגאניזאציע, עס מוז זײַן א דיסציפלין. זאָל ער איבערגעבן זײַנע פּלענער דעם שטאב. טיקטין האָט זיך פאר מיר מודיע געווען, אז ער האָט שוין געבעטן א דערלויבעניש, און דער שטאב האָט עס דערווײַל אָפּגעוואָרפן; געהייסן אים זײַן געהיט און אפ דער אייגענער האנט גאָרניט מאכן. אָבער ער קען זיך ניט באַרויִקן. ער איז גרייט אפילע ארויסצוטרעטן פון דער אָרגאניזאציע, אבי דאָס זײַניקע אויסצופירן.

דאָס יינגל האָט געפיבערט. איך האָב געשפירט: עס וועט געשען מיט אים אן אומגליק. איך האָב אים געוואָרנט, ער זאָל ניט זײַן היציק. מע דארף שטארק אפ דער וואך זײַן באם קריגן די גראנאטן, ווײַל מע שטעלט אין סאקאָנע די צוואנציק טויזנט פארבליבענע יידן.

אפ מאָרגן, ווי אלע טאָג, גייט ער אוועק צו דער ארבעט. ווידער האָט מען געשלעפט די באָמבעס. דער אָבער־לייטענאנט וואגנער, דער באלעבאָס איבער בורבישאָק, האָט באפוילן די יידן אריבערצופירן אן אמוניציע־לאגער אפ אנטאָקאָל. עס דארף קומען אפ אן אינספעקציע א פּאָלקאָווניק, וויל אים וואגנער איבעראשן מיט זײַן אופטו: באווײַזן אים, אין וויפל ווײַטע פונקטן עס איז צוגעגרייט אמוניציע. וואגנער איז א כיטרער דײַטש. ער ווייס דעם וועג ווי צו פארטומלען די פּאָלקאָווניקעס. זײַן אייניציקער ציל — מע זאָל אים ניט שיקן אפן פראָנט.

אין אָוונט, פארן אהיים גיין, האָט טיקטין באמערקט, אז אפ די רעלסן איז אָנגעקומען א וואגאָן. אויב א וואגאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז א סימען, אז דאָרט איז פאראן אמוניציע. טיקטין האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער מאכנע, און שטיל, אומגעזען פון קיינעם, זיך צוגעגאנוועט צום וואגאָן. ער האָט ניט די ציינער איבערגעבים: די פּלאָמבע, ארײַן אין וואגאָן און זיך גענומען ארומקוקן. קיין גראנאטן זײַנען הײַנט ניטאָ. בלויז צינדערס און קוילנלענטנס. נאָר אויך דאָס איז וויכטיק. קיין ליידיקער וועט ער פון וואגאָן ניט ארויס. ער האָט זיך איומגעבונדן אונטער די הויזן מיט א שטריק און זיך גענומען אָנלאָדן. א פול אָנגעלאָדענער איז ער ארויס

צוריק, באוויזן נאָך צו פארמאכן די טיר פונעם וואגאָן און ארײַבער צו א דערבײַיקן וועלדל, נאָר דאָ האָט אים באמערקט דער פּיראָטעכניקער מיקאלאוסקאס. ער האָט געעפנט א פײַער, פארוווּנדעט זאלמענען, און עלף באוואָפנטע כײַעס האָבן זיך א וואָרף געטאָן אפן יינגל.

מע האָט זאלמענען ארײַנגעוואָרפן אין קארצער. וואגנער האָט אָנגעקלונגען אין געסטאפּאָ. אלע יידישע ארבעטער האָט ער דערווײַל געהאלטן אונטער דער וואך אפן אנטקעגנדיקן פּלאץ. פּלוצעם האָבן די יידן דערזען: דער קארצער, ווו עס איז געזעסן טיקטין, האָט זיך אופגעריסן, און זאלמען איז ארויסגעשפּרונגען, געשווינד זיך ארײַנגעריסן צווישן די דערבײַיקע קוסטעס און פון דאָרט זיך פארנומען צו די באן-ליניעס. געטראָפן פון זיבן קוילן, איז ער געפאלן אין גראָז.

עס איז געקומען קיטעל. דערזען, אז טיקטין לעבט נאָך, האָט אים קיטעל ארײַנגענומען אין זײַן אווטאָ און אוועקגעפירט אין טורמע-שפּיטאָל. יעדער טאָג פלעגט אים קיטעל באשטאטן מיט א וויזיט, ברענגען אים גוטע זאכן, שאָקאָלאד און פרעגן דערבײַ, פאר וועמען ער האָט געגאנוועט די געווער-טיילן. טיקטין האָט זיך ניט צוגערירט צו די בלוטיקע מאטאָנעס, ניט געענטפערט קיין וואָרט אף קיטעלס אלע פרעגענישן. א שוועסטער, וואָס האָט געארבעט אין דעם שפּיטאָל, האָט אונדז שפּעטער דערציילט, אז ווען קיטעל איז שטארק צוגעשטאנען, זאלמען זאָל זאָגן דעם עמעס, פאר וועמען ער האָט געגאנוועט די צינדערס פון די גראנאטן, האָט דער זעכצניעריקער געענטפערט:

— איך האָב זיי געגאנוועט פאר אײַך! ווײַל איר האָט דערמאָרדעט מײַנע עלטערן!

## פארבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט

אפן וועג ווילנע—ווילייקע, בא דער באן-סטאנציע ווילנער קאָלאָניע, געפינט זיך דער בענעדיקטינער מאָנאסטיר, ארומגערינגלט מיט א בעטאָנענעם פארקאן. פון קראָקע זײַנען אהין געקומען זיבן מאָנאשקעס און זיך דאָרט באזעצט. אין דעם דאָזיקן מאָנאסטיר האָט זיך פריער געהאט אויסבאהאלטן דער שטאב-ניטגליד אבע קאָוונער, נאָך דעם, ווי אים האָט זיך אײַנגעגעבן צו אנטלויפן פון טויט. די מאָנאשקע-מוטער,

אָדער ווי מע האָט זי דאָרט גערופֿן מאַטקאַ פּשיאָריסיאַ, האָט אים אַרײַנגענומען אין אַ באַזונדערן מיידערל און דאָרט אויסגעהיט.

די מוטער, אַ פֿרוי פֿון אַ יאָר פֿינף און דרײַסיק, איז אין דער יוגנט געווען אַ סאָציאַליסטן. זי האָט געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין קראָקע. צוליב אַ טראַגישער פּערזענלעכער איבערלעבונג האָט זי אַלץ איבערגעלאָזן און אַוועק אין מאָנאַסטיר און איז דאָ די מוטער פֿון זיבן שוועסטער.

ווען די רויטע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן פֿון ווילנע, האָט זי בא זיך אין צעלע אויסבאַהאַלטן אַ פֿאַרווונדעטן רויטאַרמייער און איז ניט אָפּגעגאַנגען פֿון אים, ביז ער האָט זיך אויסגעהיילט.

אַחוץ קאָוונערן האָט זי שפּעטער געהאַט אַרײַנגענומען אין מאָנאַסטיר נאָך ייִדן: קאָוונערס ברודער מיכאָעל (אַ קאָמאַנדיר פֿון מיניאָרן־גרופּע. געפֿאַלן אין קאַמף אין די קאַזיאַנער וועלדער), די 23־יאָריקע טײַבל געלבוים (אומגעקומען בײַם אַן אויסשפּיר-דינסט פֿון געטאָ צו אַ פּאַרטיזאַנישער באַזע). אַהער פֿלעגט אויך קומען עדעק באָראַקס, איינער פֿון די שפּעטערדיקע אָרגאַניזאַטאָרן פֿונעם געטאָ-אויפֿשטאַנד אין ביאַליסטאָק.

זייער אָפֿט פֿלעגט די געגנט אויפֿציטערן פֿון רעוויזיעס. אין קריטישע מאָמענטן פֿלעגט די מוטער אָנטאָן די מענער אין מאָנאַסטיר-קליידער און אַזוי אַרום זיי אויסבאַהאַלטן.

אין אָט דעם מאָנאַסטיר האָבן די דערמאָנטע חאַווערים זיך אָפּגערעדט וועגן שאַפֿן אַ ווידערשטאַנד-גרופּע אין געטאָ. אין דער נאַכט פֿון ניטל 1941 איז וויטקע קעמפּנער געקומען פֿון געטאָ אין מאָנאַסטיר און געמאָלדן, אַז די פֿאַרזאַמלונג איז אָרגאַניזירט. דעמאָלט איז די גרופּע מאָנאַסטיר-ייִדן אַוועק אין געטאָ און שוין דאָרט געבליבן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט די מוטער געבראַכט קאָוונערן אַן אָפּגערעדטן אָרט פֿיר גראַנאַטן פֿון אַ באַזונדער קאָנסטרוקציע. זיי זײַנען ביידע אַרײַן אין דעם הויף אויף טראָקער 11, און די מוטער האָט באַוויזן קאָוונערן, וויאַזוי מע באַנוצט זיך מיט די ספּעציעלע גראַנאַטן. די דאָזיקע גראַנאַטן זײַנען געווען די ערשטע אין געטאָ.

באַם באַגעגענען זיך האָט די מוטער געזאָגט:

— איך וויל קומען צו אײַך אין געטאָ קעמפֿן און פֿאַלן מיט אײַך צוזאַמען. אײַער קאַמף איז אַ הייליקער. איר זײַט נאָבעלע מענטשן. און כאָטש דו ביסט אַ מאַרקסיסט, אויסגעטאָן פֿון רעליגיע,

האָסטו דאָך א גאָט, א גרויסן גאָט. און איצטער ביסטו נעענטער צו אים ווי איך, זאָל ער אײַך העלפן!

אין א צײַט ארום, ווען די מוטער האָט זיך דערוווּסט, אז אין געטאָ עקזיסטירט שוין א קאמפּס-אָרגאניזאציע, איז זי געקומען צום טויער און געוואָלט ארײַנגיין. זי האָט אָנגעטאָן אף זיך א לאטע און באַוויזן די זשאנדארמען א פאלשן שײַן. די טויער-פּאָליציי האָט אָבער דערקענט, אז זי איז ניט קיין ייִדישע, און עס האָט זיך איר קוים אײַנגעגעבן זיך ארויסצודרייען פון ארעסט.

שפּעטער איז די מוטער געוואָרן די פארבינדלערן צווישן די פּארטיזאנער אין געטאָ און דער פּוילישער אומלעגאלער אָרגאניזאציע. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז די מענטשן, מיט וועלכע די מוטער האָט אונדז פארבונדן, זײַנען פון דער גרופּע „ניעפּאָדלעגלאָשטש" („אומאָפּהענגיקײַט"), און זיי האָבן אונדז אָפּגעזאָגט צו געבן געווער. פון דעמלט אָן האָט די מוטער אליין צוגעשטעלט געווער פאר דער געטאָ.

## ניט־ייִדן — פּארטיזאנער פון געטאָ

צו דער פּ. פּ. אָ. האָבן געהערט און אקטיוו מיטגעהאָלפן א גאנצע ריי ניט-ייִדן.

אירענע אדאמאָוויטש, וואָס האָט גוט געקענט ייִדיש און העברייִש, האָט כאַדאָשים-לאַנג צוגעשטעלט געווער די ייִדן אין ווארשע. אין מארט 1942 איז זי לויטן אויפטראָג פון א דעמאָקראטישער סקויטן-אָרגאניזאציע געקומען קיין ווילנע און איז צוויי וואָכן אָפּגעווען אין געטאָ. זי האָט געוווינט אף סטראשון-גאס 12. אירענע אדאמאָוויטש האָט אונדז געהאָלפן מיט אלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך. לויטן אויפטראָג פון אונדזער שטאב איז זי אוועקגעפאָרן קיין קאָוונע און שאוול, כדי צו גרינדן אויך דאָרט אזוינע ענלעכע אָרגאניזאציעס אף צו שטעלן א ווידערשטאנד.

יאדוויגא דודזיעץ, אויך פון די פּוילישע דעמאָקראטישע קרײַזן, האָט א לענגערע צײַט זיך געפונען אין געטאָ און האָט געמאכט פּוילישע און ליטווישע דאָקומענטן פאר די קעמפער פון פּ. פּ. אָ. בא איר אין שטוב, הינטערן שטאָט, האָט זי שטענדיק אויסבאהאלטן ייִדן. שפּעטער שוין, ווען אונדזער אָרגאניזאציע איז אריבער אין וואלד, איז בא איר אין שטוב געווען דער טרעף-פּונקט, ווּהין עס פלעגן קומען די פּארטיזאנישע שלוחים.

א לאנגע צײַט האָט געוווינט אינ געטאָ אונ געהערט צו דער פּארטיזאנישער אָרגאניזאציע זער רוס וואנקאָ. ער איז ארײַנגעטראָטנ אינ דער אומלעגאלער קאָמוניסטישער פּארטיי אונ איז שפּעטער געוואָרנ א פארבינדלער צווישנ דעמ פּארטיזאנער-שטאב אינ וואלד אונ דער פּארטיי אינ שטאָט.

דער 16-יעריקער יאנעק געפינט זיכ דאָ פונ ערשטנ טאָג. ער איז געבאָרנ אפ יאטקעווער גאס אונ רעדט יִדיש ווי א וואסער. ווענ עס איז אויסגעבראָכנ די מילכאָמע, איז ער צוזאמענ מיט זײַנע צוויי יִדישע כאוויירימ אנטלאָפנ פונ שטאָט. לעבנ הינסק האָט אימ געטראָפנ א שפּליטער פונ א באָמבע. אויכ א יִדישער כאווער איז געוואָרנ פארווונדעט. האָבנ זיכ אלע דרײַ אומגעקערט קיינ ווילנע, אינאיינעמ ארײַנ אינ געטאָ אונ געטראָגנ געלע לאטעס.

אינ דער „נאכט פונ געלע שײַנענ" האָט מענ יאנעקנ געכאפּט, אימ געפירט אפ פּאָנאר מיט הונדערטער אנדערע. לעבנ די ווײַסע סלופּעס אפ פּאָהולאנקע האָט זיכ אימ אײַנגעגעבנ צו אנטלויפנ. א כוידעש האָט ער זיכ געדרייט אינ שטאָט, ניט אופגעהערט בענקענ נאָכ זײַנע יִדישע כאווירימ: „ווער וויים, צי זיי לעבנ? אונ אויב יע, זוכנ זיי דאָכ אימ". אונ יאנעק האָט זיכ אומגעקערט אינ געטאָ.

פונ זײַנע צוויי כאווירימ האָט ער געפונענ בלויז אײנעמ — זאלמענ טיקטינ. דאָ האָבנ זיי געלעבט צוזאמענ ווי ברידער, אונ זיי האָבנ ביידע געהערט צו די פּארטיזאנער אינ געטאָ.

## די פּאראשוטיסטנ פונ ביאלאָוואקע

אינ פעווראל 1942 האָט אונדזער פארבינדלער אינ ביאלאָוואקע הערש ראָזאנאָוויטש געמאָלדנ דעמ שטאב, אז אינ די כקארבוטשא-נער וועלדער, ניט ווײַט פונ ביאלאָוואקע, האָט זיכ אראָפּגעלאָזט א גרופּע סאָוועטישע פּאראשוטיסטנ. עס איז געווענ דער ערשטער לע-בעדיקער גרוס פונ פּארטיזאנער אינ אונדזער געגנט.

דער שטאב פונ פ. פ. אָ. האָט באשלאָסנ זיכ צו פארבינדנ מיט די פּארטיזאנער. דער קאָמאנדיר איציק וויטענבערג איז אליינ אוועק אינ ביאלאָוואקע, אויסגעפונענ אינ וואלד די פּאראשוטיסטנ אונ האָט אָנגעבונדנ מיט זיי א קאָנטאקט. דאָס זײַנענ געווענ די פּיאָנערנ פונ דער פּארטיזאנער-באוועגונג אינ ליטע. זייערע נעמענ זײַנענ: מארגיס, אלקסנים, טשיבוריס, מויסענקאָ, דער ראדיכט טימאוסקאס אונ זאלעסקי (דער לעצטער איז אומגעקומענ אינ שלאכט באמ ארײַנגיינ אינ ווילנע).

פון זיי האָט וויטענבערג באקומען די פאָרמעלע באשטעטיקונג פון דער קאָמוניסטישער אָרגאניזאציע אין געטאָ. איציק וויטענבערג, בערל שערעשניעווסקי און כיענע באָראָווסקי זײַנען באשטימט געוואָרן פארן ווילנער שטאָטישן פארטיי-קאָמיטעט מיטן רעכט ארײַנצונעמען נײַע מיטגלידער. דער קאָמיטעט האָט געהאט די אויפגאבע צו אָרגאניזירן די פארטיי-ארבעט אין שטאָט.

זיי האָבן אויך אָנערקענט די פארטיזאנער-אָרגאניזאציע אין געטאָ ווי א טייל פון דער אלגעמיינער ליטווישער פארטיזאנישער באוועגונג. דעמלט האָט דער סעקרעטאר פון דעם שטאָטישן קאָמיטעט בערל שערעשניעווסקי זיך פארבונדן מיט דעם ווײַסרוס קאָראבליקאָוו, מיטן באקאנטן פארטיי-טוער יאן פשעוואלסקי, און זיי האָבן אָנגעהויבן שאפן פארטיי-גרופן אין שטאָט, ווי אויך באזונדערע פארטיזאנישע גרופן אין פארשיידענע פאבריקן. דער הויפט-ציל פון די פארטיזאנישע גרופן איז געווען: סאבאָטאזש אין די דײַטשישע אונטערנעמונגען.

ווען עס זײַנען פארפעסטיקט געוואָרן ביידע פארטיי-גרופן אין געטאָ און אין שטאָט, איז געבילדעט געוואָרן א נײַער פארטיי-קאָמיטעט אין ווילנע. אין אים זײַנען ארײַן: בערל שערעשניעווסקי (סעקרעטאר פון דעם שטאָטישן קאָמיטעט), איציק וויטענבערג (קאָמאנדיר פון פ. פ. אָ.), סאָניע מאדייסקער (פאראנטוואָרטלעכע אָרגאניזאטאָרן פון קאָמסאָמאָל אין ווילנע), מאקאר קאָראבליקאָוו (אָרגאניזאטאָר פון די שטאָטישע קויכעס) און יאן פשעוואלסקי (אגיטאציע).

דער שטאָטישער קאָמיטעט האָט זיך שטארק פארנומען מיטן אגיטירן קעגן דער צוואנגס-מאָביליזירונג און גערופן די באפעלקערונג אוועקצוגיין אין וואלד. עס ווערן אויך אויפגעהויבן די פראגן וועגן באוואָפנטע קויכעס אין שטאָט און אין געטאָ. אונטער דער אָנפירונג פון שורקע מאזיטש איז געשאפן געוואָרן צווישן די באן-ארבעטער א גרופע דיווערסאנטן, וואָס האָט זיך פארנומען מיטן צעשרויפן באן-רעלסן און געבן קעסיידערדיקע ידיעות די פארטיזאנער וועגן דער באוועגונג פון די באנען.

## סאבאָטאזש און דיווערסיע

זומער 1942. די דײַטשן האָבן אָנגעהויבן אן אָפענזיווע. אפן בורבישקער באן-אָפּצווײַג זײַנען פארלאָדן געווען טאנקען. איזאק ראטנער האָט קאָנסטרויִרט כעמישע מיני[illegible]ר-אפאראטן און זיי ביגנייווע

אַרײַנגעלײגט אין די בענזין־רעזערוואַרן פון 14 טאַנקען. אין אַכט שאָ אַרום, ווען די טאַנקען האָבן זיך גערוקט צום פראָנט, האָבן זיי זיך אָנגעצונדן און פאַרברענט געוואָרן.

דער זעלבער גאָלדשטיין, וואָס האָט געהאַט אין געטאָ אַרײַנגע־טראָגן דעם ערשטן קוילנוואַרפער, האָט אין אַמוניציע־לאַגער בורבי־שאָק קאַליע געמאַכט הונדערט פינף און פערציק זעניט-אַפּאַראַטן. בײַ נײַנציק קוילנוואַרפער, פאַרלאָדענע צום פראָנט, האָט ער אַרויסגענומען די שלעסער־בעקלעך.

ווען די דײַטשן פלעגן באַפֿוילן ייִדן אויפצורײַסן אַלטע באָמבעס, פלעגן די פּאַרט־זאַנער אַרונטערלייגן אונטער די אַלטע באָמבעס נײַעם דײַטשישן וואָפן, און דאָס פלעגט אויפגעריסן ווערן צוזאַמען מיט די באָמבעס.

אין אַ פרילינג-טאָג 1943 האָט אַ נײַ-אָנגעקומענער דײַטשישער רעזערוו-סאָלדאַט אומפאָרזיכטיק מאַניפּולירט מיט אַ גראַנאַט, ניט קענענדיק זײַן מעכאַניזם. צו דעם צעטומלטן דײַטש איז צוגעגאַנגען דער אינזשעניער ראַטנער און קאַלט אַ זאָג געטאָן: „גיב אַ וואָרף דעם גראַנאַט אין יענער ריכטונג, אַניט וועסטו צעריסן“ (ראַטנער האָט באַוווסטזיניק אָנגעוויזן דעם דײַטש אַ ריכטונג פון אַ מאַסקירטער אַמוניציע-שאָפע). און ווען דער דײַטש האָט אַ וואָרף געטאָן אַהין דעם גראַנאַט, האָט זיך דערהערט אַ געוואַלדיקער אויפרײַס. אָנדערהאַלבן מיליאָן ביקסן-קוילן זײַנען אַוועק מיט רויך. דעם דײַטש האָט מען שפּעטער דערשאָסן.

אין „דויטשע דינסטפּאָסטאַמט“ האָט געאַרבעט טעווקע גאַלפּערן. פירנדיק די פּאָסט פון אַמט צום באַן, האָט ער צעריסן און פאַר־ברענט טויזנטער בריוו און וויכטיקע מיליטערישע פּאַקעטן. דײַטשישע שפּײַז-פּאַקעטן פלעגט ער אַרײַנטראָגן אין געטאָ און צעטיילן זיי פאַר די הונגעריקע. צום יאָרטאָג פון פ. פ. אָ. האָט גאַלפּערן אַרויס־געשלעפּט פון אַ וואַליזע בײַ אַ דײַטשישן אָפיצער אַ רעוואָלווער און געבראַכט אים אַ מאַטאָנע דער אָרגאַניזאַציע.

וואַזגעל און גלעזער האָבן אַזוי לאַנג אויסגעדרייט שרײַפלעך פון אַבט אווטאָס, ביז זיי האָבן געפּאַטערט די מאַשינעס.

אין „פלאַג-בוטץ“ האָט געאַרבעט דער 17-יעריקער לייב דיכטער, אַ קעמפער פון דער 33-טער גרופּע. אַ שלאָסער, האָט ער זיך גיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין אַף זעניט־האַרמאַטן, וואָס פלעגן דאָרט ווערן אויפגעשטעלט. פון אַפּרעל 1942 ביז יול האָט ער קאַליע גע־מאַכט דרײַ און פערציק שלעסער פון זעניט-האַרמאַטן.

דורכ דער ווילנער באַן-סטאַנציע האָבן זיך באַוועגט אָן אַ שיר עשעלאָנען מיט מיליטער. אין סאַמע ברען פון דער דײַטשישער זומער-אָפּענסיווע אין 1942 האָט זיך יִצחק מאַצקעוויטש מיט פאַלשע דאָקומענטן פון אַ טאָטער אַרײַנבאַקומען אַרבעטן אויפן באַן. ער פלעגט נאָטירן פּינקטלעך די באַוועגונג פון די מיליטער-צוגן און ראַפּאָרטירן אין פאַרטיזאַנישן שטאַב.

דער דײַטשישער הויפּטמאַן פונעם „אויטאָמאָבילן-פּאַרק" האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וויאַזוי עס רינען אויס גאַנצע ציסטערנעס מיט בענזין. דער שטאַב פון פ. פ. אָ. האָט געהאַט דאָרט נײַן אַרבעטער, איבערגעגעבענע דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג.

אין בעזדאַן, 40 קילאָמעטער פון ווילנע, באַם אַרויסבאַקומען טאָרף, איז געווען אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער פאַר מענער און פרויען פון געטאָ. דאָרט האָבן געאַרבעט די דרײַ יונגנטלעך: איצקאָוויטש, קופּערבערג און ווײַנשטײַן — קעמפער פון פ. פ. אָ. פון דאָרטן האָבן זיי געמאָלדן דעם שטאַב, אַז זיי האָבן פאַרטראַכט אַ פּלאַן פאַנאַנדערצוריַיסן די באַן-רעלסן. זיי האָבן געפרעגט אַ דערלויבעניש. דער שטאַב האָט אַוועקגעשיקט דעם קעמפער הירש לעווין דאָס צו אָרגאַניזירן. דעם 20-טן פעברואַר 1942 האָבן די פיר יונגנטלעכע צענומען מיט אַ שרויפ-שליסל הונדערט מעטער רעלסן אויפן וועג ווילנע—איגנאַלינע, ניט ווײַט פון בעזדאַן.

איינער פון די טיכטיקסטע שעדיקער איז געווען זעליק גאָלדבערג, געוועזענער אינסטרוקטאָר פון ווילנער יִדישן טעכניקום. באַם אַרבעטן ווי אַן אינזשעניער אין די מיליטערישע וואַרשטאַטן אויפן אַעראָדראָם אין פּאָרובאַנעק האָט ער אין פּופּציק אַעראָפּלאַנען, וואָס זײַנען געבראַכט געוואָרן צום פאַריכטן, אַרויסגעדרייט זייערע וויכטיקסטע טיילן און דורכגעבויערט די בענזין-רעזערוואַרן.

אויף דער קאָנטע פון פ.פ.אָ. דאַרף מען אויך צורעכענען די צוויי סריפּעס אין פעלץ-פאַבריק „קײַליס" און אין בענזין-לאַגער בענזינוווקע. אין „קײַליס" האָבן די יִדישע אַרבעטער זיך אויפגערעדט מיט זייערע פּוילישע און ליטווישע כאַווײרים און האָבן צוזאַמען אין יאַנוואַר 1942 אונטערגעצונדן דעם רעכטן פליגל פון דער פאַבריק, ווו צו יענער צײַט האָט זיך געפונען זעכציק טויזנט אויסגעפּאַרטיקטע פעלצן, וואָס די דײַטשן האָבן זיך געגרייט איבערצושיקן צום פראָנט פאַר די סאָלדאַטן. עס איז פאַרברענט געוואָרן ביז איין פעלץ. דאָס פײַער האָט אויך אַרומגעכאַפּט דעם אַנדערן טייל פון פאַבריק און צעשעדיקט די מאַשינען.

אין בענזינוווקע האָט דער קענפער פרידמאַן איבערגעקערט דאָס נאפט-לעמפל בא דעם וועכטער אין דער וואַך-בויד. דער וועכטער האָט דאַן געדרעמלט. ער האָט זיך אופגעכאַפט, ווען דאָס ביידל האָט געברענט. איידער מע האָט באוויזן איינצולעשן די טרייפע, האָט דאָס פייער זיך אריבערגעכאַפט אַף די פעסלעך מיט בענזין. עס האָבן זיך אופגעריסן דריי הונדערט פעסער מיט בענזין. מאַכמעס די טרייפע איז אויסגעבראָכן בא דעם וועכטער אין בויד, איז דער געכטאַפאָ ניט איינגעפאַלן, אַז דאָס איז א דיווערסיע.

אדאַנק דער אגיטאַציע פון פ. פּ. אָ. איז געפירט געוואָרן א סיסטעמאַטישער סאַבאָטאַזש אין אַלע דייטשישע אונטערנעמונגען, וווּ יידן האָבן געאַרבעט. יעדער ייד, צי ער געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע אָדער ניין, האָט געהאַלטן פאַר זיין כּיוון צו ברענגען שאָדן.

אַחוץ דעם סיסטעמאַטישן ארויסבאַקומען געווער אין די דייטשישע אונטערנעמונגען, האָט די אָרגאַניזאַציע זיך גענייטיקט אין געלט-מיטלען צו קויפן וואָפן. מיר האָבן זיך געשטעלט פאַר א ציל אין משך פון א האַלבן חודש באַקומען א האַלבן מיליאָן רובל.

די פערטע גרופּע מיטן גרופּן-קאָמאַנדיר מאַצקעוויטש האָבן דורכגעפירט א ריזיקאַלישן פּלאַן. די קעמפער פלעגן זיך טאָג-טעגלעך אריינקלייבן אין דעם דייטשישן באַקלייד-אַמט און מיט דער הילף פון דער קענפערן מאַליע זשאַבינסקי, וועלכע האָט דאָרט געאַרבעט, ארויסטראָגן פּעק מיט דייטשישע שינעלן, קאַראַקולנע מאַנטלען, פוטערס און וואַגנווייז דאָס אוועקפירן צו א פויער, וואָס האָט זיך אונטערגענומען די זאַכן צו פאַרקויפן. אַף אַזאַ אופן האָט די גרופּע אופגעזאַמלט פערציק טויזנט רובל.

דער דרוקער קאָוואַלסקי איז געקומען צום שטאַב מיט א טשיקאַווען איינפאַל: ער וועט אָפּדרוקן פאַלשע ברויט-קאַרטן, און עס וועט זיין א גרויסער רעווח. דעם פּלאַן האָט מען דורכגעפירט. א ספּעציעלע גרופּע האָט זיך פאַרנומען מיט אויסקויפן פּראָדוקטן אַף די פאַלשע ברויט-קאַרטן. די פּראָדוקטן האָט מען אין געטאָ פאַרקויפט, און עס איז געווען א האַכנאָסע פון הונדערט טויזנט רובל.

דאָדיקווידוצקי האָט ארויסבאַקומען אין א דייטשישער קאָנטאָר א געלט-פּאַקעט פון 35 טויזנט רובל און עס אָפּגעגעבן דער אָרגאַניזאַציע. ס'איז אויך געהיים געזאַמלט געוואָרן געלט בא דער באַפעלקערונג. ניט פרעגנדיק אַף וואָס, האָבן געטאָ-יידן אריינגעטראָגן טויזנטער. עס איז אויך געווען א פאַרמעכט צווישן די גרופּן, ווער וועמען עס וועט אריבערשטייגן אין אופזאַמלען געלט. די קעמפער האָבן אָפּגע-

געבנ ווערט-זאכנ — לעצטע אָנדענקענ נאָכ זייערע פארשניטענע עלטערנ, ווי זייגערס, רינגלעכ, בראַסלעטנ, אאַוו. דער קעמפּער ראָטקינ האָט אָפּגעגעבנ דאָס זייגערל פונ זײַנ פרוי, וועלכע מע האָט אָקאָרשט דערשאָסנ. דערבײַ האָט ער געזאָגט: „די נעקאָמע איז מיר טײַערער פאר דעמ לעצטנ אָנדענק!" איכ אליינ האָב אָפּגעגעבנ אינ פאָנד פונ קויפנ געווער דעמ איינציקנ אָנדענק פונ מײַנ דערמאָרדעטער מאמענ: איר כאסענע-רינג, וואָס זי האָט מיר אָפּגעגעבנ א טאָג פאר דער עקזעקוציע.

דער ברענ אינ דער זאמל־ארבעט איז געווענ אזוי שטארק, אז אָנשטאָט א האלבנ מיליאָנ איז אינ קאסע פונ דער אָרגאניזאציע ארײַנ א מיליאָנ רובל.

## הילפ פאר קריגס־געפאנגענע
## אונ מישפּאָכעס פונ סאָוועטישע קאָמאנדירנ

אינ ווילנע זײַנענ געווענ צוויי גרויסע לאגערנ פאר סאָוועטישע קריגס-געפאנגענע אונ מישפּאָכעס פונ סאָוועטישע קאָמאנדירנ: אינ די „בילקע הײַזער" אפ סובאָטש 37 (איידער דאָרט איז געוואָרנ דער יידישער לאגער ה. ק. פּ.) אונ אינ דער אנטאָקאָלער טורמע. די יידנ, וואָס האָבנ ניט ווײַט געארבעט, האָבנ מיט אלערליי מיטלענ זיכ באמיט צו העלפנ די געפאנגענע, כאָטש דער דײַטשישער געזעצ האָט געזאָגט: ווענ א ייד רעדט מיט א געפאנגענעמ, ווערנ ביידע דערשאָסנ.

אינ די ערשטע כאדאָשימ, ווענ מע איז זאט געוואָרנ מיט יידיש בלוט, האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די עקזעקוציעס איבער טויזנטער קריגס־געפאנגענע. צו די רוסישע איז מענ געווענ ניט בעסער ווי צו די יידנ. איכ האָב געזענ אמאָל א בילד, וואָס עס איז ניט מעגלעכ צו פארגעסנ. א בייזער פראָסטיקער טאָג. לעבנ די באַנ-רעלסנ בא דער אײַזערנער בריק ליגט אינ שניי א קופּע פונ דרײַ הונדערט קריגס-געפאנגענע—באָרוועסע מיט צעפּראָרענע הענט אונ פיס, פארפײַניקטע פונ הונגער. זיי ליגנ אָנגעוואָרפנ איינער אפנ צווייטנ. פיל זײַנענ שוינ טויט. אנדערע צאפּלענ זיכ, קוימ וואָס זיי אָטעמענ. אנטקעגנ זיי שטייט א דיקער, רויט-פּענעמדיקער דײַטש אונ פרעסט אזוי צולאָכעסדיק א קישקע ווורשט.

אינ די דײַטשישע ווארשטאטנ פלעגט מענ ברענגענ אפ צוואנגס־ארבעט די קריגס-געפאנגענע. א סאַכ פונ זיי האָבנ זיכ

באמיט צו אנטלויפן. דער פארטיזאנער-שטאב אין געטאָ האָט באשטימט א ספּעציעלע גרופּע קעמפער צו באזאָרגן די געפאנגענע מיט געהעריקע דאָקומענטן, מיט ציווילע קליידער און זיי אָנווייזן א ריכטונג, וויאזוי אוועקצוגיין צו די פארטיזאנער. לעמאָשל, די קעמפער פעלדמאן און בלומע מארקאָוויטש (געפאלן אין די שלאכטן באם באפרייען ווילנע) האָבן געהאָלפן אכט קריגס-געפאנגענע מיטן קאפיטאן סעריאָזשינ בעראָש, באזאָרגט זיי מיט אלדאָס נייטיקס און זיי אריבערגעשיקט אין די וועלדער ארום לידע.

## אין די „ביליקע הייזער"

אין די „ביליקע הייזער" אפ סובאָטש-גאס 37 האָבן אמאָל געוווינט א טויזנט יידן. מיט א פּאָר טעג פארן ארייַנטרייבן די יידן אין געטאָ האָבן די דייַטשן ארומגערינגלט די צוויי מויערן און דערמאָרדעט זייערע איינוווינער. דאָס אָרט פון די דערמאָרדעטע איז גלייך פארפולט געוואָרן מיט די פרויען און קינדער פון סאָוועטישע קאָמאנדירן און רויטארמייער.

עס איז געווען אין די גרויסע פראָסט, ווען היטלערן האָט מען געטריבן פון מאָסקווע. די יידן, וואָס האָבן געארבעט ארום באן, פלעגן ברענגען יעדער אָוונט נייַעס, וויפל עשעלאָנען מיט „עפּל" — ס'הייסט פארפרוירענע דייַטשן — זיינען אָנגעקומען פון פראָנט.

די דייַטשן אין ווילנע און אין גאנץ ליטע האָבן באשלאָסן צו העלפן זייערע פארפראָרענע קאָלעגן. איבער דער שטאָט איז דערקלערט געוואָרן א פרייַוויליקע באשטייַערונג פאר דער דייַטשישער ארמיי. די איינוווינער דארפן ברענגען אין די דייַטשישע קאָמיסאריאטן ווארעמע קליידער, שיך, וואָליקעס, פעלצן, פוטערס, קאָלדרעס — אלץ, וואָס קען נאָר דערווארעמען די צעפראָרענע היטלעריסטן. אין דער מעלדונג, אונטערגעשריבן פונעם דייַטשישן אויבערקאָמיסאר פאָן רענטעלן, איז צום סאָף געזאָגט געוואָרן: ווער עס וועט זיך פרייַוויליק באשטייַערן, וועט באקומען א קוויטאנציע, אז ער איז אן ערלעכער בירגער. די באשטייַערונג איז כאל געווען אויך פאר דער געטאָ. די באפעלקערונג האָט אָבער ניט געוואָלט העלפן אירע פארקנעכטער. זיינען די דייַטשן געוואָרן „קליגער". זיי פלעגן פארהאלטן יעדער מאן און פרוי אפ די גאסן, אראָפּציִען די קליידער פון זיי און אָפּלאָזן זיי נאקעטע. כוץ דעם האָט מען געמאכט איבערן שטאָט רעוויזיעס, און וואָס נאָר מע האָט געפונען — איז געוואָרן קאָנפיסקירט.

צום סאָרטירן, פּאַקן און צונויפֿבינדן די קליידער האָט מען אַרויסגענומען ייִדן פֿון געטאָ. צווישן זיי בין איך אויך געווען.

איינמאָל, פֿאָרנדיק אויף אַן אויטאָ, פֿול געלאָדן מיט פּעלצן און וואַליקעס, האָב איך דערהערט פֿון אַ מיטפֿאָרנדיקן כּאַוואָר די ליד פֿון די „בּיליקע הײַזער". דער כּאַוואָר האָט דערציילט, אַז די פֿרויען און קינדער, וואָס געפֿינען זיך אין די „בּיליקע הײַזער", גייען אויס פֿון הונגער, ווערן פֿאַרפֿרוירן פֿון קעלט.

— פֿונוואַנען ווייסטו דאָס? — האָט אים אַ פֿרעג געטאָן דער יוגנטלעכער רודאַשעווסקי, וואָס איז צוזאַמען מיט אונדז געפֿאָרן אין אויטאָ.

— איך אַליין בין ניט לאַנג דאָרטן געווען. זיך אַרײַנגעקליבן דורך די דראָטענע פֿאַרצוימונגען און אַפֿילו געניצט אין לאַגער. איך האָב דער ערשטער אַרויסגעטראָגן די ליד.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אָט וואָס: גערשקע (אַזוי איז דער נאָמען פֿון דעם זינגער) האָט זיך דערוווּסט, אַז אין דעם לאַגער פֿון די רוסישע געפֿינט זיך זײַנער אַ כּאַוואָר, אַ זון פֿון אַ געפֿאַלענעם רויטאַרמייער. גערשקע איז אַהין אַוועק און געבראַכט פֿאַרן כּאַוואָר ברויט. דער כּאַוואָר האָט אים איבערגעגעבן די ליד. גערשקע האָט זי אַרײַנגעבראַכט אין געטאָ, און אַלע זינגען זי.

דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף פּאָפּלאַוועס, לעבן דער דעזינפֿעקציע. מיר האָבן געדאַרפֿט דאָרטן איבערטראָגן די אָנגערייבטע סכוירע. בײַם איבערטראָגן די פּעק איז אונדז אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק: אָנשטאָט שלעפּן די סכוירע פֿאַר דײַטשן—בעסער עס איבערטראָגן אין די „בּיליקע הײַזער" פֿאַר די נאַקעטע און הונגעריקע קינדער און פֿרויען.

דורך די אַרומגעצוימטע דראָטן פֿון די „בּיליקע הײַזער" גאַנווע-נען זיך אָפּט אַרויס צעניערליקע קינדער, זיי גייען איבער די נאָענטסטע שטיבער און בעטלען ברויט. אויך דאָ, ווו מיר טראָגן איצט די פּעלצן, דרייען זיך די יאַטלעך. מיט זיי דאַרף מען זיך פֿאַרבינדן. איך האָב צוגערופֿן אַ האַלב־באָרוועס יאַטל און אים געזאָגט, ער זאָל מאָרגן צוזאַמען מיט זײַנע כּאַוויירים זיך אַרויסגאַנווענען פֿון לאַגער און אָפּוואַרטן אונדזער אויטאָ אויף אַרום סובאָטש-גאַס, לעבן מערקל. דאָרטן וועלן מיר אין אָוונט פֿאַרבײַפֿאָרן מיטן זעלבן אויטאָ און פֿאַר זיי אַראָפּוואַרפֿן, וואָס נאָר עס וועט זיך לאָזן. דער כּעוורעמאַן האָט פֿאַרשטאַנען.

אַפּ מאָרגנ האָבנ אונדז אָפּגעוואַרט באַ א צענ יאַטלעכ. מיר האָבנ אראָפּגעוואָרפנ פעלצנ, וועש אונ וואַליקעס, שאַלנ, סוועטערס, שיכ אונ א זאַק מיט עסנוואַרג. דאָס עסנוואַרג האָבנ מיר געקויפט אַפנ וועג באַ א פויער פאַר א קאַראַקולנעם מאַנטל.

דער דײַטש, וואָס איז געזעסנ מיטנ שאָפער באַם רול אונ האָט אונדז געהיט, מיר זאָלנ ניט גאַנוועננ, האָט גאָרניט באַמערקט. דער שאָפער האָט יאָ געוווּסט. אַזויווי זײַנ וועכטער, דער דײַטש, האָט זיכ ניט אָריענטירט אינ די ווילנער גאַסנ, האָט דער שאָפער געפירט די מאַשינ דורכ הינטער-גאַסנ אונ, קומענדיק אַפ כובאָטש-גאַס, צום באַשטימטנ אָרט, האָט ער בעקיוונ פאַרפאַמעלעכט דעם גאַנג פונעם אווטאָ, קעדיי מיר זאָלנ באַוויַזנ אַראָפּצוואַרפנ די פּעק. די יאַטלעכ האָבנ פלינק אופגעכאַפּט אונדזערע מאַטאָנעס, זיי פאַרשאָטנ מיט שניי, קיינער זאָל ניט באַמערקנ, אונ באַנאַכט אַרײַנגעשמוגלט צו זייערע מאַמעס.

אַזוי האָבנ מיר איבערגעכאַזערט א וואָכ נאָכאַנאַנד. די געפאַנגענע האָבנ אָפּגעלעבט. מיר האָבנ פונ זיי באַקומענ א בריוול. דאָרט איז געווענ געשריבנ: „מיר געדענקענ, אונ ווענ עס וועט קומענ די צײַט, וועלנ מיר דערציילנ אונדזער היימלאַנד, אַז אינ ווילנע, אינ 1942, האָבנ די פאַרקנעכטע אונ פאַרפײַניקטע יידנ פונ געטאָ ניט פאַרלאָרנ זייערע מענטשלעכע געפילנ. ביַים פאַרנ ריידנ מיט א ניט-יידנ האָט געקומט טויט-שטראָפ, האָבנ זיי אײַנגעשטעלט זייערע לעבנס אונ געראַטעוועט פונ הונגער אונ פראָכט אויכ מענטשנ אַנדערע — קאָרבאָנעס פונעם זעלבנ רעזשים".

## דער רופ צו אַנדערע יידישע יישווים

ווענ די פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע אינ געטאָ איז שוינ געווענ פאַרוואָרצלט, איז באַשלאָסנ געוואָרנ אַריבערצוציקנ אונדזערע שעלוכים אינ אַנדערע יידישע שטעט, קעדיי העלפנ אויכ דאָרט צו אָרגאַניזירנ דעם ווידערשטאַנד. אינ ביאַליסטאָק איז געווענ א געטאָ מיט 40 טויזנט יידנ. אינ וואַרשע—מיט א האַלבנ מיליאָנ. די ביאַליסטאָקער האָבנ ניט געגלייבט אינ די שכיטעס אינ ווילנע. די וואַרשעווער זײַנענ געווענ זיכער, אַז א האַלבנ מיליאָנ קענ מענ ניט כאַרטיליקנ.

אינ פעווראַל 1942 האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו פאַרבינדנ זיכ מיטנ טשעכ יוזעפ שמידט, וואָס איז געווענ מאָביליזירט אינ דער דײַטשישער אַרמיי. אינ זײַנ אייגענעם אווטאָ, אָנ געצאָלט, האָט ער אוועקגעפירט קיינ ביאַליסטאָק אונ וואַרשע אונדזערע דרײַ מיטגלידער: עדעק באָראַקס, יויסעפ קעמפּנער אונ סאַלאָמאָנ ענטינ. זיי זײַנענ

דאָס געווען די, וואָס האָבן דערציילט אין ביאַליסטאָק און וואַרשע וועגן די שכיטעס אפ די ליטווישע יידן. זיי האָבן אויך דערציילט וועגן פּאָנאַר.

ווען עדעק באָראַקס איז צוריקגעקומען קיין ווילנע און איבער־געגעבן, מיט וואָס פאַר אן אומגלויבן מע האָט אופגענומען דעם עמעס וועגן קורבן, האָט דער שטאַב פון פ. פּ. אָ. באַשלאָסן צו איבער־צייַגן וואַרשע און ביאַליסטאָק מיט רייַעס. עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן א ספּעציעלער אופרוף צו אַלע יידן אונטער דער דייַטשישער אָקופּאַ־ציע. דער אופרוף האָט דערציילט מיט אַלע גענויִקייַטן וועגן דער סיסטעמאַטישער פאַרטיליקונג פון די יידן אין ליטע און ווייַסרוסלאַנד.

„דער גורל פון אַלע יידן, אונטער דער היטלערישער אָקופּאַציע, — האָט זיך גיזאָגט אין אופרוף, — איז אַלגעמיינע אויסראָטונג, ניט געקוקט אפ קיין שום ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן.

ברידער! רייַסט אַראָפּ די אייַנרייַדענישן, אַז אונדז קען ראַטעווען ווירטשאַפטלעכע נויטווענדיקייַט. וואַרפט אַוועק די האָפענונג, אַז צוליב ווירטשאַפטלעכע סיבעס וועלן די דייַטשן ניט וועלן פאַרטיליקן די 40 טויזנט יידן אין ביאַליסטאָק און א פשיטע שוין דעם האַלבן מיליאָן אין וואַרשע. די אויסראָטונג פון די יידן איז א צענטראַלע אַקציע. זי איז ניט אָפּהענגיק פון קיין שום לאָקאַלע אָרגאַנען. די דייַטשן אין גראָדנע, ביאַליסטאָק און וואַרשע, קעדיי צו האָבן אַרבעט און ניט גיין אפן פראָנט, קענען פאַרציִען דעם קיִעם פון געטאָ אפ א קורצער צייַט. די אויסראָטונג איז אָבער א סיסטעמאַ־טישער פּראָצעס, וואָס פריִער אָדער שפּעטער וועט ער טרעפן אַלעמען, דאָ הערעט די פּאָליטישע פּראָגראַם איבער אַלע ווירטשאַפטלעכע פאַקטאָרן. ווו ס'איז נאָר דאָ א יידישער ישועו אונטער היטלערן — וועט זייַן א פּאָנאַר!

יידן! אָרגאַניזירט זיך! נעמט זיך צום געווער!

יידן! צום ווידערשטאַנד!

די פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנישע אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ".

די צוויי שוועסטער סאָרע און רייזל זילבער האָבן דעם אופרוף אַריבערגעפירט אין ביאַליסטאָק און וואַרשע, ער איז צעטיילט גע־וואָרן צווישן די מיטגלידער פון באַזונדערע פּאַרטייען. דאָס מאָל האָט ער אַלעמען געעפנט די אויגן.

צוריקפאָרנדיק, זייַנען די שוועסטער זילבער פאַרכאַפּט געוואָרן דורך געסטאַפּאָ לעבן מאַלקין, און דאָרט האָט מען זיי אין טויט־פאַבריק ביידן פאַרפייַניקט.

נאָך זיי איז אין וואַרשע אָוועקגעפֿאָרן די יונגע לערערן כײַע גראָסמאַן. דאָרט האָט זי זיך פֿאַרבונדן מיט א שאַליעך פֿון פּ. פּ. ר. (פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ ראָבאָטניטשאַ). אין דער זעלבער צײַט איז פֿון ווילנע אַרויסגעפֿאָרן עדעק באָראַקס אין ביאַליסטאָקער געטאָ. עס איז אויך געקומען קיין ביאַליסטאָק פֿון וואַרשע כײַע גראָסמאַן, און צוזאַמען האָבן זיי דאָרט געשאַפֿן די אָרגאַניזאַציע „צום קאַמף מיטן דײַטשישן אָקופּאַנט“. שפּעטער האָט זיך זיי אײַנגעגעבן אָנ־צובינדן א קאָנטאַקט מיט א נאָענטער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין וואַלד.

* * *

אָנהייב 1942 האָט ד״ר וואָלף, דער געביטסקאָמיסאַר פֿון ווילנער געגנט, זיך פֿאַרמאָכטן אָפּ די לעצטע געבליבענע ייִדן פֿון דער פּראָווינץ. מיטן אויסרייד צו פֿאַרהיטן די ייִדן פֿון פּאַרטיזאַנישע אָנפֿאַלן זײַנען אין אָשמענע קאָנצענטרירט געוואָרן די ייִדן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך: סאָל, מיכאַלישאָק, סוויר אא.

קעדיי צו באַרויִקן די קאָנצענטרירטע ייִדן, איז געקומען געסטאַפּאָ און אַרויסגעגעבן אַרבעט־שײַנען. פּ. פּ. אָ. האָט אַרויסגעשיקט קיין אָשמענע די קעמפֿערן ליזע מאַגון צו אָרגאַניזירן גרופּן אַוועקצוגיין אין וואַלד.

די אָשמענער געטאָ איז געווען אַרומגערינגלט דורך פּאָליציי. ליזע האָט זיך אָבער אַרײַנגעקומען אין געטאָ. דאָרט האָט זי אַגיטירט: ייִדן! מע וועט אײַך פֿירן צום טויט! די אַרבעט־שײַנען זײַנען צום פֿאַרנאַרן, אַנטלויפֿט! און זי האָט אָרגאַניזירט באַוואָפֿנטע גרופּן, וואָס זײַנען אַוועק אין די וועלדער.

נאָכן צוריק־קער פֿון אָשמענע האָט ליזע אויסגעפֿירט נאָכאַנאַנדיקע אויפֿגאַבן אין שטאָט. איינמאָל האָט זי געדאַרפֿט רעגיסטרירן אירע פֿאַלשע דאָקומענטן. צו דעם ציל איז זי אַוועק אין דײַטשישן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. נאָר דאָרט האָט מען זי דערקענט און אַרעסטירט. מע האָט זי געפּײַניקט א כוידעש. מיט אָנגעברענטן אײַזנס האָט מען איר געברענט דאָס לײַב, נאָר קיין וואָרט פֿון איר ניט אַרויסבאַקומען. פֿון טורמע האָט זי נאָך באַוויזן איבערצושיקן א בריוול:

„איך ווייס גענוי, ווו איך האַלט אין דער וועלט. איך קען זיך אָבער ניט אײַנלעבן מיטן געדאַנק, אַז מיך וועט מען פֿירן אַף פּאָנאַר. איך בין רויִק. איך גריס אַלע כאַווײרים. וואָס טוט זיך אין ביאַליסטאָק? זײַט שטאַרק. ליזע“.

הייליקנדיק ליזוס אָנדענק, האָבן אירע כאַווייריִם געקויפט אַפּ איר נאָמען א רעוואָלווער. באָרעך גאָלדשטיין האָט צו אירע שלושים ארויסגעגאַנוועט בא די דײַטשן אַן אַווטאָמאַט און געבראַכט אין געטאָ.

דער שטאַב האָט באַשטימט פארן מאָביליזאַציע-סיגנאַל פון פּ. פּ. אָ. דעם לאָזונג „ליזע רופט“!

## די געהיימע דרוקעריי

עס איז אוף דער געדאַנק זיך איינצושאַפן א דרוקעריי. צו יענער צייט, אָנהייב 1942, איז נאָך אין שטאָט ניט געווען קיין ארויספּאָרמירטע אינטערערדישע אַנטיפאַשיסטישע באַוועגונג. די פּוילישע נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע מיט איר בלעטל „ניעפּאָדלעגלאָשטש“ האָט ניט אופגעהערט צו אַגיטירן קעגן ראַטנפאַרבאַנד און פּאַרטיזאַנער.

אין פעווראַל 1942 האָט דער שטאַב פון פּ. פּ. אָ. ארויסגעגעבן א העקטאָגראַפירטן אופרוף צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די זאַך פון ווידערשטאַנד איז ניט בלויז א ייִדישע. די שכיטעס איבער די ייִדן זיינען בלויז דער אָנהייב פון א סיסטעמאַטישן מאָרד-פּראָצעס איבער די פעלקער פון אייראָפּע.

אָט איז די איבערזעצונג פון דעם ערשטן העקטאָגראַפירטן אופרוף, ארויסגעגעבן פון דער פּ. פּ. אָ. צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג:

„בירגער פון אַלע אָקופּירטע געביטן!

ס׳בלוטיקט דער סוינע אַפּ אַלע פראָנטן.

אין פייער פון דער רויטער אַרמיי זיינען געוואָרן איינגעטונקט די גרעסטע טיילן פון דעם סוינעס רעזערוון.

מיט טויט זוּן אומקום אָטעמען די אַרומגערינגלטע דײַטשישע אַר-מייען. אויסגעמוטשעטע, אויסגעשעפּטע, ניט פייִקע צום קאַמף, ליגן די דײַטשישע דיוויזיעס אַפן שלאַכט-פעלד.

ס׳האָט היטלער זיינע כאַיאָלעס געטריבן אין קאַמף, צוזאָגנדיק זיי אין מעשעך פון פערצן טעג צו זיין אין מאָסקווע. פון טעג זיינען געוואָרן וואָכן, פון וואָכן — כאַדאָשים. און ווען ס׳איז אריבער דער זומער, האָט ער געהייסן וואַרטן אַפּ האַרבסט. און ווען אין האַרבסט האָבן בלוטיק זיך פאַרבראָכן אַלע פּרווון דורכצוזעצן די פאַרטיידיקונגס-קראַפט פון דער רויטער אַרמיי, איז דער נייַער ציל געוואָרן ווינטער. פאַר די דײַטשן איז אָבער דער ווינטער געווען אַן אומגליק. מיליאָנען דײַטשישע סאָלדאַטן זיינען געבליבן אַפן שלאַכט-פעלד, מאַסן מילכאָמע-מאַטעריאַל איז צעפּאַטערט געוואָרן פון די נאָכאַנאַנדיקע קלעפּ פון דער רויטער אַרמיי.

אפ די פראָנטן איז ערעוו פרילינג.

מיליאָנען סאָוועטישע זעלנער שטייען אונטער געווער. די רויטע ארמיי, א געשטארקטע מיט נײַעם מעכטיקן קריגס-מאטעריאל, גרייט צו א גוואלדיקער אטאקע, וואָס וועט דערלאנגען א טויט-קלאפּ אונ פארוויסטן דעם סוינע.

בירגער פונ אלע אָקופּירטע געביטן!

דער סוינע, אינ מוירע פאר א ווידערשטאנד, וויל אײַך אײַליק פארטיליקן. ער דערשיסט אײַערע בעסטע זינ. ער פירט אײַך קײַנ דײַטשלאנד אינ די הונדערטער, טויזנטער. אינ ווארשע, קאליש, ווילנע, לעמבערג האָט שוינ דער היטלער־טעראָר אומגעבראכט האמוינים.

לאָזט זיך ניט פירנ ווי שאָפ צום טויט. אז דער סוינע זאָל באדארפנ אײַנברעכנ דעם ווידערשטאנד פונ יעדער איינציקנ, וועט ער זײַנ פלאנ ניט באווײַזנ דורכצופירנ.

ס'פאלנ פונ אײַך טויזנטער פאסיווע קאָרבאָנעס, פרײַהײַט קעמפט מענ אָבער אויס נאָר מיט אקטיווע קאָרבאָנעס.

ווערט פארטיזאנער!

שטערט דעם סוינע אפ אלע וועגנ אונ שטעגנ!

פירט דיווערסיע-ארבעט!

צעשטערט וועגנ, טראנספּאָרטנ, פאבריקנ, לאגערנ – לאָזט ניט רוענ דעם סוינע!

א טויט די אָקופּאנטנ!

דער ניצאָכנ פאר אונדז!

פארבאנד צו קעמפנ מיטנ דײַטשישנ אָקופּאנט
ווילנע, פעווראל 1942".

אינ אלע פאבריקנ, אונטערנעמונגענ אינ שטאָט איז דאָס בלעטל פארשפרייט געוואָרנ. עס איז די ארבעט פונ די ייִדישע צוואנגס-ארבעטער. גייענדיק צו דער ארבעט אונטער באגנעטנ פונ שטורמיסטנ, האָבנ זיי דאָס פאנאנדערגעקלעפּט איבער גאנצ שטאָט.

פיל געטאָ-קינדער, צענ- אונ צוועלפיעריקע, זײַנענ געגאנגענ אפ צוואנגס־ארבעט אינ שטאָט. די פארטיזאנישע אָרגאניזאציע האָט ניט איינ קינד פארטרויט וויכטיקע אופגאבנ. אונ מיט וויפל באוווסטזײַנ, מיט וויפל מעסירעסנעפעש דאָס קליינוואַרג האָט דאָס דורכגעפירט! צענדליקער אונ הונדערטער פּראָקלאמאציעס זײַנענ פארשפרייט געוואָרנ איבער דער שטאָט דורכ אָט דער טײַערער כעוורע.

* * *

נאָכן ערשטן העקטאָגראפירטן אופרוף צו דער שטאָטישער באפעלקע-רונג האָט זיך איציק קאָוואלסקי, א ווילנער דרוקער, געווענדט צום שטאב מיט א דרייסטן פּלאן — אופצושטעלן א געהיימע דרוקעריַי.

דער שטאב איז אפ דעם פלאן אײַנגעגאנגען. אין יענער צײַט האָט זיך אונדזער אָרגאניזאציע אלץ מער און ענגער פארבונדן מיט דער קאָמוניסטישער אָרגאניזאציע אין שטאָט, וואָס האָט געגומען אופלעבן אין דער אונטערערד. דער פלאן איז קאָנטאקטירט געוואָרן מיט דער פארטיי-אָרגאניזאציע. אָט ווי עס דערציילט קאָוואלסקי אליין וועגן זײַן ארויסגאנוועגען די שריפט:

„מיט דער האסקאָמע פון אונדזער שטאב האָב איך זיך ארײַנ-באקומען ארבעטן אין דער דײַטשישער מעלוכישער דרוקעריַי. מאכמעס דעם, וואָס דער מערסטער טייל ארבעטער האָבן מיך געקענט פון פריִער, בין איך גויווער געווען אלע שוועריקײַטן.

איך הייב גלײַך אָן ארבעטן פאר אונדזער זאך. סאָניע מאדייסקער האָט מיט מיר אָפגערעדט, אז אפ מאָרגן צוועלף אזייגער, ווען בא אונדז איז מיטיק און די דרוקעריַי איז א האלב שאָ אָפן, וועט ווארטן אפ מיר באם טויער א מענטש, וועלכן איך דארף איבערגעבן אלץ, וואָס איך וועל ארויסבאקומען פאר דער דרוקעריַי. דער סימען



אומלעגאלע אנטיפאשיסטישע אויסגאבעס אין ווילנע בײַם דער דײַטשישער אָקופאציע.

פון דעם מענטשן דארף זײַן: מיטעלע הייך, אין ברילן, מיט א שוואַרצן מאנטל און א קאראקולנעם קאָלנער און אין האַנט וועט ער האַלטן אַן אופגעדרייטע פוילישע צײַטונג „גאָניעץ צאָדזיענני“.

פּינקטלעך צו דער צײַט איז ער געקומען. ער נעמט צו מײַן „פּאַקעט“ און גייט זיך ווײַטער. אין געטאָ האָט מיר שוין סאָניע אָפּ־געגעבן א גרוס, אז דער פּאקעט איז געבראכט געוואָרן בעשאָלעם און אז מאָרגן וועלן שוין קומען צוויי כאַווײרים, קעדיי צו נעמען מער. און אזוי טאקע א וואָך נאָכאנאנד פלעגן יידע צו מיר קומען אין דער אָפּגעמאכטער צײַט, און איך פלעג זיי איבערגעבן פאר־שיידענע פּעקלעך שריפט און מאכשירים. שפּעטער, עס זאָל ניט אויסקומען פאַרדעכטיק, פלעגט קומען איינער — דער, מיט וועלכן איך האָב געהאַט די ערשטע באַגעגעניש. זײַן נאָמען איז יאַן פּשע־וואַלסקי — א דרייסטער פוילישער קאָמוניסט.

אונדזערע טעגלעכע טרעפונגען האָבן אָנגעהאַלטן איבער א כוידעש, ביז אַפ שלאָס־גאַס 15 איז פארטיק געוואָרן א געהיימע דרוקערײַ מיט אלדז'ס נייטיקס: פּאַפּיר, פארב, שריפט, ראַמעס, שליס־מאַטעריאלן, אאַ. דאָס גאַנצע אוועקנעמען און ארויסטראָגן פון פאבריק איז פאָרגעקומען אזוי:

באַם פאַנאַנדערנעמען די שוין אָפּגעדרוקטע זאצן פון „גאָניעץ צאָדזיענני“ קען מען צוקומען צו אלע שריפטן און מע האָט ניט

Po przeczytaniu podaj drugiemu!

**sztandar wolności**

ORGAN ZWIĄZKU PATRIOTÓW POLSKICH W WILNIE

Rok I    Wilno, 3 grudnia 1943 r.

PATRIOTYZM I PATRIOTYZM

[illegible]

די אנטי־פאשיסטישע צײַטונג „שטאנדאר וואָלנאָשצי“ (די פרײַהײַטס־פאָן).

איבער זיכ קיינ באלעבאָס. באמ פאנאנדערנעמענ די שריפט כלעג איכ אופקלײַבנ אונ באהאלטנ דאָס, אינ וואָס מיר האָבנ זיכ גענייטיקט. איכ האָב זיכ געדארפט היטנ פאר דרײַ הונדערט אויגנ. מײַנ טרעפ-צײַט מיט יאנעָנ איז געווענ האלב פינפ פארנאכט, ווענ איכ פלעג גיינ צוריק אינ געטאָ.

איינמאָל רייד איכ מיט אימ אָפּ, ער זאָל מאָרגנ קומענ מיט א גרויסנ פּאָרטפעל צונעמענ בא מיר א ראמ, א וואליק, א גראנקע אונ א ווערסטאק. איכ האָב דאָס אָפּגעלייגט אינ דרוקערײַ אונ מוז דאָס אומבאדינגט צונעמענ.

די ראמ פאסעווע איכ אײַנ ארום זיכ. אונ די איבעריקע זאכנ פארוויקל איכ אינ מאקולאטור ווי א פעקל. באמ טויער — אנ איבע-ראשונג. עס שטייט דער דירעקטאָר שקעמאס. ער פרעגט מיכ, וואָס איכ טראָג. איכ ענטפער אימ קאלט, אז מאקולאטור, ווײַל איכ האָב ניט אינ געטאָ מיט וואָס צו הייצנ. דער דירעקטאָר האָט מיר געגלייבט. ארויס דורכנ טויער מיט א פויקנדיקנ הארצ, זוכ איכ יאנענ, אונ פונ יענעמ — ניט קיינ סימענ. איכ לויפ ארומ אינ סאָד צווישנ די ביימער, טאָמער פארשטעלט ער זיכ. דער מענטש איז ניטאָ.

דערווײַל ווערט שפעט, אונ מער ווי ביז זעקס אזייגער טאָר א ייִד זיכ ניט באווײַזנ אינ די גאסנ. איכ באשליס צוריק ארײַנגיינ אינ דרוקערײַ, באהאלט: מײַנ אָנלאָדונג אינ א מאלינע אונ אליינ אװעקגיינ אינ געטאָ. אָבער עס טוט זיכ ניט, ווי מע וויל. אינ הויפ פונ דרוקערײַ שטייט נאָכ אלצ דער דירעקטאָר — ווענ ארײַנגיינ צוריק קענ ניט זײַנ קיינ רייד. איכ מאכ האשיוווינו נאזאד, אונ אנ אָנגעלאָדענער מיט בלײַ אונ אײַזנ, שפאנ איכ אוועק אינ געטאָ. אינמיטנ וועג — א קאטאסטראָפע. ס'האָט געפּלאצט דער פּא-סיק, אונ די שווערע ראמ ציט אראָפּ מײַנע הויזנ. איכ גיי אונ פאריכט זיכ. דורכ דער מאנטל-קעשענע האלט איכ אונטער די ראמ. מײַנ איינציקע האָפענונג — וואָס גיכער אינ געטאָ. מיט מאטערניש דערקראָכנ צו דער געטאָ, ערשט מורער רעווידירט באמ טויער. ווו צו גיינ צוריק האָב איכ ניט, ווײַל ס'איז שוינ זעקס אזייגער. די ראמ מיט מײַנע הויזנ ציִענ זיכ אלצ נידעריקער. איכ האָב באשטימט פאר יעדנ פרײַז אויסצומײַדנ דעמ קאָנטראָל. אונ ווענ מורער איז געווענ פארנומענ באמ שמײַסנ א ייִדישע פרוי, האָב איכ זיכ ארײַנגעדרייט אינ געטאָ...

מײַנ לאָדונג האָב איכ אָפּגעגעבנ סאָניענ מיט בערלענ, אונ זיי

האָבן דאָס אַפּ מאָרגן איבערגעגעבן יאַנען, וועלכער האָט שוין ניט געטאָרט צו מיר קומען, ווײַל מע האָט אים נאָכגעשפּיאָנירט.

אויסגעשטאַט פולשטענדיק די דרוקערײַ אין שטאָט, בין איך צוגעטראָטן צו קאָמפּלעקטירן א צווייטע דרוקערײַ אין געטאָ גופא..."

אין די בײדע דרוקערײַען זײַנען ארויסגעגעבן געוואָרן פארשיי־דענע צײַטונגען, פלאקאטן, פלוגבלעטלעך אין ליטוויש, דײַטש און פויליש. אַפּ פויליש איז ארויסגעגעבן געוואָרן די צײַטונג „שטאַנדאַר וואָלנאָשצי", וווּ עס זײַנען געדרוקט געווען די ארטיקלען פון איציק וויטענבערג, סאָניע מאדייסקער, יאַן פּשעוואַלסקי און ד״ר גאָרדאָן. שפּעטער זײַנען צוגעצויגן געוואָרן פּויל־שע ליטעראטן. אין דער רעדאקציע־קאָמיסיע זײַנען ארײַן: יוזעפא פּשעוואַלסקא, ווערא אגאַניאָווסקא און סאָניע מאדייסקער.

## ספּעציעלע אָפּטיילונג בא פ. פּ. אָ.

דער ציל פון אָט דער אָפּטיילונג איז געווען: ארויסבאַקומען געהיימע באַפעלן וועגן ייִדן פון דער דײַטשישער מאַכט; ארויסבאַקומען וויכטיקע מיליטערישע סוידעס; אופדעקן געסטאַפּאָ־אַגענטן פון דרויסן און אין געטאָ; האָבן א קאָנטראָל איבער די מיטגלידער פון פ. פּ. אָ.

די גרופּע איז געווען קאָנספּיראַטיוו פאַר דער גאַנצער אָרגאַני־זאַציע, קיינער זאָל ניט וויסן, ווער עס זײַנען אירע מיטגלידער. מיט דער ספּעציעלער אָפּטיילונג האָט אָנגעפירט דער שטאַב־מיטגליד יוסעף גלאַזמאַן, איינער פון זײַנע וויכטיקסטע אַגענטן איז געווען מירע גאַניאָנסקי (העלדיש אומגעקומען אין וואַלד באַם אַגיטירן די פּאָליציי, זי זאָל אריבערגיין צו די פּארטיזאַנער). אַדאַנק איר שיינקייט האָט זיך איר אײַנגעגעבן צו געווינען דעם צוטרוי פון דעם שעף פון „איפּאַטינגא" בוראַקאַס און דעם מאַיאָר מאַרושיס און ארויסקריגן בא זיי יעדיעס וועגן געפּלאַנטע גזירעס אַפּ ייִדן, פּאָליאַקן און קריגס־געפאַנגענע.

ווערליק א באַפעל פון פ. פּ. אָ.־שטאַב האָט גאַניאָנסקי זיך דערנענטערט צום פּאָליציי־שעף פון געטאָ דעסלער און געוואָרן בא אים אונדזער פאַרטרויטע אַגענטן. דאָרט האָט זי ארויסגעגאַנווערט בלאַנקען פון געסטאַפּאָ, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט פאַר זיך אויסגענוצט.

עטלעכע מיטגלידער פון דער ספּעציעלער אָפּטיילונג זײַנען בעקיוון ארײַן דינען אין דער ייִדישער פּאָליציי, כדי צו זײַן אַפּ דער וואַך איבער די געשעענישן אין געטאָ. די ספּעציעלע גרופּע האָט אויך אויסגעפונען פאַררעטער אין שטאָט און איבערגעגעבן זייערע

נעמען דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. אַפּן סמאַך פֿון אַזאַ אינ־פֿאָרמאַציע איז דערשאָסן געוואָרן די פּוילישע געסטאַפּאָ־אַגענטן ווילעושאַנסקאַ און נאָך איינער.

די גרופּע האָט אויך געהאַט די וואַך איבער די מיטגלידער פֿון פּ. פּ. אָ. ווען איינער אַ מיטגליד איז געווען אין כשאַד, האָט מען אים פֿון דער אָר־גאַניזאַציע ניט אַרויסגעוואָרפֿן, נאָר מע האָט אים אַרײַנגענומען אין אַ פּיק־טיווער גרופּע, וואָס האָט זיך ניט פֿאַרנומען מיט קיין פּראַקטישער אַרבעט.

## דער הימן פֿון פּ. פּ. אָ.

זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלײַענע פֿאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שאָ,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט: מיר זײַנען דאָ!

פֿון גרינעם פּאַלמען־לאַנד ביז לאַנד פֿון ווײַסן שניי
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּײַן, מיט אונדזער וויי.
און וווּ געפֿאַלן איז אַ שפּריץ פֿון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבֿורה, אונדזער מוט.

ס'וועט די מאָרגן־זון באַגילדן אונדז דעם הײַנט.
אונדזער נעכטן וועט פֿאַרשווינדן מיטן פֿײַנט.
נאָר אויב פֿאַרזאַמען וועט די זון און דער קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל גיין די ליד פֿון דאָר צו דאָר.

געשריבן איז די ליד מיט בלוט און בלײַ,
ס'איז ניט קיין לידל פֿון אַ פֿויגל אויף דער פֿרײַ,
דאָס האָט אַ פֿאָלק צווישן פֿאַלנדיקע ווענט
די ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלײַענע פֿאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שאָ,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט: מיר זײַנען דאָ!

דער מחבר פֿון דעם הימן איז אַ יונגער ייִדישער דיכטער הירש גליק. נאָך דער ליקווידאַציע פֿון געטאָ איז ער באַם פּרוּוו זיך אַרויסרײַסן פֿון אַרומרינגלונג פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער

געסטאפאָ און איז פארשלעפּט געוואָרן אין א קאָנצלאגער אין עסט-לאנד. דאָרט האָט מען אים אין סענטיאבער 1944 אומגעבראכט.

## מיר פייערן דעם 1־טן מיי (1943)

געהיים האָבן מיר זיך אופגעקליבן אין קאפע אף שאוולער 6. דער אוילעם איז באשטאנען פון די מיטגלידער פון דער פארטיזא-נישער אָרגאניזאציע, פון שול-יוגנט און די קינדער פון יוגנט-קלוב. מע איז געגאנגען אָנגעטאָן אין ווייסע בלוזעס. יעדער איינציקן האָט מען אָנגעשטאָכן באם אריינקומען א רויט שלייפעלע. דער זאל איז באפוצט געווען מיט גרינס, מיט בלומען. די יוגנט האָט עס ארייַנ-געטראָגן פון דער צוואנגס-ארבעט אין שטאָט. געטראָגן עס באהאלטן, די זשאנדארן זאָלן ניט זען. די רייכעס פון גרינס רופן צו פרייַהייט. אין א פּאָשעטן צווייַגל איז קאָנצענטרירט דער פרילינג.

די פייערונג האָט געעפנט א מיטגליד פון דער פארטיזאנישער אָרגאניזאציע. אין אָנהייב האָט ער אלעמען געבעטן זיך שטעלן לעקאָווועד דעם אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 20־טן אפּרעל דאָס יאָר. „אין דער זעלבער צייַט, ווען מיר פייערן דעם 1-טן מיי, — האָט ער געזאָגט, — ראנגלען זיך אונדזערע ברידער אין ווארשע אין ברענענדיקע פייערן. נאָענט איז דער טאָג, ווען אויך מיר וועלן דארפן ארויסטרעטן מיט געווער. לאָמיר נעמען א מוסטער פון ווארשע און קעמפן ביזן לעצטן".

מע האָט איבערגעלייענט דעם פּאָליטישן ביולעטען פון דער געהיימער געטאָ-ראדיאָ. מע האָט געזונגען רעוואָליוציאָנערע לידער. דער פידלער ראבינאָוויטש האָט געשפּילט. איך האָב פאָרגעלייענט מייַן ליד „א נעם טאָן דאָס אייַזן".

אין זאל איז אויך בייַגעווען די ליטווישע שרייַבערין שימייטע. זי איז געקומען אין געטאָ מיטפייַערן דעם יאָמטעוו.

* * *

נאָך דער אלגעמיינער פייַערונג האָבן מיר זיך אופגעטראָפן א גרופּע כאווירים בא וויטענבערגן אין שטוב. דאָ אין דעם ענגן קרייַז האָט וויטענבערג געהאלטן א רעדע. ער האָט געגעבן אן איבערבליק פון דער לאגע אפן פראָנט, דערציילט וועגן די דייַטשישע מאפּאָלעס און ארויסגעזאָגט א געדאנק, אז ווען די רויטע ארמיי וועט זיך דערנעענטערן, וועט אונדז אויסקומען זיך אריבערטראָגן אין שטאָט, אופהייבן די גאנצע באפעלקערונג און מיטהעלפן צו באפרייַען ווילנע.

# אונטערנ שוצ פונ עסטער־ראָכל קאמינסקי

איך האָב געארבעט אינעמ ביניענ פונ געוועזענעמ וויסנשאפט־לעכנ אינסטיטוט אינ דעמ „איינזאצ־שטאב־ראָזענבערג", וואָס האָט זיכ פארנומענ מיט אופזאמלענ אונ פארוויסטנ די קולטור־אויצרעס פונ די ווילנער מוזייענ אונ ביבליאָטעקנ. בא מײַנ גאנצער פארטאָנענקייט אינ ראטעווענ די קולטור־אויצרעס האָב איכ ניט פארגעסנ, אז מיר מוזנ זיכ פארטיידיקנ. די פארטיזאנישע אָרגאניזאציע האָט זיכ גענייטיקט אינ קוילנווארפער. מיט מיר צוזאמענ האָט געארבעט מײַנ כאווער קאטשערגינסקי. מיר האָבנ ביידע באשלאָסנ צו באקומענ א קוילנווארפער.

קאטשערגינסקיס פרוי, אליינ א קראָקעווער, מיט א ניט־ייִדיש פאָנעמ, איז פונ ערשטנ טאָג ניט אריינ אינ געטאָ. זי האָט געלעבט ווי א ניט־ייִדישע אינ צענטער פונ שטאָט בא איר מאנס א גוטנ כאווער א ליטווינער, וועלכער האָט זי באזאָרגט מיט פאלשע דאָקומענטנ. איכ האָב איט אויכ געקענט. זײַנ נאָמענ איז יוליאנ יאנקאוסקאס. ער פלעגט אָפט קומענ צו אונדז צומ טויער פונ אינסטיטוט, פלעגט ברענגענ עסנ אונ אופרופנ פונ די אונטערערדישע אָרגאניזאציעס.

איינמאָל האָבנ מיר אימ געזאָגט, אז די געטאָ נייטיקט זיכ אינ געווער. אפ מאָרגנ פרי האָט ער אונדז געבראכט א רעוואָלווער. אינ מעשעכ פונ א כוידעש האָט ער אונדז איבערגעגעבנ א צוואנציק שטיק: נאגאנעס, מאוזערס אונ דרײַצנ־קויליקע בעלגישע פאראבעלנ מיט א טויזנט קוילנ. ער האָט צוגעזאָגט צו ברענגענ א קוילנווארפער.

אינ אנ אָפגערעדטנ טאָג, זיבנ אינדערפרי, גלײַכ ווי מיר קומענ צו דער ארבעט, האָט ער געזאָלט ברענגענ דעמ ערשטנ קוילנווארפער. מיר האָבנ שוינ געהאט אנ אָרט, ווו די טיילנ פונ קוילנווארפער צו באהאלטנ, אויכ דער פלאנ אימ אריבערטראָגנ אינ געטאָ איז שוינ געווענ צוגעגרייט. איכ האָב קוימ דערלעבט דעמ פרימאָרגנ. דאָס איז געווענ אינ דעמ טאָג, ווענ מע האָט אראָפגעוואָרפנ מוסאָליני. בא אונדז אלעמענ איז געווענ א געהויבענע שטימונג.

יאנקאוסקאס איז אינדערפרי ניט געקומענ. מיר האָבנ ניט גע־ווּסט וואָס איבערצוקלערנ. עפשער א דורכפאל? שוינ צענ אזייגער, עלפ, אונ דער מענטש איז ניטאָ. אפילע די דווײַ אומבאקאנטע בריוו שאָלעמ־אלייכעמס, וואָס איכ האָב צופעליק געפונענ אינ אנ אלטער געמאָרע, האָבנ ניט בעסער געמאכט די שטימונג.

אינ צימער גייט אריינ ד"ר ספינקלער, דער פארטיי־טעאָרעטיקער

פונ דעמ „אייַנזאצ-שטאב-ראָזענבערג" אינ ווילנע. הייַנט איז ד"ר כפּינקלער אינ א גוטער שטימונג: ער האָט געקראָגנ פונ בערלינ א בריוו, אז זייַנ פרוי איז לעבנ געבליבנ נאָכ א גרויסער באָמבארדירונג. אָט א פרייד! די גאנצע גאס איז צעפאלנ שטיקערווייַז, בלויז דער אונטערשטער גאָרנ, ווו ס'ווױנט זייַנ מאריטע, איז פארבליבנ.

געקומענ איז ער אָנזאָגנ אונדז, אז מיר זאָלנ גוט ארופנייענ אפ אונדזערע בגאָדימ די געלע לאטעס. ניט בלויז אפ די אויבער-רעקלעכ אלייִנ מוזנ זיי זייַנ פארפעסטיקט, נאָר אויכ אפ די העמדער אונ בלוזעס. אזוי איז דער באפעל פונ מורערנ. אינ צוויי שאָ ארומ, נאָכ מיטיק, וועט אהער קומענ א הויכע קאָמיסיע פונ בערלינ צו באקוקנ די אנטי-ייִדישע אויסשטעלונג, וואָס אפנ אייבערשטנ גאָרנ. קענ זייַנ, זי וועט ארייַנקומענ אינ אָט די צימערנ אויכ. ביכלאל ראט ער אונדז זיכ ניט ווארפנ אינ די אויגנ.

איכ בינ שוינ צופרידנ, וואָס יוליאנ איז ניט געקומענ. מער ווי דאָס פעלט מיר ניט: ברענגענ אינ אינסטיטוט געווער אינ דער צייַט פונ דער קאָמיסיע. איכ האָב זיכ ווידער גענומענ צו דער ארבעט — אופקלייַבנ די קלײנע, צעוואָרפענע צעטעלעכ פונ ד"ר אלפרעד לאנדויס ייִדישנ ווערטערבוכ. זעכציק יאָר האָט דער גרויסער פילאָלאָג גע-שריבנ זייַנ לעבנס-ווערק אינ ניט באוויזנ פארנ לעבנ ארויסצוגעבנ. נאָכ זייַנ טויט האָבנ די קרויווים זייַנע אלע ווערק מיט דער פּריוואט-ביבליאָטעק צוזאמענ איבערגעגעבנ אינ ייִדישנ וויסנשאפטלעכנ אינ-סטיטוט אינ ווילנע. מייַנ פרייַנט גינינגער, פונ טשערנאָוויץ, האָט מיט עטלעכע יאָר פאר דער מילכאָמע זיכ באזעצט אינ ווילנע אונ פלייַסיק געארבעט באמ צונויפשטעלנ דעמ ווערטערבוכ. איצט וואלגערנ זיכ די צעטעלעכ, צעטראָטענע אפ דער ערד. איכ קלייַב זיי אופ, לייג זיי ווידער ארייַנ אינ די טאקטורענע שאכטלעכ אונ טראכט, אינ וועלכנ פונ מייַנע ערטער זיי צו באהאלטנ.

דער זייגער ווערט איינס. אונדזערע דייַטשנ פאָרנ אוועק אפ מיטיק. עס בלייַבט נאָר איבער דער אופזעער ווירבליס. ער דארפ זיכ צוהערנ, וואָס די ייִדנ ריידנ, צוזעג, וואָס די ייִדנ טוענ.

צוואנציק פולע קעסטלעכ מיטנ ווערק פונ אלפרעד לאנדוי זייַנענ שוינ אופגעפאקט. איכ פארוויקל זיי מיט מאקולאטור אונ באשליס נאָכ הייַנט זיי אריבערצושיקנ אינ א באהעלטעניש. די לערערנ קרינסקי איז וואכ בא דער טיר, קוקט, צי מע גייט ניט.

מיטאמאָל, איכ גיב א הייב דעמ קאָפּ אונ איכ זע כונ פענצטער יאנקאוסקאסנ. זייַנ הויכע, דארלעכע פיגור וואָלט איכ דערקענט באנאכט.

אינ האנט שלעפט דער יונג א טשעמאָדאנ, אינ וועלכנ איכ וואָלט אפּ זיכער געקענט ארײַנקריכנ.

אינ קאָפּ גיט א שלאָג דאָס בלוט. איכ הייס דער לערערנ קרינסקי, זי זאָל אפּ א האלב שאָ פּארדרייענ דעם קאָפּ אונדזער היטער ווירבליסנ. איכ מיט קאטשערגינסקינ לויפנ אראָפּ אפנ הויפ צו יאנקאוסקאסנ, יענער ווארט שוינ צווישנ די ביימער. עס גיסט



א. סוצקעווער אינ ווילנע
אינ די טעג פונ איר באפרײַונג.

פונ אימ א שווייס. ער ווישט זיכ מיט א טיכל דאָס פּאָנעמ אונ דערציילט: אינדערפרי האָט ער ניט געקענט קומענ, ווײַל דאָרטנ, ווו ס'האָט זיכ געפונענ דער קוילנווארפער, וואָס איז געווענ פארגראָבנ אינ א קעלער, איז גראָד פאָרגעקומענ א רעוויזיע. מע האָט אלע דרײַ הונדערט אײַנוווינער ארעסטירט אונ אוועקגעשלעפּט אינ געסטאפּאָ. ערשט ניט לאנג האָט ער ארויסבאקומענ פונ דאָרט דעם קוילנווארפער.

ער איז אין טשעמאָדאַן. די פּיסלעך טראָגט ער באַזונדער, אַרײַנגע־שפּאַרט אין גאַרטל פֿון די הויזן...

אויף אַזוינס האָבן מיר זיך ניט גערעכנט. אינמיטן העלן טאָג, איינס אַזייגער, שפּאַצירן איבער די ווילנער גאַסן מיט אַ קוילנוואַרפֿער! נאָר לאַנג האָט מען ניט געטאָרט טראַכטן: צוויי אַזייגער דאַרף אַהער קומען די בערלינער קאָמיסיע. אַנטקעגן דעם ייִוואָ־בנין געפֿינט זיך דער שטאָף־באַטאַליאָן פֿון עס־עס. איבערן הויף דרייען זיך אַרום אַלערליי מענטשן. איך האָב אַ נעם געטאָן דעם טשעמאָדאַן, קוים אים אויפֿגעהויבן. זאַלבעצווייט האָבן מיר אים אַרײַנגעטראָגן אין קע־לער פֿון בנין און פֿאַרגראָבן אין אַ קופּע צײַטונגען. דאָרט האָבן מיר אים פֿאַנאַנדערגענומען און איין טייל אַרופֿגעטראָגן אין דער הייך אין בילדער־צימער, דער קוילנוואַרפֿער זאָל אין יעדער פֿאַל ניט זײַן קיין גאַנצער.

אין דער זעלבער צײַט איז די פּאַרטיזאַנקע ריזל קאָרטשאַק אַוועקגעלאָפֿן אָן אַ לאַטע אין שטאָט צו וויסן געבן די כאַווייִרים אין געטאָ, מע זאָל קומען וואָס גיכער אָפּנעמען דעם קוילנוואַרפֿער.

דער בילדער־צימער איז מיט איין ווענטל געווען אָפּגעטיילט פֿון מײַנעם. ער האָט געהערט, אַזוי צו זאָגן, צו מיר. אַלע ייִדישע בילדער, אויפֿגעשלעפּטע פֿון קאָלערליי מוזייען, זײַנען צוערשט גע־בראַכט געוואָרן צו „מיר“ אין צימער. איך האָב זיי באַדאַרפֿט פֿאַר־שרײַבן, נומערירן און שפּעטער זיי אַרײַנטראָגן אין בילדער־צימער דורך אַ טיר, וואָס האָט פֿאַרייניקט ביידע צימערן. איך האָב גע־נומען די לופֿע פֿון קוילנוואַרפֿער, זי צוגעדעקט מיט דרײַ בילדער. אונטן, אויפֿן סאַמע אײַזן, אַ פּאָרטרעט פֿון עסטער־ראָכל קאַמינסקי. דאָס בילד איז פֿון טעאַטער־מוזיי באַם ייִוואָ. די מאַמע פֿון ייִדישן טעאַטער איז דאָרט יונג, שיין, מיט אַ שלייער אַריבערגעוואָרפֿן אַריבער די האָר... דאָס צווייטע בילד, וואָס האָט באַפּאַנצערט דעם קוילנ־וואַרפֿער, איז אַ צייכענונג פֿון מאַרק שאַגאַל. דאָס דריטע, סאַמע אויבן, איז מינקאָווסקיס באַקאַנט בילד „פּליטים“ פֿון אַנסקי־מוזיי. דעם אָנגעלאָדענעם דיסק פֿון קוילנוואַרפֿער האָב איך אַרײַנגעטראָגן צו מיר' אין מאַנוסקריפּטן־צימער, אים אַרײַנגעלייגט אין אַ טאַק־טורענעם שאַכטל און אים צוגעדעקט מיט אַ טאַנאַך.

דאָס מיידל, וואָס איז אַוועקגעלאָפֿן אין שטאָט, האָט זיך אומ־געקערט מיט אַ טרויעריקער ידיִעה: קיטעל איז געקומען אין געטאָ אַרעסטירן דעם קאָמאַנדיר פֿון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע וויטענבערגן. דער טויער ווערט שטאַרק געהיט, און עס איז הײַנט ניט מעגלעך אַרײַנצוטראָגן דעם קוילנוואַרפֿער.

עס האָט זיכ דערהערט א סיגנאל פונ אנ אווטאָ. עס איז ארײַנגעפאָרנ די בערלינער קאָמיסיע... פיר קנאקעדיקע דײַטשנ זײַנענ ארויס פונ דער מאשינ. אלע אינ ברוינע אוניפאָרמענ, ווי די מיטארבעטער פונ ראָזענבערג-שטאב, אונ אפ די ארבל שווארצע האקנקרייצנ אפ א רויטנ פאָנ.

די געסט זײַנענ ארופ אינ דער הייכ צו דער ספעציעל צוגעגרייטער אנטי-ייִדישער אויסשטעלונג. דאָרט זײַנענ געווענ אויסגעשטעלט צענדליקער אנטיהיטלעריסטישע אויסגאבעס אונ קאריקאטורנ, געשאפענע דורכ ייִדנ אינ אלערליי שפראכנ אונ לענדער. דאָרט איז אויכ געווענ א ווינקל סאָוועטיקא מיט בילדער פונ סאָוועטישע אָנפירער אונ אויסגאבעס פונ מארקסיזם. די גאנצע אויסשטעלונג איז געווענ אזוי געמאכט, אז מע האָט זי געקענט ווײַזנ אינ א סאָוועטישער שטאָט אָדער אינ אויסלאנד. עס האָט זיכ באקומענ פונקט פארקערט, ווי די דײַטשנ האָבנ פארטראכט: ניט קיינ אנטי-ייִדישע אויסשטעלונג, נאָר אנ אנטידײַטשישע.

די אויסשטעלונג איז טאקע ניט געפעלנ דער בערלינער קאָמיסיע. די דײַטשנ שרײַענ עפעס מיט ווילדע קולעס, אונ כפאָרקעטס שטיוול קלאפנ נערוועז איבערנ קאָרידאָר.

איכ דערהער, ווי עס עפנט זיכ די טיר פונ בילדער-צימער. דורכגעפאלנ מיט דער אויסשטעלונג, האָט כפאָרקעט אפאָנעם באשלאָסנ צו מעכאבעד זײַנ זײַנע געסט מיט די ייִדישע בילדער. איכ הער דורכנ ווענטל, ווי ער דארשנט וועגנ דעמ הויכנ ווערט פונ די בילדער אונ מיט וויפל שוועריקײַטנ עס איז אימ אָנגעקומענ זיי צו געפינענ.

„דיזעס בילד שטעלט יודישע פליכטלינגע דאר" — הער איכ, ווי כפאָרקעט נעמט אראָפ דאָס בילד פונ מינקאָווסקי, אונטער וועלכנ עס ליגט די לופע פונ קוילנוואָרפער, אונ באווײַזט עס זײַנע בערלינער כאווײרימ. איכ פיל, ווי מײַנ הארצ ווערט א קעסלגרוב. דאָס בלוט שפארט מיר אינ די אויגנ. באלד קומט פאָר די קאטאסטראָפע. מע וועט געפינענ די לופע אונ אכוצ די דרײַסיק ייִדנ, וואָס ארבעטנ אינ ייִוואָ, וועט מענ זיכער אומברענגענ די געטאָ! אונ ווער איז שולדיק? איכ! וויאזוי בינ גיכ געווענ אזוי לײַכטזיניק? וואָס טוט מענ? ווי ראטעוועט מענ די ייִדנ? וואָס איז שולדיק די יונגע לערערנ, וואָס איר איינציקע טרייכט איז מאָרגנ זיכ טרעפנ מיט איר קינד, וואָס האָדעוועט זיכ בא א פויערטע. די יוגנט! ווי גיט מענ זיכ אנ אייצע? מיטאמאָל פאלט מיר אײַנ א מעשוגעדיקער געדאנק. ניטאָ קיינ צײַט אימ איבערצוטראכטנ, מע מוז האנדלענ גיכ.

איך לויף אריַין אין בילדער-צימער, שריַי: „פּערציַיען זי״, לויף ארויס צוריק דורך דער צווייטער טיר, און דורכן קאָרידאָר קום איך ווידער אין מיַין צימער. מיט דעם האָב איך געוואָלט אָפּווענדן זייער אופמערק צו די בילדער. זאָלן זיי מיינען, אז איך בין א מעשוגענער, אבי צורו לאָזן די בילדער, אונטער וועלכע עס געפינט זיך די לופע פון קוילנוואָרפער. די לערערן איז בלייך. זי שטויסט זיך אָן, אז דאָ איז ערעוו אן אומגליק. און מאָרגן דארף זי זיך זען מיט איר קינד. זי האָט צוגעגרייט פאר אים א פּאָר בלויע שיכעלעך. ווי טוט מען זיי אהין? די דיַיטשן וועלן געפינען די שיכעלעך און ארויס-קריגן דאָס קינד!

איך שטיי ווידער בא דער טיר, הער, וואָס עס טוט זיך אין בילדער-צימער. מיַין אריַינלויף האָט זיי צעטומלט: „ווער איז דער פּאַריקטער יודע?״ האָט א הויכער דיַיטש, ווי א שטייענדיקער שלאנג, ארויסגעצישעט. ספּאָרקעט האָט אים געפּרווט פארריידן: אראָפּגענומען דאָס צווייטע בילד, מארק שאגאלס צייכענונג. דער מאָלער איז א ייִד, וואָס האָט פארייִדישט די קונסט אין אייראָפּע, — קלערט אופ ספּאָר-קעט. אין קאָפּ ברענט מיר. דער גאָרגל ווערט מיר אופגעקוועטשט ווי אין א פויסט. די לעצטע פּעכטונג איז עכטער-ראָכל קאמינסקי! זי אליין באפאנצערט דעם קוילנוואָרפער. נאָך א סעקונד, און עס געשעט די קאטאכטראָפּע. די לערערן דערשרעקט זיך פאר מיַין אויסזען. צום צווייטן מאָל טו איך א ריס די טיר און שניַיד זיך אריַין מיט א געלאָפּ צווישן די דיַיטשן. מיַינע הענט וואַרפן זיך פאָרויס, פון מיַין קאָפּ גיסט א שווייס, און ווילדע פארצווייפלונג טראָגט זיך פון מיַין יעדער באוועגונג. די דיַיטשן פארשטייען ניט, וואָס דאָ קומט פאָר. דער מעשוגענער ייִד האָט זיך דורכגעדרייט ווי א שעד דורכן צימער און איז ווידער נעלעם געוואָרן. ספּאָרקעט, מיט מארק שאגאלן פארגליווערט אין האנט, ווייסט ניט מיט וואָס זיך צו פארענט-פערן, און דער שטייענדיקער שלאנג רופט זיך אָפּ צו זיַינע כאווירים:

„שנעל. פאָרט אאוס דיזעם אירענ-האוז!״ ס'הייסט: גיך, לאָמיר זיך אָפּטראָגן פון דעם מעשוגאָים־הויז. און די דיַיטשן האָבן בייזע, אנטוישטע ארויסגעמארשירט פון צימער.

אין עטלעכע טעג ארום האָבן מיר דעם קוילנוואָרפער אריַינגעטראָגן אין געטאָ, אים אופגעשטעלט און זיך געגרייט אופצונעמען דעם סוינע.

דעם 12-טן סעפּטיאבער 1943 האָט ער אונדז געהאָלפן דורכ-צוריַיסן זיך דורך דער געטאָ, אנטלויפן אין וואלד און זיך אָנשליסן אָן א פּארטיזאנישער מאכנע.

# איציק וויטענבערג

דער אָרגאניזאטאָר אונ באגײַסטערער פונ דער פארטיזאנישער אָרגאניזאציע אינ געטאָ, איר קאָמאנדיר איז געוועזנ איציק וויטענבערג, געבאָרנ אינ 1907 אינ ווילנע, אינ אנ ארבעטער-מישפאָכע. ער האָט געענדיקט א ייִדישע פאָלקסשול אונ אוועק זיכ לערנענ שטעפערײַ. אינ די אָוונטנ, ווי עס דערציילנ זײַנע כאווײרים, האָט ער א סאכ געלייענט. ער האָט זיכ אויסגעצייכנט מיט פילזײַטיקע אינטערעסנ.

גאנצ יונג האָט ער גענומענ ארבעטנ אינ דער פראָפעסיאָנעלער באוועגונג. ער האָט געהערט צו דער פוילישער קאָמוניסטישער פארטיי. ער האָט באקומענ די אלגעמיינע סימפאטיע פונ די ארבעטער. אינ 1936 האָט מענ אימ אויסגעקליבנ אלס פאָרזיצער פונ פראָפעסיאָנעלנ פארײַנ פונ לעדער-ארבעטער, וועלכנ עס פלעגט אָפט אויסקומענ צו ארבעטנ אינ אומלעגאלע באדינגונגענ. ער איז אויכ געוועזנ א מיטגליד פונעמ ראט פונ די פראָפעסיאָנעלע פארײַנענ אינ ווילנע.



ב. שערעשניעווסקי, דער סעקרעטאר פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי-אָרגאניזאציע אינ ווילנע בייס דער דײַטשישער אָקופאציע.

סאָפ אָקטיאבער 1939 האָט ער זיכ, אינ שײַכעס מיט דער נײַער פאָליטישער סיטואציע, באזעצט אינ ווײַסרוסישנ שטעטל דאָקשיצ, ווו ער האָט זיכ פארנומענ מיט פאָליטישער אונ קולטורעלער ארבעט. אינ יאָר 1940, נאָכ דער אויסבילדונג פונ דער ליטווישער סאָוועטנ-רעפובליק, איז ער צוריקגעקומענ קיינ ווילנע. ער איז געוואָרנ דער פאָרזיצער פונעמ פראָפעסיאָנעלנ פארײַנ פונ די לעדער-ארבעטער. בײַמ אויסברוכ פונ דער סאָוועטיש-דײַטשישער מילכאָמע האָט וויטענבערג ניט באוויזנ זיכ צו עוואקויִרנ פונ ווילנע.

עס האָט זיכ אָנגעהויבנ פאר אימ א שווערע

צײַט. מע האָט אימ געזוכט ווי א קאָמוניסטישנ טוער. ארבעטנ אינ א דײַטשישער אונטערנעמונג איז ער ניט געגאנגענ, אונ דאָס האָט נאָכ מער געשטעלט זײַנ לעבנ אינ סאקאָנע. דאָ, אינ די 7 בלוטיקע געסלעכ, האָט אימ פארכאפּט בלויז אײנ געדאנק: צוגרייטנ א באוואָפנטנ ווידערשטאנד קעגנ דעמ דײַטשישנ אָקופּאנט. דער סעקרעטאר פונ דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער פּארטײ-אָרגאניזאציע אינ שטאָט, אײנער פונ די אקטיווסטע פּ. פּ. אָ.-קעמפער בערל שערעשניעווסקי, האָט מיר געזאָגט וועגנ וויטענבערגנ: „ער איז געווענ א פּאָליטיש געשולטער מענטש. אינ די שווערסטע סיטואציעס פונ אונדזער קאמפ אינ געטאָ האָט ער געפונענ אנ אויסוועג. ער איז געווענ דרייסט אונ קלוג. יעדער סיטואציע פלעגט ער באטראכטנ רויִק מיט זײַנ כאראקטעריסטישער קאלטקײַט". אבא קאָוונער, וויטענבערגס פארטרעטער, גיט צו: „ער איז געווענ אײנער פונ די אופריכטיקסטע מענטשנ, וואָס איכ האָב ווענ-ניט-איז געזענ אינ לעבנ. דעריקער האָט מיכ באגײַסטערט זײַנ פּאָשעטע אונ אָביעקטיווע באהאנדלונג פונ פּראָבלעמענ".

* * *

וויטענבערג, אונ זײַנ מיינונג האָט אָנגענומענ דער שטאב, האָט געהאלטנ: דער ציל פונ דער פארטיזאנישער אָרגאניזאציע אינ געטאָ דארפ זײַנ — פארטיידיקנ די באפעלקערונג פונ געטאָ אינ געטאָ גופע. אויב די אָרגאניזאציע זאָל אוועקגײנ פונ געטאָ, וועט עס הייסנ, אז מיר לאָזנ איבער אפ טויט די אומבאוואָפנטע באפעלקערונג.

ווענ עס האָט זיכ געשטעלט די פראגע וועגנ פארייניקנ זיכ מיט דער פארטיזאנישער באוועגונג אינ וואלד, האָט זיכ וויטענבערג געהאלטנ בא דער מיינונג: ווענ מיר וועלנ זיכ דערוויסנ, אז מע פארמעסט זיכ אומצוברענגענ די געטאָ, וועלנ מיר רופנ די באפעלקערונג אונטער דער שוץ פונ אונדזער געווער דורכרײַסנ די טויערנ אונ אוועקגײנ אינ וואלד. אגעוו איז בא וויטענבערגנ געווענ א פלאנ: באמ פארלאָזנ די שטאָט אונטערצוצינדנ אלע מיליטערישע אָביעקטנ. דער דאָזיקער פלאנ וויטענבערגס האָט געגאָלטנ ווי א שטעלונג פונ דער פ. פ. אָ. ביזנ 16-טנ יול 1943.

דעמ 9-טנ יול 1943 זײַנענ ארעסטירט געוואָרנ אײניקע מיטגלידער פונעמ שטאָטישנ פארטײ-קאָמיטעט. אפ מאָרגנ איז קיטעל געקומענ אינ געטאָ אונ געפאָדערט וויטענבערגנ.

ווי א באווײַז, אז וויטענבערגנ דארפ מענ בלויז אויספאָרשנ, האָט קיטעל פריִער ארעסטירט אײנעמ אנ אווערבוכ אונ נאָכ דער אויספאָרשונג אימ גלײַכ באפרײַט. זאָל קומענ אויכ וויטענבערג, וועט

מען אים אויך אויספאָרשן און באַפרײַען. אַפן קיטעלס שפּיצל האָט מען זיך אָבער פאַרשטאַנען. מע האָט געמאָלדן, אַז וויטענבערג איז געשטאָרבן און באַוויזן קיטלען א פאַלשן שײַן פונעם שפּיטאָל אין געטאָ. קיטעל האָט זיך אָבער ניט באַרויִקט. ער האָט אַרײַנגעצויגן אין זײַן שפּיל דעם יידישן פּאָליציי-שעף פון געטאָ, דעם פאַרעטער דענלער, וואָס איז געווען אין געטאָ קיטעלס א געהיימער אַגענט. דעם 15-טן יול 1943, איינס באַנאַכט, איז אַפּ א באַראַטונג אין יידנראַט, ווו עס איז בײַגעווען וויטענבערג, געקומען פּאָליציי, אַרעסטירט וויטענבערגן און אים געשמידט אין קייטן. באַם טויער פון געטאָ האָט זיך אָבער וויטענבערגן מיט דער הילף פון עטלעכע פאַרטיזאַנער אײַנגעגעבן צו אַנטלויפן. עס איז דערקלערט געוואָרן א מאָביליזאַציע פון אַלע פאַרטיזאַנער אין געטאָ.

דעם 16-טן יול באַגינען איז אין געטאָ אָנגעקומען אַן אולטי-מאַטום: אויב ביז זעקס אָוונט וועט מען ניט אַרויסגעבן וויטענבערגן, וועלן פון קאָוונע קומען עראָפּלאַנען און מיט באָמבעס פאַרברענען די געטאָ. דערבײַ אָבער האָט קיטעל פאַרזיכערט, אַז אויב וויטענ-בערג וועט קומען אין געסטאַפּאָ, וועט ער אים נאָך דער אויספאָר-שונג באַפרײַען.

צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן א טראַגיש געראַנגל. איין טייל האָט געהאַלטן: זיך קעגנשטעלן און פאַרטיידיקן וויטענבערגן, דער אַנדער טייל האָט געהעצט די באַפעלקערונג, אַז די געטאָ איז ניט מעכוייעוו אומצוקומען צוליב איין מענטשן. א מיעסע ראָל האָט דערבײַ געשפּילט די אונטערוועלט, וואָס האָט זיך א לאָז געטאָן צו כאַפּן וויטענבערגן. דער אָרגאַניזירער פון אָט די פינצטערע קויכעס איז געווען דער דערמאָנטער דענלער.

וויטענבערג איז געזעסן אַפּ אָשמענער געסל נומ. 3, ווו מע האָט אויפגעשטעלט די צענומענע קוילנוואַרפער, און האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן, וויאַזוי צו פירן דעם קאַמף, ווען די דײַטשן וועלן אַהער אַרײַנקומען. ער האָט ניט געגלייבט, אַז די געטאָ וועט מען פאַר-וואַרפן מיט באָמבעס. עס איז בלויז קיטעלס א דראָונג, כאָטש אונדז איז גוט באַקאַנט געווען, אַז פיל געטאָס האָט מען יאָ פאַרוואָרפן מיט באָמבעס. אַזוי איז געשען אין גלובאָק, וואָלאָזשין און בײַם דעם אויפשטאַנד אין וואַרשע.

די פּאַניק בײַ דער באַפעלקערונג איז אַלץ מער געשטיגן. דער שטאַב האָט באַשלאָסן, אַז וויטענבערג זאָל אַריבערגיין אין אַן אַנדער אָרט, ווו קיינער ווייסט ניט. דעמאָלט האָט דער שטאַב אין געטאָ

אָפגעהאלטנ א זיצונג. דער גרעסטער טייל אָנטיילנעמער האָט זיכ ארויסגעזאָגט, אז מע קאָנ ניט קעמפנ קעגנ די אייגענע ברידער אפילע דעמלט, ווענ זיי זײַנענ ניט גערעכט אונ פארשטייענ ניט, אז דאָס פאָדערנ וויטענבערגנ איז נאָר א מיטל לײַכטער אײַנצוברענגענ די געטאָ.

וויטענבערג האָט געהאלטנ, מע זאָל קיטעלנ ניט נאָכגעבנ, ווענ אפילע מע וועט אינ הײַנטיקנ קאמפ ניט מיטציִענ די גאנצע באפעלקערונג. אויב אָבער די אָרגאניזאציע איז מיט אימ ניט מאסקימ, וועט ער באגיינ זעלבסטמאָרד. נאָר דאָס באגיינ זעלבסטמאָרד האָט ניט געקענט ראטעווענ די לאגע: קיטעל האָט געפאָדערט א לעבעדיקנ וויטענבערגנ.

וויטענבערג האָט זיכ געזעגנט מיט זײַנע כאווײרימ, באשטימט אפ זײַנ אָרט דעמ שטאב-מיטגליד אבע קאָוונער אונ איז אוועק צומ טויער.

דאָרט האָט שוינ געווארט אפ אימ קיטעל. ער האָט אימ ארײַנגענומענ אינ אווטאָ אונ אוועקגעפירט אינ די קעלערנ פונ געסטאפאָ.

אינ געסטאפאָ האָט מענ אימ גלײַכ איבערגעגעבנ אינ די הענט פונ מאקס גראָס, דעמ ספעציעלנ אויספאָרשער פונ פארטיזאנישע איניאָנימ.

אפ מאָרגנ האָט מענ דעמ קאָמאנדיר געפונענ אינ די קאָרידאָרנ פונ געסטאפאָ. זײַנע האָר זײַנענ געווענ פארברענט. די אויגנ — אויסגעשטאָכנ, אונ די פארבונדענע הענט — צעבראָכנ.

## נײַער טאָג־באפעל

נאָכנ 16-טנ יול, נאָכ דעמ, ווי די אָרגאניזאציע האָט פארלאָרנ איר קאָמאנדיר, האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ געטאָ א טעראָר אפ די אָנפירער אונ באזונדערע פארטיזאנער. די געסטאפאָ האָט ארײַנגעשיקט אירע אגענטנ אינ געטאָ, אונ יענע האָבנ נאָכגעשפירט יעדנ טראָט פונ די קעמפער. געסטאפאָ האָט געפאָדערט, מע זאָל איר אָפגעבנ דאָס געווער. פארשטייט זיכ, אז מע האָט דעמ פאָרשלאָג אָפגעוואָרפנ. דאָס געווער האָט מענ געהיימ אריבערגעטראָגנ אינ אנדערע פארמאסקירטע ערטער, אונ די מיטגלידער פונ שטאב האָבנ זיכ זעלטנ געוויזנ אינ די געסלעכ.

נאָכנ דורכפאל פונעמ פארטיי-קאָמיטעט אינ שטאָט איז אינ ווילנע אראָפגעקומענ אלבינע — אנ אויסגעפרוווטע אלטע קאָמוניסטקע, וואָס איז געשיקט געוואָרנ דורכנ צק פונ דער ליטווישער

קאָמפּאַרטיי, קעדיי ווידער אופצושטעלנ די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע אינ שטאָט. אַלבינע האָט א וואָכ זיכ אופגעהאַלטנ אינ געטאָ, ווו זי האָט זיכ געגוי באַקאַנט מיט דער אַרבעט פונ דער פ. פ. אָ., אונ האָט געגעבנ אינסטרוקציעס דעמ ראַיאָנ-קאָמיטעט פונ דער קאָמפּאַרטיי אינ געטאָ. אינ יענע טעג איז אינ געטאָ געווענ זייער אומרויִק. אינ שטאָט זיינענ געכאַפּט געוואָרנ עטלעכע ייִדנ מיט געווער, אונ מע האָט זיכ געריכט, אַז הײַנט-מאָרגנ וועלנ די דײַטשנ אָנפאַלנ, קעדיי ענדגילטיק צו פאַרטיליקנ די פאַרבליבענע ייִדנ.

די פּ.פּ.אָ.-קעמפער האָבנ זיכ שוינ פונ לאַנג אָפּגעגעבנ א כעזשבנ, אַז דער קאַמפּס-פּלאַצ פאַרנ פּאַרטיזאַנער איז דער וואַלד אונ ניט די אַרומגעצוימטע געסלעכ. אינ שטאַב האָט אָבער גיו דעמלט אַריבערגעוויגנ די פאַלשע מיינונג, אַז מע דאַרפ פאַרטיידיקנ די געטאָ דאַפקע אינ געטאָ גופע.

אַלבינע האָט פאַרטיידיקט די שטעלונג, אַז די געטאָ-פּאַרטיזאַנער זאָלנ זיכ אַריבערוואַרפנ אינ וואַלד אונ זיכ אײַנשליסנ אינ די ליטווישע פּאַרטיזאַנישע מאַכנעס.

דער שטאַב האָט באַשלאָסנ צו ענדערנ די טאַקטיק פונ דער אָרגאַניזאַציע. עס איז אַרויסגעגעבנ געוואָרנ א טאָג-באַפעל, ווו עס ווערט געזאָגט: „אינ שײַכעס מיטנ טעראָר אונ דעקאָנספּירירונג פונ דער אָרגאַניזאַציע נאָכנ 16-טנ יול זיינענ מיר געצווונגענ זיכ צו עוואַקויִרנ אפ אַנדערע, פּאַרטיזאַנישע פּאָזיציעס". ס'הייסט—אַוועקגיינ אינ וואַלד.

עס איז פאָרמירט געוואָרנ די ערשטע גרופּע אונטער דער אָנפירער-שאַפט פונ יויסעפ גלאַזמאַנ. דעמ 22-טנ יול 1943 פאַרטאָג האָבנ זיכ אופגעקליבנ פינפ אונ צוואַנציק באַשטימטע קעמפער. יעדערנ זײַנענ אײַנ-געטיילט געוואָרנ פּיסטאָלעטנ, טיילנ פונ קוילנוואַרפער אונ אווטאָמאַטנ.

די פּאַרטיזאַנער, מיט לאַטעס אפ די ברוכטנ, האָבנ אַרויסגעמאַרשירט ווי א קאָלאָנע, וואָס גייט צו דער אַרבעט. ווי א וועגווײַזער איז מיטגעגאַנגענ דער ייִדישער פּאַרטיזאַנער פונ סווענציאַנ שיקע געדט-מאַנ. ער איז גראָד אינ יענע טעג געקומענ פונ די נאַראָטשער וועלדער, לויטנ אופטראָג פונ פּאַרטיזאַנישנ קאָמאַנדיר פונ וואָראָשילאָוו-בריגאַדע מאַרקאָוו, קעדיי אַרויסצופירנ פונ געטאָ באַוואָפנטע ייִדנ אינ וואַלד.

מאַרקאָוו האָט נאָכ מיט א צײַט צוריק געשיקט א שאָליעכ צו וויטענ-בערגנ, אַז די ווילנער פּאַרטיזאַנער פונ דער געטאָ זאָלנ קומענ צו אימ אינ וואַלד. פּאַרטיזאַנער, האָט ער געשריבנ צו וויטענבערגנ, דאַרפנ קעמפנ אינ די וועלדער. אינ ער האָט אָנגעוויזנ די ריכטונג וווהינ צו גיינ.

ווען די גרופּע איז געקומען אין נײַ-ווילייקע, האָבן ייִדן, וואָס אַרבעטן דאָרט אין לאַגער, דערקענט, אַז די גרופּע גייט אין וואַלד, און 30 מאַן האָבן זיך אָן דער גרופּע אָנגעשלאָסן. צען קילאָמעטער הינטער ווילנע איז די גרופּע אַרײַן אין וואַלד, אויפגעשטעלט די אויטאָמאַטן און קוימען וואַרפער, און מע איז שוין געגאַנגען ווײַטער ווי עכטע פּאַרטיזאַנער.

לעבן לאַוואַרישאָק האָט מען געדאַרפט אַריבערגיין אַ בריקל. ס'איז שוין געווען נאַכט. די אויסשפּירער זײַנען אַריבער דאָס בריקל אָן שטערונגען. דעמאָלט האָט דער קאָמאַנדיר גלאַזמאַן אָנגעהויבן צו שיקן איינציקווײַז די פּאַרטיזאַנער. אָבער ווי נאָר די ערשטע האָבן אָנגעהויבן צו מאַרשירן, האָט זיך געעפנט אויף דער גרופּע אַ פײַער. אין דער פינצטערניש האָט זיך אָנגעהויבן אַ שלאַכט. די פּאַרטיזאַנער, ווייניק געניט און צעטומלט פון פּלוצעמדיקן אָנפאַל, האָבן ניט באַוויזן צו פאַרנעמען די געהעריקע פּאָזיציעס פון פאַרטיידיקונג. אַ שטער זײַנען אויך געווען די אומבאַוואָפנטע, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין נײַ-ווילייקע, און גלײַך זײַנען געפאַלן אין שלאַכט די ברידער גאָרדאָן און דער העלדישער קעמפער יִצחק מאַצקעוויטש. ראָזע שערעשעניעווסקי און ראָכעלע בוראַקיסקי זײַנען געכאַפּט געוואָרן בײַם דער שלאַכט לעבעדיקע. דער קעמפער כאַזאַן האָט דערשאָסן צוויי דײַטשן. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, זײַנען אין דער שלאַכט אומגעקומען 5 פּאָליציאַנטן.

פון די פּאַרטיזאַנער, וואָס זײַנען אַוועק אין וואַלד, זײַנען דערגאַנגען אין די נאַראָטשער וועלדער צו מאַרקאָוון בלויז 14. זיי האָבן עס דאָרטן אָרגאַניזירט די ייִדישע פּאַרטיזאַנער-מאַכנע „נעקאָמע", וואָס האָט שפּעטער אויפגענומען צו זיך באַ אַ פיר הונדערט ייִדן: אַ העלפט ווילנער און די אַנדערע פון דער אַרומיקער פּראָווינץ.

אויף מאָרגן, נאָך דער שלאַכט אין לאַוואַרישאָק, איז געקומען אין געטאָ נויגעבויער און צוגענומען די מישפּאָכעס פון אַלע די, וואָס זײַנען נעכטן אַוועק פון געטאָ. כוץ דעם האָט ער צוגענומען און אַוועקגעפירט אויף פּאָנאַר 32 אָנפירער פון די בריגאַדעס, צו וועלכע עס האָבן געהערט די אַנטלאָפענע. מיט די בריגאַדירן האָט ער אויך צוגענומען זייערע מישפּאָכעס, צוזאַמען אַכציק מענטשן. עס איז אויך ליקווידירט געוואָרן דער אַרבעטס-לאַגער אין נײַ-ווילייקע, פונוואַנען עס זײַנען אַנטלאָפן די אַרבעטער.

גלײַכצײַטיק האָט נויגעבויער אַרויסגעגעבן אַ וואָרענונג, אַז פאַר יעדער אַנטלאָפענעם ייִד וועט ער צונעמען זײַן מישפּאָכע. און אויב דאָס וועט ניט אָפּשרעקן, וועט ער אויסשיסן אַלע אײַנוווינער פון דער

ווינונג און אפילע דעם גאנצנ הויפ. כוץ דעם ווערנ אלע ארבעטנדיקע יידנ אײַנגעטיילט אינ צענדליקער. טאָמער אנטלויפט איינער, ווערנ דערשאָסנ אלע איבעריקע צוזאמענ מיטנ בריגאדיר. עס האָט זיכ געשאפנ אנ אויסערגעוויינלעכ טראגישע סיטואציע: וויאזוי זאָל מענ אוועקגיינ אינ וואלד, ווענ פאר יעדערנ וועלנ אינ געפאָ פאלנ קאָרבאָנעס?

אינ יענע טעג האָט געסטאפאָ אינ דער ווילנער געטאָ צונויפגעפירט די לעצט-געבליבענע יידנ פונ סווענציאנ, רעשע, בעזדאנ אונ אנדערשיוו. די יוגנט פונ די דערמאָנטע שטעטלעכ זײַנענ נאָכ ניט געווענ פארכאָלדנ, אונ די געסטאפאָ האָט ניט געוווסט זייערע נעמענ. דער שטאב האָט גיכ אָרגאניזירט די פראָווינצער יוגנט, זיי באוואָפנט מיט געווער, אונ צוויי גרופנ, אונטערנ אָנפיר פונ מוישע מארק אונ שלוימע בעקער אוועקגעשיקט אינ וואלד.

## ליזע רופט!

די ליקווידאציע פונ דער געטאָ האָט זיכ געמערקט פונ טאָג צו טאָג. דעם 1-טנ אווגוסט 1943 האָט מענ ארויסגענומענ די יידישע ארבעטער פונ די 105 איינהײַטנ אונ מע האָט צוויי טויזנט מענער אונ פרויענ געצוווּנגענ צו גיינ ארבעטנ אפנ אעראָדראָם אינ פאָרובאנעק אונ לעערעכ אזא צאָל אפנ באנ. אפ איבערמאָרגנ, ווענ די ארבעטער זײַנענ אוועק אינ די דערמאָנטע ערטער, זײַנענ זיי געוואָרנ ארומגערינגלט דורכ געסטאפאָ אונ פאָליציי, אונ מע האָט זיי אָנגעהויבנ צו פירנ אינ די צוגעגרייטע וואגאָנעס. עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א קאמפ. ארום דרײַ הונדערט יידנ זײַנענ געבליבנ טויטע אפ אנ אָרט, אפ די פעלדער. די איבעריקע, ניט האָבנדיק קיינ אנדער אויסוועג, זײַנענ ארײַנ אינ די וואגאָנעס, אונ דעם 6-טנ אווגוסט האָט דער באנ זיי אוועקגעפירט אינ די קאָנצלאגערנ פונ עסטלאנד. אפנ וועג האָט זיכ א פאָר צענדליק אײַנגעגעבנ צו ראטעווענ: זיי האָבנ ארויסגעשניטנ די דילנ פונ וואגאָנעס אונ זײַנענ ארויסגעשפרונגענ.

אינ געטאָ איז אָנגעקומענ א באפעל: די עלטערנ אונ די קרויווימ פונ אלע די, וואָס מע האָט אוועקגעפירט קיינ עסטלאנד, דארפנ „פרײַוויליק" פאָרנ צו זייערע נאָענטסטע. אויב עמעצער וועט זיכ אָפזאָגנ אונ אנטלויפנ, וועט מענ אָנשטאָט אים צונעמענ אלעמענ פונ דער ווינונג.

ווידער האָט מענ אופגעקליבנ א טראנספאָרט יידנ אונ זיי געשיקט צו די קרויווימ פונ עסטלאנד. דעם 1-טנ סעפטיאבער 1943

איז די געטאָ פולשטענדיק געשלאָסן געוואָרן. עס איז געקומען נויגעבויער און געמאָלדן: פון היינט און ווייטער טאָר קיינער ניט ארויסגיין פון געטאָ. ארבעטן וועט מען דאָ גופא אין ספעציעלע ווארשטאטן. אָבער אזויווי זעכצן טויזנט מענטשן איז צו פיל, וועט ער זעקס טויזנט עוואקוירן אין ווייוואַרי און ריגע. דאָרט איז דאָ וויכטיקע ארבעט אין ספעציעלע פאבריקן. און קעדיי איינצורעדן דעם עולם, מע זאָל פרייוויליק פאָרן, האָט ער פאלסיפיצירט בריוו, געשריבן קלוימערשט פון די ייִדן אין ווייוואַרי, אז די דאָרטיקע רופן צו זיך זייערע באקאנטע. נאָר אין געטאָ איז ניט געווען צו וועמען צו ריידן. די דערשראָקענע ייִדן האָבן זיך אלע באהאלטן אין זייערע מאלינעס.

דער שטאב פון פ. פ. אָ. האָט גלייך דערקלערט א מאָביליזאציע פון אלע מיטגלידער, עס זיינען טייקעף פאָרמירט געוואָרן ביידע באטאליאָנען. מע האָט אופגעשטעלט די קוילנוואַרפער, צעטיילט פאר די באזונדערע קעמפער רעוואָלווערן, גראנאטן און געווארט אפ א באפעל פון שטאב.

די ערשטע באריקאדע איז געווען אפ שפּיטאָל-גאס 6, אָבער איידער מע האָט באוויזן דאָרט צוצוטראָגן געווער, איז זי געוואָרן



די באריקאדע אפ סטראשון-גאס 12, נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן זי אופגעריסן מיט דינאמיט.

ארומגערינגלט דורך די אָנגעפּלייצטע האָרדעס פּאָליציי, און א גרופּע גוטע קעמפער האָט מען גענומען געפאנגען.

פארשפעטיקט די ערשטע עפעקטיווע האנדלונג, האָט מען געגרייט די פארטיידיקונג אפ כטראשונ-גאס 12. און ווי נאָר עס האָבן זיך דערנעענטערט אהין די דייטשן, האָט איליא שיינבוים, דער קאָמאנדיר פון דער באריקאדע, דער ערשטער געשאָסן אין א גרופּע דייטשן, וואָס האָבן גע-פרווט זיך אריינרייסן אין מויער. די דייטשן האָבן ארויס-גערופן פארשטארקונג, און הונדערטער מערדער האָבן זיך א לאָז געטאָן איבערן געטאָ און געעפנט א פייער אפ סטרא-שונ-גאס 12. דער קאָמאנדיר שיינבוים, וואָס האָט פון אנט-קעגנדיקן פענצטער געשאָסן אין די דייטשן, איז דער ערש-טער געפאלן אפ די הע.ט פון זיינע כאוויירים. די קעמ-פערן רייזל קאָרטשאק האָט איבערגענומען די פירערשאפט.


דער קאָמאנדיר פון דער באריקאדע אפ סטראשונ-גאס נומ. 12 איליא שיינבוים.

באגעגנט א ווידערשטאנד, האָבן די דייטשן אונטערגעלייגט דינאמיט אונטערן מויער, ווו ס'האָבן זיך געפונען די קעמפער. דער מויער האָט זיך אופגעריסן אין דער לופט, און בא הונדערט מענטשן זיינען פארשאָטן געוואָרן אונטער שטיינ און ציגל.

נאָכדעם האָבן די דייטשן גענומען אופרייסן מיט דינאמיט יעטווידער פונקט, ווו ס'האָבן זיך פארבאריקאדירט פארטיזאנער. גלייכ-צייטיק זיינען הונדערטער ייִדן געכאפט געוואָרן אין מאלינעס, און מע האָט זיי אָפגעשיקט אפ ראָסע-גאס אין די גערטענער פון געסטאפּאָ, ווו עס איז געוואָרן צוגעגרייט א טראנספּאָרט אָפּצושיקן קיין עסטלאנד.

דערהערט, אז מע רייסט מויערן, זיינען א סאך ייִדן, ניט פארשאָטן צו ווערן אין די מאלינעס, פרייוויליק ארויס און זיך

געלאָזנ פירנ קיינ עסטלאנד. אזוי האָט זיכ איבערגעכאזערט ביזנ 4-טנ סענטיאבער. יעדנ טאָג האָט מענ פונ געטאָ ארויסגעפירט מענטשנ. איינ טאָג האָבנ די דײַטשנ גענומענ בלויז מענער, א צווייטנ טאָג — פרויענ. ווענ א פרוי האָט געוואָלט מיטגיינ מיט איר טאטנ אָדער מאנ, האָט נויגעבויער ניט דערלויבט. פיל פרויענ האָבנ זיכ דעמלט אָפּגעשאָרנ די האָר, זיכ אָנגעטאָנ אינ הויזנ, אונ בלויז אפ אזא אויפנ געהאט דאָס „גליק” אוועקצופאָרנ קיינ עסטלאנד.

די מערהײַט פונ דער אָרגאניזאציע, צוזאמענ מיטנ שטאב, האָט זיכ געכונענ דעמלט אינ דער באריקאדע אפ כטראשונ-גאס 6 — אינ דער ביבליאָטעק „מעפיצע-האסקאָלע”. דאָ איז קאָנצענטרירט געווענ דער וויכטיקסטער קויעכ אונ די מערהײַט געווער. גרייט צו פאלנ אינ קאמפּ פאר דער פארטיידיקונג פונ אונדזער קאָוועד, האָט דאָרט יעדער געלויערט פונ זײַנ פּאָסטנ אונ געווארט אפ א באפעל א דריק צו טאָנ דאָס ציגנגל. וועגנ פארטיידיקנ די ארויסגעפירטע יידנ האָט ניט געקענט זײַנ קיינ רייד, ווײַל פאר יענע האָט זיכ אצינד אויס-געדאכט, אז זייער איינציקע רעטונג איז ווײַוואַרי. פאר די קעמפער פונ דער לעצטער באריקאדע איז געבליבנ איצט איינס: אופנעמענ א שלאכט מיט די דײַטשנ, וואָס וועלנ פרווונ זיכ דערנעענטערנ צו דעמ מויער. אָבער די דײַטשנ זײַנענ צו סטראשונ-גאס 6 ניט דער-גאנגענ. דעמ 4-טנ סענטיאבער אינ אָוונט, נאָכ דעמ, ווי מע האָט ארויסגעריסנ פונ געטאָ פאר די עטלעכע טעג בא אנ אכט טויזנט מענטשנ, האָבנ די האָרדעס באקומענ א באפעל ארויסצוגיינ פונ געטאָ.

אפ מאָרגנ, ווי ס'וואָלט גאָרניט געשענ, זײַנענ געקומענ קיטעל אונ נויגעבויער אונ האָבנ געמאָלדנ: די געטאָ בלײַבט ווי געווענ. אלע וועלנ ארבעטנ אינ די נײַ-אויסגעבויטע ווארשטאטנ. עס איז געקומענ א באשטעלונג איבערצוארבעטנ פופציק טויזנט פאָר וואָליקעס אונ איבערצונייענ צענ טויזנט שינעלנ. אלצ, וואָס איז נייטיק פאר דער געטאָ, וועט דאָ ווערנ ארײַנגעפירט. מע זאָל ארבעטנ פלײַסיק ווי פאר זיכ אליינ.

## דורכ די רערנ פונ דער קאנאליזאציע

קיינער, באזונדערס די קעמפער פונ פ. פ. אָ., האָט ניט געגלייבט דער פארזיכערונג פונ געכטאפאָ. מ'האָט אײַליק גענומענ אָרגאניזירנ גרופנ, יעדער טאָג האָבנ זיי זיכ דורכגעריסנ דורכ דער ארומגע-צוימטער געטאָ. מע האָט געצויגנ קיינ נאראָטש, אינ דער יידישער פארטיזאנישער מאכנע „נעקאָמע”.



א געסל פון ווילנער געטאָ נאָך דער ליקווידאַציע.

דעם 8־טן 9-טן און 10־טן סענטיאבער 1943 האָבן דורך · גע־זיימע ארויסגענג זיך דורכגעשלײַכט באוואָפנטע גרופן. דעם 12-טן אין אָוונט האָב איך זיך אויך דורכגעריסן מיט נאָך דרײַסיק כאווי־רים דורך דער געטאָ און אוועק אין אן אָפגערעדטער ריכטונג זיך צו טרעפן מיט די אנדערע אין דעם גוט מארקוציע, לעבן פושקינס מוזיי. די ארויספירערן פון אלע גרופן איז געווען זעלדע טרעגער, וואָס איז ארומגעגאנגען אָן לאטעס אין שטאָט און אָנגעזאָגט די קעמפער, ווהין מע זאָל גיין, אויסמײַדנדיק די זשאנדארמען. זעלדע איז ארומגעלאָפן איבערן שטאָט ווי א וויכער. יעדער צוויי שאָ איז זי געווען אין געטאָ. צען קילאָמעטער הינטער ווילנע, באם אריבערגיין די באן-רעלסן, האָבן מיר געהאט דעם ערשטן צוזאמענ־טרעף מיטן סוינע. מיר האָבן זיך דורכגעריכן דורך דער דײַטשישער וואך און אוועק ווײַטער צו דעם אָנגעמערקטן ציל. דערבײַ האָבן מיר פארלאָרן איינ קעמפער.

דעם 14-טן סענטיאבער ז.יז דער ייִדן-פאָרשטייער גענס פאר זײַנ פארבינדונג מיט די פארטיזאנער דערשאָסן געוואָרן דורך נויגעבויערן אפן הויפ פון געסטאפאָ. אפ זײַן אָרט איז באשטימט געוואָרן דער געסטאפאָ-אגענט דעסלער. אין א פאָר טעג ארום אָבער איז דער נײַער מוישל אנטלאָפן מיט זײַן קנופיע פון דער געטאָ, ווײַל ער

האָט פארשטאנענ, אז היינט־מאָרגנ וועט אויכ קומענ זײַנ ריי. דעמלט איז אכסניי געוואָרנ ארומגערינגלט די געטאָ. בא יעדער ראָג זײַנענ געשטאנענ קוילנווארפער. באנאכט האָט מענ באלויכטנ די מויערנ מיט רעפלעקטאָרנ. די געבליבענע באפעלקערונג איז געלעגנ אינ מאלינעס. די קעמפער פונ פ. פ. אָ. האָבנ זיכ אלע פארבאריקאדירט אפ סטראשונ־גאס 6, זוכנדיק א גינסטיקנ מאָמענט, ווי אזוי זיכ ארויסצורײַסנ פונ געטאָ, ארויסטראָגנ מיט זיכ דאָס געווער. אזויווי אינ געטאָ איז געווענ אָנגעוואָרפנ פיל טויטע, האָט מענ באקומענ א דערלויבעניש זיי ארויסצופירנ אפנ בעסוילעמ. אונטער די ארויסגעפירטע מייסימ האָט מענ אוועקגעלייגט די קוילנווארפער אונ זיי געבראכט אפנ זארעטשער בעסוילעמ. דאָרט האָבנ שוינ געווארט א פאָר כאווײרימ, אונ מע האָט באגראָבנ די קוילנווארפער אינ א באשטימטנ אָרט.

דעמ 23־טנ סענטיאבער 9 פרי איז אינ געטאָ ארײַנגעפאָרנ קיטעל אונ אָפיציעל געמאָלדנ, אז די געטאָ ווערט ליקווידירט. ביז 12 אזייגער דארפנ זיכ אלע אײַנפאקנ אונ זײַנ גרייט ארויסצופאָרנ אינ די ארבעטס־לאגערנ אינ עסטלאנד. אזויווי קיינ אויסוועג איז ניט געווענ, האָט זיכ דער אוילעמ אָנגעהויבנ גרייטנ. די לעצטע גרופע פונ פ. פ. אָ. איז געבליבנ אינ קלעמ: אָנ קוילנווארפער אונ אָנ דער מעגלעכקײַט זיכ דורכצורײַסנ דורכנ פאָליציייִשנ קאָרדאָנ. די לעצטע צוויי הונדערט קעמפער צוזאמענ מיטנ רעשטל געווער האָבנ זיכ דעמלט אראָפגעלאָזנ אינ א קאנאליזאציע־רער, קעדיי דורכ דאָרט זיכ דורכצורײַסנ הינטערנ שטאָט אינ אוועקגיינ אינ דער רודניצקער פושטשע — א וויכטיקער צענטער פונ דער ליטווישער פארטיזאנישער באוועגונג, מיט וועלכער מע האָט שוינ באוויזנ אָנצובינדנ א קאָנטאקט.

דער ארײַנגאנג אינ דער קאנאליזאציע־רער האָט געפירט פונ ספּאָקאָיניס ווארשטאטנ, דײַטשישע גאס 31. דאָרטנ איז געשטאנענ א גרויסער קאכלנער אויוונ. אונטער אימ איז געווענ אנ עפענונג, פונ וועלכער קיינער האָט ניט געוווּסט, כוץ דעמ שטאב פונ פ. פ. אָ. אראָפגעלאָזנ די קעמפער אינ דעמ שמוץ האָט מענ גרופנווײַז. מיט יעדער גרופע האָט אָנגעפירט אנ ארבעטער פונ דער קאנאליזאציע, וואָס האָט געוווּסט דעמ וועג. די קאנאליזאציע־רערנ זײַנענ פונ פארשיידענער מאָס — פונ א מעטער מיט אכציק אפ די הויפּט־גאסנ ביז רערנ פונ פערציק סאנטימעטער אונטער די קלענערע געסלעכ. מע האָט געמוזט קריכנ אפ די קני אינ דעמ שמוץ. דערבײַ נאָכ האָט מענ געטראָגנ דאָס געווער ארומ לײַב אונ וויכטיקע דאָקומענטנ.

פיר שאָ האָט מען געוואָגלט דורך די טרויבן. דורך א טעלעפאָנ־סיסטעם האָט מען איבערגעגעבן באפעלן די גרופן, צי מע קאָן גיין ווייטער און אין וועלכער ריכטונג. ווען די גרופן זיינען געבליבן שטיין, האָט זיך דער שמוץ אופגעהויבן און דערגרייכט ביזן האלדז. מע האָט געמיינט, אז די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט און אנגענומען מיטלען צו פארטרינקען די וואָגלדיקע קעמפער. שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער שמוץ האָט געשטיגן דערפאר, ווייל מע האָט זיך אָפּגעשטעלט. א גרופּע האָט אין וועג פארבלאָנדזשעט און ניט געוווּסט וווּהין צו גיין. גיין אפ צוריק איז געווען שווער און אפילע טיילמאָל אוממעגלעך, ווייל דער שטראָם האָט געטראָגן מיט זיך, און ווען מע האָט געפּרוווט זיך לאָזן קעגן שטראָם, האָט דער שמוץ אריבערגעפלייצט איבערן קאָפּ. מענטשן האָבן דאָרט געכאַלעשט, געוואָרן מעשוגע. געווען אויך א פאל פון באגיין זעלבסטמאָרד. דערצו נאָך האָט מען געמוזט גיין זייער פּאָרזיכטיק, ניט ריידן קיין וואָרט, ווייל דורך די קאנאליזאציע-דעקן אויבן האָט מען געקאָנט דערהערן.

ענדלעך איז מען דערגאנגען אונטער דער ערד צו איגנאטאָווער 5, אפּן הויף פון דער ליטווישער קרימינאל-פּאָליציי, ווו ס'איז באַשטימט געווען דער ארויסגאנג. דאָרטן האָבן שוין געווארט סאָניע מאדייסקער, וואָס האָט געלעבט אונטער א פאלשן נאָמען אין שטאָט, און צוויי ליטווישע פּאָליציאנטן, מיט וועלכע מיר זיינען געווען פארבונדן. נאסע, שמוציקע האָט מען קוים זיך ארויסגעהויבן פון דער ענגער פארמאסקירטער לאָך און אריין אין קעלער זיך א ביסל אָפּצורייניקן. דערנאָך האָט מען פּאָרוויין ארויסגעשטעלט די קעמפער, זיי געהייסן אָנלאָדן דאָס געווער און אוועקגיין אפ סובאָטש אין אן אלטן גוט. די שטאָט איז פול געווען מיט זשאנדארמען און אגענטן. די קעמפער האָבן אין וועג איינע די אנדערע פארלאָרן. עס איז אויך פאָרגעקומען א צוזאמענשטויס מיט די היטנדיקע זשאנ-דארמען. די קעמפער האָט זיך איינגעגעבן דורכצושניידן די שטאָט. מע האָט אויסגעגראָבן אפּן בעסוילעם די קוילנוואַרפער און מיט דעם געווער אפ די אקסלען, שוין ווי עמעסע פּארטיזאנער, אָנגעקומען אין דער רודניצקער פושטשע.

## דריי העלדן

צוזאמען מיט די לעצטע קעמפער פון דער גויסעסדיקער ווילנער געטאָ האָבן זיך דורכגעריסן דורך די קאנאליזאציע-רערן די צוויי שטאב-מיטגלידער יאנקל קאפּלאן און אווראָם כוואָיניק, ווי אויך די

באטאליאָן-פארבינדלערן פון פ. פ. אָ. די סטודענטקע אסיע ביג. צו־זאמענ זײַנען זיי ארויסגעקראָכן דורך דער עפענונג אפ איגנאטאָווער געסל און זײַנען אוועק דורכן שטאָט אפ סובאָטש צום אָפגערעדטן זאמל-אָרט.

אפן ראָג ברייטער און רודניצקער, לעבן קינאָ קאסינאָ, האָט זיי פארהאלטן א דײַטשישער פאטרול. די דײַטשן האָבן געפאָדערט דאָקומענטן. די דרײַ האָבן ארויסגעכאפט פיסטאָלעטן. לעבן קינאָ זײַנען פול געווען דײַטשישע הויכע באאמטע. קאפלאנס א קויל האָט גע־טראָפן, ווו מע דארף. עס איז געטייט געוואָרן מאקס גראָס, דער אויספאָרשער פאר פארטיזאנישע ענינים אין ווילנער געסטאפאָ, צוזאמען מיט אים איז אויך געפאלן א הויכער באאמטער פון קאָוונע — א סוואָרע דער שטורעמפירער פון דער דאָרטיקער געסטאפאָ. קאפלאן, כוואָיניק און אסיע ביג האָבן אלע זייערע קוילן באוויזן אײַנצוטיילן די דײַטשן. אין דאָרשט נאָך נעקאָמע איז פאר זיי א שאָד געווען איבערצולאָזן צו איינציקע קוילן פאר זיך. און די דרײַ קעמפער האָט מען נאָכדעם אײַנגעכאפט לעבעדיק.

מע האָט זיי געבראכט אפ ראָסע-גאס אין די גערטענער, ווו עס זײַנען סאָרטירט געווען די לעצטע יידן, ערעוו זייער אָפפאָרן קיין עסטלאנד.

קיטעל האָט דאָרט אופגעשטעלט דרײַ טליִעס: פאר דעם לערער יאנקל קאפלאן, פארן אדוואָקאט אווראָם כוואָיניק און פאר דער צוואנציקיעריקער סטודענטקע אסיע ביג. ער האָט אופגעקליבן אלע יידן און געוואָרנט: אזוי וועט געשען מיט יעדערן, ווער ס'וועט זיך נאָר דערוועגן צו סצושטרעקן א האנט קעגן דײַטשן. און ער האָט די דרײַ העלדן אופגעהאנגען.

## סאָניע און יוליאן

ווען די געטאָ איז געוואָרן ליקווידירט און די פארטיזאנישע אָרגאניזאציע האָט זיך אריבערגעוואָרפן אפ קאמפ-פאָזיציעס אין וואלד, איז אין שטאָט געבליבן ווײניג, אפ פוילישע פאפירן, א ליכטיקע געשטאלט פון דער רעוואָליוציאָנערער ווילנע — סאָניע מאדייסקער.

אין די ערשטע טעג פון דער דײַטשישער אָקופאציע, ווען דאָס געזעלשאפטלעכע לעבן אין שטאָט איז אָפגעשטאָרבן, און מער ווי אפ אלעמען האָט זיך אראָפגעלאָזט דער צאָרן איבער דער יידישער באַ־פעלקערונג, איז סאָניע געווען פון די ווייניקע, וועלכע האָבן זיך נית פארלאָרן. אין געטאָ האָט זי אָרגאניזירט דעם קאָמסאָמאָל; זיך פארבונדן מיט די שטאָטישע ארבעטער; איז געוואָרן פון די אקטיווסטע

מיטגלידער פונעם שטאָטישן פאַרטיי־קאָמיטעט. גלײַכצײַטיק אַרבעט זי אין דער רעדאַקציע פון דער אומלעגאַלער צײַטונג „שטאַנדאַר וואָלנאָשצי".

נאָכן דורכפאַל פון וויטאַס און קאָזלאָווסקי ווערט סאָניע די וויכטיקסטע אָנפירערן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין שטאָט. בײַס דער ליקווידאַציע פון דער ווילנער געטאָ ווערן אונטער איר אָנפירונג אַריבערגעוואָרפן הונדערטער ייִדישע קעמפער אין דער ליטווישער פאַרטיזאַנישער בריגאַדע. סאָניע בלײַבט אין שטאָט. זי גיט אַרויס צײַטונגען און פּראָקלאַמאַציעס צו דער פּוילישער און ליטווישער באַפעלקערונג.

נאָך דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ האָבן די דײַטשן נאָך איבערגעלאָזן אין שטאָט אין די ייִדישע לאַגערן אַרום דרײַ טויזנט ייִדן. אין איינעם פון אָט די לאַגערן, אין „קײַליס", פלעגט סאָניע קומען יעדער זונטיק אָרגאַניזירן גרופּן, באַזאָרגן זיי מיט געווער און מיט ספּעציעלע מענטשן אַריבערוואַרפן אין וואַלד.

דער פאַלשער פּאַס פון דער העלדישער קעמפערן סאָניע מאַדייסקער, וואָס האָט אַ צײַט געלעבט אין שטאָט ווי אַ פּוילישע אונטערן נאָמען קאַטאַזשינאַ ראָמאַנאָווסקאַ.

צוזאמענ מיט סאָניען האָט דעמלט געאַרבעט יוליאנ יאנקאוסקאס — דער געוועזענער דירעקטאָר פונ דער פאבריק „פלאקאטאס“. ער האָט אויסבאהאלטנ אינ זײַנ וווינונג ניט איינ ייִדנ אונ האָט צוגעשטעלט פיל געווער פאר די פארטיזאנער אינ געטאָ.

יוליאנ איז געוואָרנ ארײַנגעצויגנ אינ דער אונטערערדישער ארבעט. ער האָט אָרגאניזירט ארומ זיכ אנ אקטיוו פונ ליטווישע ארבעטער, אונ אפילע איינציקע פּאָליציאנטנ האָט ער איבערגעצויגנ צו זיכ. יוליאנס אויכזענ האָט זיכ געענדערט. ער האָט זיכ פארלאָזט א באָרד, מע זאָל אימ ניט דערקענענ. אפ זארעטשער 3, אינ א פארמאסקירט צימערל האָט געוווינט סאָניע. אהינ האָט זיכ אויכ אריבערגעקליבנ יוליאנ. ביידע האָבנ ליב געהאט די וועלט, פאר וועלכער זיי האָבנ געקעמפט.

עטלעכע כאדאָשימ פאר דעמ, איידער עס האָט ארײַנגעמארשירט אינ ווילנע די רויטע ארמיי, האָט א שטארקע געסטאפּאָ-וואכ ארומגערינגלט זארעטשער גאס, אונ צענדליקער דײַטשנ האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ צו זארעטשער 3.

פאר יוליאנס אונ סאָניעס קעפ האָט מענ שוינ לענגער צוגעזאָגט א באלוינונג. ביידע האָבנ זיכ פארטיידיקט: געשאָסנ אפ די באלאגערער דורכ די פענצטער אונ אוועקגעלייגט אפ טויט עטלעכע געסטאפּיסטנ.

געטראָפנ דורכ א קויל, איז יוליאנ געפאלנ טויט. סאָניע האָט די לעצטע קויל ארײַנגעשאָסנ אינ זיכ.

צומ אומגליק, האָט די קויל זי בלויז פארוווּנדעט. געסטאפּאָ האָט זי אוועקגעפירט אינ שפּיטאָל, אויסגעהיילט זי אונ געפרוּווט עפּעס-וואָס פונ סאָניענ זיכ דערוויסנ. ווענ מע האָט פונ איר ניט ארויסבאקומענ קיינ איינ וואָרט, האָט מענ זי געבראכט צו פּײַניקנ אינ די קעלערנ פונ געסטאפּאָ.

## דער העמשעכ אינ וואלד

די קעמפער פונ ווילנער געטאָ האָבנ זיכ אריבערגעוואָרפנ אינ וואלד. דער ווידערשטאנד אינ געטאָ האָט זיכ אינ א גרויסער מאָס ארויסגעגליטשט פונ אונדזערע הענט. ניט אזוי, האָבנ מיר זיכ פאָרגעשטעלט, וועט דער קאמפ אויסזענ. די אידיי צו פארטיידיקנ די צוואנציק טויזנט מענטשנ אינ געטאָ, ניט פארבונדנ מיט דעמ אלגעמיינעמ ציל—פארטיליקנ די דײַטשישע אָקופּאנטנ, האָט זיכ ניט בארעכטיקט. עס איז אָנ ספק, אז מיטנ אומקומ



א גרופע פון דער פארטיזאנער־מאכנע „נעקאמע־נעמער".

פון קאָמאַנדיר וויטענבערג האָט די אָרגאַניזאַציע באַקומען אַ קלאַפּ אין איר יעסאָד. הײַנט מוזן מיר מודה זײַן, אַז דער באַשלוס פון שטאַב, וויטענבערג זאָל זיך איבערגעבן ווי אַ קאָרבן פאַר די 20 טויזנט, איז געווען אַ פעלער.


שמואל קאַפּלינסקי, אינסטרוקטאָר פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ און שפּעטערדיקער קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנער־מאַכנע „פאַרן ניצחון“.

אַף די קאַמפּס־פּאָזיציעס אין וואַלד האָבן זיך די ווילנער איבערהויפּט קאָנצענטרירט אין צוויי באַזעס: בײַ דער אָזערע נאַראָטש און אין דער רודניצקער פּושטשע. די מאַכנע „נעקאָמע“ בײַם נאַראָטש האָט לאַנג זיך ניט אויפגעהאַלטן ווי אַ דורכויס ייִדישע. די קעמפער זײַנען פאַרטיילט געוואָרן אין פאַרשיידענע באַזונדערע מאַכנעס פון מאַרקאָווס בריגאַדע. נאַראָטש איז ווײַט פון ווילנע איבער הונדערט קילאָמעטער. די ווילנער פּאַרטיזאַנער ייִדן האָט געצויגן נעענטער צו זייער היימשטאָט. צענדליקער קעמפער זײַנען אַוועק אין די ליטווישע באַזעס.

פיל ווילנער זײַנען אַוועק פון נאַראָטש אין דער רודניצקער פּושטשע (פערציק קילאָמעטער פון ווילנע), וווּ ס'האָבן שוין דעמלט עקזיסטירט פיר דורכויס ייִדישע מאַכנעס, געוועזענע מיטגלידער פון פ. פּ. אָ., וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורך די רערן פון דער קאַנאַליזאַציע. די דאָזיקע מאַכנעס האָבן זיך געפונען אין רעשוס פון בריגאַדע־קאָמאַנדיר יורגיס (זימאַן).

די צוויי מאַכנעס „קאַמף“ און „אַ טויט דעם פאַשיזם“, אָנגעפירט פונעם קאָמאַנדיר בערל שערעשניעווסקי און אַראָנע אַראַנאָוויטש (אומגעקומען אין קאַמף), האָבן זיך לאַנג ניט געהאַלטן ווי באַזונדערע אײנסן. זיי זײַנען אַוועק אין דער נאַטשער פּושטשע

און האָבן זיך פאַרייניקט מיט די ליטווישע טײלן. דורכויס ייִדישע אָטריאַדן זײַנען געבליבן צוויי: „נעקאָמענעמער" און „פאַרן ניצאָכן". דער קאָמאַנדיר פון דער ערשטער מאַכנע איז געוואָרן אַבע קאָוונער, אַ כאַוועריִשער יונג און אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר. אין אַלע וויכטיקע אָפּעראַציעס האָט קאָוונער זיך אַליין באַטייליקט. שמועל קאַפּלינסקי, אינסטרוקטאָר פון פ. פּ. אָ. אין געטאָ, איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דער מאַכנע „פאַרן ניצאָכן". זײַנע קעמפער, וועלכע ער האָט באַזאָרגט מיט געווער, האָבן אים געאַכט און ליב געהאַט. דער שטאַב פון די ביידע מאַכנעס (איבער צוויי הונדערט קעמפער) איז געווען אַ געמיינזאַמער.

פאַר די ערשטע דרײַ כאַדאָשים פון זייער קאַמף האָבן די צוויי ייִדישע מאַכנעס זיך באַזאָרגט מיט געווער. זיי האָבן דורכגעפירט דרײַ באַן-קאַטאַסטראָפעס. ביים דער ערשטער זײַנען אַראָפּ פון די רעלסן צוועלף וואַגאָנעס מיטן לאָקאָמאָטיוו. ביים דער צווייטער — זעקס וואַגאָנעס פול געפּאַקטע מיט דײַטשן. ביים דער דריטער — אַפן וועג ווילנע – אָראַנ זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן צוויי הונדערט היטלעריסטן. אין זשעגאַרין און לעבן דראַגוטשי האָבן די קעמפער אויפגעריסן דרײַ בריקן. אין אָלקעניק — אויפגעריסן אַ דײַטשישע אונטערנעמונג און מיטגעהאָלפן צעקלאַפּן און פאַרברענען אַ דײַטשישן גאַרניזאָן פון אוווטאָמאַטלער און קוילנוואַרפלער אין גרויסן באַפעסטיקטן דאָרף קאָניוכי.

נאָך דעם, ווי די מאַכנע „נעקאָמענעמער" האָט דערוואָרבן טאָל און מער קוילנוואַרפער, האָט זי אָנגעהויבן צו פירן די רעלסן-מילכאָמע. דער קעמפער איסאַק רודניצקי האָט אַליין אַף זײַן קאָנטע צוועלף עשעלאָנען אַף די ברייטע און דרײַ עשעלאָנען אַף די שמאָלע ליניעס (קליינבאַנ). ער האָט אָנטייל גענומען מיט נאָך פיר כאַוויירים אין אויפרײַסן די עלעקטרעסטאַנציע אין כווענציאַנ. זײַן גרופּע האָט געבראַכט אין געפאַנגענשאַפט 4 היטלעריסטן און האָט באַפרײַט דעם פּאַרטיזאַנ סעמיאָנאָוו פון כווענציאַנער שפּיטאָל.

וויטקע קעמפנער, די העלדן פון דער ערשטער דיוועָרסיע, האָט ערשט אין וואַלד געוויזן, וואָס זי קען. אין אָקטיאַבער 1943 האָט זי מיט אַ פולן טשעמאָדאַנ מינעס אין מעשעכ פון איין נאַכט דורכגעמאַכט צופוס פערציק קילאָמעטער און זיך אַרײַנבאַקומען אין ווילנע. זי האָט דאָרט אויפגעריסן די שטאָטישע עלעקטרעסטאַנציע מיט די וויכטיקסטע עלעקטרישע טראַנספאָרמאַטאָרס. מיט דעם האָט זיך אָבער וויטקע ניט באַנוגנט. אַף מאָרגן באַנאַכט האָט זי זיך אַרײַנבאַקומען אין קאָנצענטראַציע-לאַגער „קײַלים" און אַרויסגעפירט פון דאָרט

זעכציק מענטשנ צו די פאַרטיזאַנישע באַזעס. וויטקע האָט אָרגאַניזירט די אויסשפּיר-גרופּע פונ דער מאַכנע „נעקאָמענעמער". זי האָט אָנטייל גענומענ אינ באַנ-אופריַיס לעבנ אָראַנ, ווו עס זיַינענ צעריסנ געוואָרנ צוויי הונדערט דיַיטשנ. מיט נאָכ פינפ פאַרטיזאַנער האָט זי אונטערגעצונדנ אינ אָלקעניק דעמ טערפּענטינ-זאַוואָד. זי האָט זיכ אויכגעצייכנט אינ די שלאַכטנ אינ דיַינאָווע אינ יאַנוואַר 1944 אונ האָט אַליינ גענומענ אינ געפאַנגענשאַפט צוויי געסטאַפּאָ-אַגענטנ. זי האָט אָנטייל גענומענ אינ אופריַיסנ צוויי לאָקאָמאָטיוונ אונ פאַרברענענ צוויי בריקנ.

אינ נאָיאַבער 1943 האָט וויטקע באַקומענ אַנ אופגאַבע ברענגענ פאַרנ ווילנער פאַרטיי-קאָמיטעט וויכטיקע דאָקומענטנ. אפנ וועג איז זי אַריַינגעפאַלנ צו א דיַיטשישנ פאַטרול. אונטער א באַוואָפנטער וואַכ האָט מענ זי געפירט אינ ווילנער געסטאַפּאָ. אַדאַנק איר פלינקער אָריִענטאַציע איז זי אַנטלאָפנ פונ די דיַיטשישע הענט. צוריקוועגס האָט זי געבראַכט אינ דער באַזע א וויכטיקנ מער פונ דער קאָוונער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

גרישע גורוויטש האָט איינמאָל בייס א לויערונג דערהאַרגעט 12 דיַיטשנ, וואָס זיַינענ געפאָרנ אפ צוויי מאַשינעס, אונ גענומענ טראָפייענ: צענ ביקסנ, אַנ אווטאָמאַט אונ א דיַיטשישנ קוילנוואַרפער. דעמ קוילנוואַרפער האָט ער גענומענ פאַר זיכ אונ איז געוואָרנ אַנ אויסגעצייכנטער שיסער. מיט אימ צוזאַמענ האָט געקעמפט אויכ זיַינ מוטער — א 39-יעריקע פרוי. ביידע זיַינענ זיי געגאַנגענ אפ לויערונגענ. אינ געמיינזאַמע אָפּעראַציעס האָבנ זיי דערשאָסנ אַכצנ דיַיטשנ. איינמאָל ווערנ מאַמע אונ זונ אַרומגערינגלט דורכ א שטאַרקנ פאַטרול. עס קומט פאָר א שלאַכט. גרישעס מוטער שיסט אויס אירע אַלע פינפ אונ זיבעציק קוילנ אונ באַוויַיזט נאָכ צו וואַרפנ אינ סוינע אירע פינפ גראַנאַטנ. געטראָפנ פונ א קויל, פאַלט זי לעבנ איר זונ. דערזעענ, אַז זיַינ מוטער איז טויט, האָט גרישע א שפּרונג געטאָנ אפנ מערדער אונ מיטנ פלאַמענ-לעשער פונעמ קוילנוואַרפער אימ צעשפּאָלטנ דעמ קאָפּ. גרישע אַנטלויפט. ער איז פאַרוווּנדעט. ער שווימט אַריבער א טיַיכ, קריכט דורכ זומפּנ, ער בליַיבט ליגנ פאַרכאַלעשט ערגעצ אינ א בלאָטע. א פאַסטעכ באַמערקט אימ, זאָגט אָנ די פאַרטיזאַנער אינ דאָרפ פאַסיעקאָ. מע ברענגט אימ צו דער באַזע, אונ ער ווערט אויסגעהיילט. ווידער גייט ער מיט זיַינ קוילנוואַרפער אפ אופגאַבנ, אונ ווי א נעקאָמע פאַר זיַינ מאַמעס בלוט ריַיסט ער אומ צוויי עשעלאָנענ.



דרײַ העלדישע פּאַרטיזאַנקעס (פון רעכטס אויף לינקס): זעלדע טרעגער, רייזל קאָרטשאַק (רוזשקע) און וויטקע קעמפּנער.

אויך כאַיִם לאַזאַר, איינער פון די אַקטיווע קעמפער אין געטאָ, האָט אין וואַלד ניט פאַרשעמט זײַן פאַרגאַנגענהײַט. אין קאַמף מיט די דײַטשישע מאָטאָ-אָפּטיילונגען אויפן וועג ווילנע — גראָדנע דערשיסט ער מיט זײַן קוילנוואַרפער דרײַ אָפיצערן, און די איבעריקע פּיפּצן ווערן צעקלאַפּט דורך אים און זײַנע כאַווייריִם. דעם 23-טן אַפּריל 1944 רײַסט זיך בײַ אַ באַן-דיווערסיע אומגעריכט אויף אַ מינע און שיסט אַראָפּ זײַן רעכטע דלאָניע.

צווישן די העלדישע ווילנער מיידלעך דאַרף פאַרעכנט ווערן די פּאַרטיזאַנקע זעלדע טרעגער. זי האָט אַכצן מאָל זיך דורכגעריסן דורך דײַטשישע גאַרניזאָנען און איז מיט וויכטיקע דאָקומענטן געקומען קיין ווילנע, ווי די פאַרבינדלערן פון דעם פּאַרטיזאַנישן שטאַב און דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. צוריק אין וואַלד פלעגט זעלדע קיינמאָל ניט קומען מיט ליידיקן. זי פלעגט זיך אַרײַנקריגן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אַרויסראַטעווען מענטשן. צענדליקער ביקסן האָט זי פון שטאָט געבראַכט צו די פּאַרטיזאַנער. פיר מאָל איז די קעמפערן אַרײַנגעפאַלן צום סוינע: צוויי מאָל אין די הענט פון געסטאַפּאָ, איין מאָל אין דער פּאָליציי און צום סאָף צו די ווײַסע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געהערשט אין די אַרומיקע וועלדער און פלעגן ספּעציעל טשאַטעווען ז.פ. ייִדישע פּאַרטיזאַנער. אַדאַנק איר קאַלטער און פעסטער האַלטונג, האָט זי זיך אַלע פיר מאָל אַרויסגעריסן פון די באַנדיטן און דורכגעפירט אירע אויפגאַבעס.

ניט ווייניקער האָט אויך אויפגעטאָן די פּאַרטיזאַנקע דינע רויזנוואַלד, איינע פון די וויכטיקסטע פאַרבינדלערנס צווישן וואַלד און שטאָט.

און רייזל קאָרטשאַק? אָט דאָס באַשיידענע העלדישע מיידל, וואָס סײַ אין געטאָ סײַ אין וואַלד איז עס געווען פון די ערשטע, פון די סאַמע דרייסטע. און ניט בלויז רייזל. ווי דערמאָנט מען ניט דעם הויפּט פון די אויספירער בײַ דער מאַכנע „נעקאָמענעמער“ כאָנאָן מאַגיד, וואָס יעדער טראָט פון דעם סוינע אויף אַ ראַדיוס פון פערציק קילאָמעטער האָט ער שוין געוווּסט פון פריִער.

און כראָליק דער איישישקער, ניוסע לובאָצקי, רוווּן ראַבינאָוויטש, בערל יאָכײַ, ליאָווע לעווין, טעווקע גאַלפּערן, בערל שערעשעוסקי, איציק קאָוואַלסקי — וועגן איטלעכן פון זיי איז קעדײַ צו שרײַבן באַזונדער — וועגן זייער דרייסטקײַט, שרעקלאָזיקײַט און העלדישקײַט אין קאַמף!

די אָקאָרשט דערמאָנטע ווילנער פּאַרטיזאַנער האָבן געוואָרפן זייערע לעבנס אין קאַמף און דאָס לעבן ניט פאַרלוירן. אָבער וויפל באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע העלדן ליגן איצט אין די נאַראָטשער און רודניצקער וועלדער! אייביקער אָנדענק זייערע העלעכע נעמען!

**זאָלן דאָ בלויז דערמאָנט ווערן די צוויי ברידער דאַניע און אימע לובאָצקי — די זין פון דעם באַקאַנטן לערער באָרעך לובאָצקי.**

ביים די קאמפנ אינ געטאָ איז דאניע אריינגעפאלנ אינ געפאנגענשאפט צו די דייטשנ. צענ טעג האָט מענ אים געפייניקט אינ געסטאפאָ. פונ דאָרט האָט ער געבעטנ סאמ בא די עלטערנ פונ געטאָ. איכ דערמאָנ זיכ, ווי דער לערער לובאָצקי איז א צעבראָכענער געקומענ צו מיר נאָכ אנ אייצע. וואָס טוט מענ? זיינ כרוי איז דערפאר, מע זאָל אריבערשיקנ פארנ זונ סאמ, קעדיי ער זאָל זיכ אינ געסטאפאָ ניט מאטערנ. ער, דער טאטע, האָט זיכ ניט געקענט באשליסנ מיט די אייגענע הענט אומצוברענגענ זיינ קינד!

עס איז אריבער א פאָר טעג, אונ דאניע האָט זיכ באוויזנ אינ געטאָ. באם פירנ אים צו דער עקזעקוציע איז דער יונגער קעמפער אנטלאָפנ. ניט לאנג האָבנ זיכ די עלטערנ געפרייט. ביים דער ליקווידאציע פונ געטאָ זיינענ זיי פארכאפט געוואָרנ דורכ קיטעלנ. דאניע האָט זיכ דורכגעריסנ אינ וואלד. דאָרט האָט ער געטראָפנ זיינ ברודער אימע, דעמ איינציקנ לעבנ געבליבענעמ פונ זיינ מישפאָכע, וואָס האָט זיכ דורכ די קאנאליזאציע-רערנ ארויסבאקומענ פונ געטאָ.

דאניע, דער קאָמאנדיר פונ דער דריטער גרופע אינ דער מאכנע „פארנ ניצאָכנ", איז געווענ דער דרייסטסטער פונ זיינע כאווירימ. ער האָט ניט געקענט איינזיצנ אפ דער באזע. די נעקאָמע האָט אימ ניט געלאָזט רוענ.

סאָפ דעקאבער 1943 איז דאניע מיט זיינ גרופע אוועק אינ א דאָרפ. זיכ דערוווסט, אז דאָרט גראסירט א וויכטיקער אגענט פונ געסטאפאָ, האָט דאניע בא זיכ באשלאָסנ: ער מוז אימ כאפנ! באמ באלאגערנ דאָס הויז, ווו עס האָט זיכ געפונענ דער געסטאפאָ-אגענט, האָט זיכ דערהערט א שאָס. דער קאָמאנדיר דאניע איז געפאלנ. מע האָט אימ געבראכט א שווער פארוווּנדעטנ אפ דער באזע אונ דאָרט איז ער אויסגעגאנגענ.

אינ יענעמ טאָג האָט זיכ אימע אומגעקערט פונ דער נאטשער פושטשע, ווו ער איז געווענ קאָמאנדיר איבער זעכציק מאנ. ער האָט דאָרט געפירט א שלאכט מיט די ווייסע פאָליאקנ. אימע איז אָנגעקומענ, ווענ מע האָט געגראָבנ פאר זיינ ברודער א קייווער. דאָס יינגל האָט זיכ אָנגעשפארט אפ זיינ ביקס, געשטאנענ אפנ פרישנ זאמד, אונ אינ גרוב זיינענ געפאלנ זיינע הייסע טרערנ.

אינ א פאָר טעג ארומ איז אימע מיט א גרופע פארטיזאנער אוועק אפ א שאָסיי אונטערצוזעגנ טעלעגראפ-סלופעס. עס האָט זיכ דערהערט א קנאל. די סלופעס זיינענ געווענ פארמינירט. אימע מיט זיינע כאווירימ זיינענ צעהיכנ געוואָרנ אפ שטיקער. איצט ליגנ זיי, ביידע ברידער, אינ רודניצקער וואלד.

* * *

בייס דער ליקווידאציע פון דער ווילנער געטאָ זײַנען א טייל קעמפער פארשלעפּט געוואָרן אין ווילנער קאָנצענטראציע-לאגער ה. ק. פּ. און אין די קאָנצלאגערס פון עסטלאנד. גופא אין ה. ק. פּ. איז אָרגאניזירט געוואָרן א פּארטיזאנישע גרופּע דורך דעם לערער לייב אָפּעסקין און דעם אקטיאָר יאקאָוו בערעגאָלסקי. די גרופּע האָט דערוואָרבן געווער און געהאט א פארבינדונג מיט די באזעס אין וואלד. דעם 10 יול 1944 האָט א כּפּעציעלע אָפּטיילונג עסעס ארומגערינגלט דעם לאגער און געעפנט אָפּ די יידן א פארטיליקונג-פייער. די פּארטיזאנער האָבן געשאָסן אין די דײַטשן. אדאנק אָט דעם אומגעריכטן ווידערשטאנד האָבן זיך העכער הונדערט יידן דורכגעריסן און זײַנען אנטלאָפן אין שטאָט, וווּ זיי האָבן דערווארט די יעשוע. אָפּעסקין און בערעגאָלסקי זײַנען געפאלן אין די קאמפן.



דער העלדישער פּארטיזאן אימע לובאָצקי.

* * *

די קעמפער פון ווילנער געטאָ, די שפּעטערדיקע פּארטיזאנער אין די ליטווישע און ווײַסרוסישע וועלדער, האָבן צוזאמען מיט דער רויטער ארמיי, בייס די קאמפן פאר באפרײַען ווילנע, די ערשטע זיך ארײַנגעריסן אין שטאָט און אופגענומען א שלאכט קעגן די פארבאריקאדירטע דײַטשן.

איבער די טויטע קערפּערס פון 15 טויזנט מערדער האָבן די קעמפער פון דער ווילנער געטאָ און פון וואלד אריבערגעשפּאנט צו זיך אין דער היימשטאָט. זיי האָבן געפײַערט דעם יאָמטעוו פון באפרײַונג, וואָס איז פונקט אויסגעפאלן אין טאָג פון דעם יאָרצײַט נאָך איציק וויטענבערג.

# אפנ הייסנ אש

## די שײַטערנ אינ קלאָגע

דעם 23-טנ סענטיאבער 1943 איז פאָרגעקומענ די ענדגילטיקע ליקווידאציע פונ דער ווילנער געטאָ. אונטער א שטארקער וואכ פונ געסטאפאָ האָט מענ די לעצט געבליבענע ווילנער יידנ ארויסגעפירט אפ ראָסע-גאס אינ די גערטנער און דאָרט האָט מענ זיי כאָרטירט אפ רעכטס און אפ לינקס. די אָפגעקליבענע אפ לינקס — צום טויט. דאָס ראָוו עלטערע מענער, פרויענ און קינדער, צוזאמענ בא א פינפ טויזנט, האָט מענ אָפגעשיקט אינ די קרעמאטאָריעס פונ מײַדאנעק. צווישנ די אָפגעטיילטע אפ לינקס זײַנענ געווענ: די לערערנס מירע בערנשטיינ און ראָכל ברוידע, דער דירעקטאָר פונ רעאל-גימנאזיע לייב טורבאָוויטש, דער ליטעראט נאפטאָלי ווײַניג, דער דיריגענט אווראָם סליעפ, ד״ר פעלדשטיינ, די דיכטערנ לייע רודניצקי, די מאָלערנ אומע אָלקעניצקי, די אקנ ריסע עסטער ליפאָווסקי און די מאָלערנ ראָכל סוצקעווער. די אָפגעקליבענע אפ רעכטס — א צוויי טויזנט מענער — האָט מענ אוועקגעשיקט אינ די קאָנצלאגערס פונ עסטלאנד, און ארום טויזנט פיר הונדערט פרויענ — אינ דעם לאגער קײַזערוואלד (לעטלאנד). און פונ דאָרט — קיינ שטוטהאָפ, מאגדעבורג, אָסווענצים.

אינ עסטלאנד זײַנענ צו יענער צײַט געווענ 23 לאגערנ. אינ זיי זײַנענ געווענ פאנאנדערגעוואָרפנ ארום צוואנציק טויזנט מענטשנ, געבראכטע פונ פארשיידענע געטאָס און קאָנצלאגערנ אינ אייראָפע, צווישנ זיי בא אכט טויזנט ווילנער. אָט זײַנענ עטלעכע דערציילונגענ פונ איידעס, אנטלאָפענע פונ די שײַטערהויפנס אינ קלאָגע, אפ וועלכע עס זײַנענ פארברענט געוואָרנ, צום טייל לעבעדיקערהייט, הונדערטער מענטשנ.

ניסנ אנאָליק דערציילט: „ניט ווײַט איז געווענ דער פראָנט. מע האָט אונדז געטריבנ פונ איינ לאגער אינ צווייטנ. לעבנ שטעטל יעווי זײַנענ צוועלפ יידנ אָפגעשטאנענ פונ וועג. דער דײַטשישער דאָקטער גענט מיט עטלעכע עסעסאָווצעס האָבנ די צוועלפ פאר-

שמאכטע מענער אריַינגעוואָרפן אין יאם. אין קוראַמיי האָט דער זעלבער דאָקטער אריַינגערופן: צו זיך די ווילנער דאָקטוירים פינגערהוט און איוואַנטער, באַפוילן זיי זיך צו שטעלן אפ די קני, און מיט א האק זיי צעשפּאָלטן די קעפּ. דערנאָך האָט ער אונדז אריַינגערופן און געהייסן ארויסטראָגן די קערפּערס צום פּארברענען.

אין פּיפּיקאָני איז ארום לאגער געווען א בלאָטע, די דיַיטשן האָבן געהאט א שפּיל: בינדן דעם „זינדיקן“ די פיס און אים אריַינווארפן אין בלאָטע“.

עס דערציילט ביניאָמין וויַינטרויב: „נאָך פיר מעסלעס פּאָרן אין די פּארשטיקטע וואגאָנעס זיַינען מיר אָנגעקומען אין קאָנצענטראַציע-לאגער וויַיוואַרי. פונדאנען האָט מען אונדז אָפּגעפירט אין קלאָגע.

אין לאגער האָבן מיר אויפגעהערט צו טראָגן אונדזערע נעמען. יעדער איז באצייכנט געוואָרן מיט א נומער, וועלכן ער האָט געדארפט טראָגן אפן פּלייצע, אפן אָרעם און אפן קני. פון שטערן ביז דער פּאָטילניצע האָט מען אונדז אויסגעשאָרן א פּאס האָר. בא די פּרויען, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם לאגער נאָך פון אווגוסט (בייס דער כאפּעניש אפן כלי-פּלאצ אין פּאָרובאנעק און בייס דער ערשטער „עוואקואציע“), זיַינען געווען צעפּגעגאָלט די קעפּ.

נאָך דער רעוויזיע, בא וועלכער מע האָט בא אונדז צוגענומען די מינדסטע קלייניקיַיט, האָט מען אונדז פאנאנדערגעטיילט אין בריגאדעס און אָפּגעשיקט אפ ארבעט. די ארבעט איז באשטאנען אין אריבערטראָגן פופציק-קילאָיקע זעק מיט צעמענט פון א זאוואָד ביז צו דער באן-סטאנציע, א שטעך פון הונדערט פופציק מעטער. מיט די זעק האָבן מיר געדארפט לויפן. די פרויען, וואָס האָבן געוווינט אין באזונדערע באראקעס, זיַינען באשעפטיקט געווען אין אויסגראָבן שטיינער און זיי אריבערשלעפּן אפ א באשטימטן פּלאצ. אין משך פון דעם ארבעטס-טאָג האָט א פרוי געדארפט אריבערשלעפן פיר טאָנעס שטיינער.

מיר האָבן געארבעט פון זעקס פרי ביז זעקס אָוונט. אן איבעריַיס פון פינף און פערציק מינוט איז געווען אפ מיטיק. אונדזער מיטיק איז באשטאנען פון א שיטערן זופּ — מער גאָרניט. נאָך דער ארבעט פלעגט פּאָרקומען אן „אפּעל“. מע האָט באדארפט זיך אויסשטעלן צו הונדערט מאן אין א ריי און שטיין אזוי לאנג, ביז דער וועכטער וועט באפעלן אריַינצוגיין אין לאגער. ווער עס איז ניט ריכטיק געשטאנען אָדער פלעגט זיך מיט עפּעס פארזינדיקן, דעם פלעגט דער ראָטנפירער פארשריַיבן, אים שפּעטער ארויסרופן און פאר אלעמען אין די אויגן פלעגן אים די עסעסאָווצעס אוועקלייגן אפ א ספּעציע-

לער באנק. די באנק האָט געהאלטן א מעטער און איז געווען דרויסנדיק אויסגעפּוקלט. צו דער באנק פלעגט מען צובינדן דעם באשטראָפטן פאר די הענט און פיס; איין עסעסאָווער פלעגט זיך זעצן אים אפן קאָפּ, און אן אנדערער פלעגט שמייסן מיט אן אָקסענעם גליד, דורך וועלכן עס איז געווען דורכגעצויגן א מעטאלענער שנור. דערביי פלעגט דער באשטראָפטער אליין דארפן ציילן די שמיץ. ווען דער קאָרבן פלעגט זיך פארפלאָנטערן אין ציילן, פלעגט זיך די עקזעקוציע אָנהייבן אפסניי.

די קראנקע, די געשוואָלענע פון הונגער, פלעגט מען ארייננעמען אין א שפּיטאָל. באם ארייננגיין אין דער פּאלאטע פלעגט דער דייטשישער דאָקטער באָדמאן אויסשרייען: „אכטונג!" דעמאלט פלעגן אלע קראנקע באדארפן ארויסלייגן זייערע הענט אף די דעקעס. האָט עמעצ דאָס ניט געטאָן גענוג פלינק — פלעגט אים דער דייטשישער דאָקטער צעמיימעסן מיט א שטעקן.

נאָך דעם, ווי מע פלעגט די קראנקע אין שפּיטאָל מאכן איינשפּריצונגען, פלעגן זיי שטארבן אין דעם זעלבן טאָג.

אין אווגוסט 1944 איז ליקווידירט געוואָרן א גרויסער טייל פון די עסטלענדישע לאַגערן. צווישן זיי: קוויאָלי, ערעדי און פיליקאָני. מיר האָבן זיך וועגן דעם דערוווסט פון די אויפשריפטן, וועלכע מיר האָבן געפונען אף די זעק פון צעמענט, וואָס זיינען געבראכט געוואָרן פון יענע ערטער.

דעם 19-טן סעפּטעמבער 1944 איז אין דעם לאגער קלאָגע פאָרגעקומען דאָס סאמע גרויליקסטע: איינדערפרי האָט מען אונדז אויסגעשטעלט בריגאדעסווייז — מענער באזונדער און פרויען באזונדער. מע האָט געמאָלדן, אז מע עוואקוירט אונדז קיין דייטשלאנד. גלייכצייטיק האָט מען פון אונדז אויסגעטיילט דריי הונדערט סאמע געזונטע מענער און אונטער א שמירע זיי אוועקגעפירט אין וואלד אָנצוזעגן ביימער. דאָס האָלץ — האָט איינגערעדט דער לאגער-פירער — דארפן מיר מיטנעמען קיין דייטשלאנד.

קעדיי צו הייבן בא אונדז די שטימונג, האָבן די דייטשן געהייסן צוגרייטן א מיטיק פאר אונדז אלעמען ווי אויך פאר די דריי הונדערט, וועלכע מע האָט אוועקגעפירט ברענגען האָלץ. אין דער זעלבער צייט האָט מען ארייננגעפירט צו אונדז אין לאגער א גרופּע קריגס-געפאנגענע.

ווען דאָס האָלץ איז אין וואָגנס געבראכט געוואָרן צו אונדזער לאגער, און די דייטשן האָבן עס אויסגעלייגט אף דער ערד אין א

באשטימטער פאָרם, האָט פונעם וואלד, ווו ס'זײַנען אוועק די דרײַ הונדערט ארבעטער, זיך דערטראָגן א שיסערײַ. מיר האָבן נאָך גאָרניט פארשטאנען. דערווײַל זײַנען מיר געוואָרן ארומגערינגלט מיט אלץ מער דײַטשן. אונדזער יעדער באוועגונג איז עוין געהיט געוואָרן דורך אָנגעצילטע קוילנוואַרפער. דעמלט האָט מען ארויסגערופן פון אונדז דרײַסיק מאן, זיי צוגעפירט צו די שיכטן אויסגעלייגטע קלעצער און באפוילן זיך ארופלייגן אפ די קלעצער מיטן בויך אראָפּ אזוי, אז דער קאָפּ זאָל אראָפּהענגען באם ראנד. ווען דער באפעל איז געוואָרן אויסגעפירט, האָט א דײַטש מיט א רעוואָלווער איטלעכן



א שײַטער אין קלאָגע. בלויז עטלעכע מענטשן זײַנען ניט דערברענט געוואָרן.

ארײַנגעשאָסן אין קאָפּ. געוואָרן פארטיק מיט די דרײַסיק, האָט מען ווידער אָפּגעקליבן דרײַסיק, זיי באפוילן ארופצולייגן אפ די דערשאָסענע א נײַעם שיכט האָלץ און שפּעטער אליין זיך אוועקלייגן ווי די ערשטע. אזוי האָט מען אויסגעפילט פיר שײַטערס צו זיבן שיכטן אין א שײַטער. ווער עס האָט געפּרווּוט אנטלויפן, איז דערשאָסן געוואָרן אפן פלאץ.

ווען דער ווארטנדיקער אוילעם האָט דערזען, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט מען זיך א יאָג געטאָן איבערן פלאץ, ווּהין די אויגן טראָגן. מיר מיט נאָך צוואנציק האָט זיך איינגעגעבן ארײַנצוכאפן זיך אין

דער אנטקעגנדיקער געבײַדע און זיך באהאלטן גאָר אויבן אפּן בוידעם. דײַטשן האָבן אונדז נאָכגעיאָגט. צענדליקער מענטשן, וועלכע האָבן באוויזן זיך ארײַנצוכאַפּן בלויז אין די אונטערשטע צימערן, זײַנען דערשאָסן געוואָרן דאָרטן גופא דורך די עסעסאָווצעס.

עטלעכע מעסלעס זײַנען מיר געלעגן אָן אָטעם. דורך די שפּאַלטן איז צו אונדז ארײַנגעדרונגען דער רויך און דער רייעך פון די פאַרברענטע. מיר האָבן נאָכאַנאַנד געמיינט, אַז עס ברענט אונדזער געבײַדע.

מיטאַמאָל האָבן מיר דערזען איבערן לאַגער א סאָוועטישן אעראָפּלאַן, און עס האָבן ארײַנגעשפּאַנט די ערשטע רויטאַרמייער”.

פון די שײַטערן אין קלאָגע האָבן זיך געראַטעוועט הונדערט ווילנער ייִדן. צווישן זיי — דער בראַווער פּאַרטיזאַן באָרעך גאָלדשטיין און דער אינזשעניר ראַטנער.

אין קלאָגע זײַנען צווישן אַנדערע פאַרברענט געוואָרן די באַקאַנטע ווילנער דאָקטוירים: זאַלקינדסאָן (טאַטע און זון), דער אַקטיאָר שאַבסײַ בליאַכער, דער זשורנאַליסט הערמאַן קרוק, דער דיכטער הערש ג טנעשטאַלט, דער דירעקטאָר פון ווילנער ייִדישן טעכניקום אינזשעניר שרײַבער און דער אינסטרוקטאָר פון זעלבן טעכניקום — זעליק גאָלדבערג.

ווען עס איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון געטאָ, איז קאַלמאַנאָוויטש צוזאַמען מיט פ ל טויזנטער ייִדן פאַרשלעפּט געוואָרן אין די קאָנצלאַגערן פון עסטלאַנד.

אין יול 1945, ווען איך בין געווען צום צווייטן מאָל אין ווילנע, האָב איך זיך באַגעגנט מיטן זינגער פון געוועזענעם ווילביג-כאָר שמועל־מייער סליוּקין, וועלכער איז נאָרוואָס געקומען פון שטוטהאָפער טויטן-לאַגער. פ ן אים בין איך געווויר געוואָרן וועגן קאַלמאַנאָוויטשעס טויט.

די ערשטע פּאָר כאַדאָשים האָט נאָך קאַלמאַנאָוויטש געאַרבעט מיט אַלע ייִדן באַם שלעפּ: פּעק מיט שמאַטעס אין דער מאַנופאַקטור־פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען אין לאַגער נאַרווע. מאַכמעס דעם, וואָס מע האָט די ייִדן קימאַט ווי ניט געשפּײַזט, איז ער געוואָרן געשוואָלן און זיך קוים באַוועגט. אַזוי־ווי די ניט אַרבעטספֿייִקע פלעגט מען אומברענגען, האָבן די ייִדן גענומען זאָרגן פאַר קאַלמאַנאָוויטשן. ס'האָט זיך אײַנגעגעבן אונטערצוקויפן א דײַטש, און קאַלמאַנאָוויטש איז געוואָרן דער אויפראַמער זײַן באַראַק. אין באַראַק האָט ער א סאַך געשריבן.

רירנדיק ביז גאָר איז געווען דאָרט זײַן פרײַנטשאַפט מיט מוישע לערער, דעם געוועזענעם מיטאַרבעטער פון ייִוואָ און אויסגעצייכנטן ייִדיש-קענער.

ווען לערער איז קראנק געוואָרן אפ דיזענטעריע, האָט קאלמאַנאָוויטש האווירט ארום אים ווי א מאמע. ער פלעגט אים וואשן, איבערבעטן און אָפּגעבן אים זײַן ביסל קאווע און אָפּגעשפּאָרטן קרישל ברויט. לערער איז אויסגעגאנגען אפ קאלמאַנאָוויטשעס הענט.

אין א קורצער צײַט ארום איז אויך קאלמאַנאָוויטש קראנק געוואָרן אפ דיזענטעריע — זיך קענטיק אָנגעשטעקט פון לערערן. דערצו איז ער נאָך פון פריִער געשוואָלן געווען פון הונגער און האָט געליטן גרויסע ווייטיקן.

אין באראַק זײַנען געקומען דײַטשישע דאָקטוירים. דערזען, אז קאלמאַנאָוויטש איז קראנק, האָט דער הויפּט-דאָקטער געהייסן אריבערטראָגן אים אין דעם באראַק פאר קראנקע, פונוואַנען מע פלעגט שוין זעלטן ארויס א לעבעדיקער.

נאָכן טויט האָט מען קאלמאַנאָוויטשעס קערפּער „דורכגעלאָזן דורכן קוימען", ס'הייסט, פארברענט אינעם אויוון פון מאנופאקטור-פאבריק. עמעצער פון די ארבעטער האָט אָנגעשריבן אפן פאבריק-אויוון קאלמאַנאָוויטשעס נאָמען.

## און אזוי זײַנען אומגעקומען אונדזערע קינדער

עס איז געווען ערעוו פּייסעך 1944. אין ווילנער קאָנצענטראַציע-לאגער „קײַליס", וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאר די יידן, וואָס ארבעטן אין דער שטאָטישער פּעלץ-פאבריק „קײַליס", איז געקומען ווײַס און געמאָלדן, אז אין שטאָט הערשט אן עפּידעמיע, דעריבער זאָל מען מאָרגן פרי ווארעם אָנטאָן די קינדער און זיי ארײַנפירן אין דער קליניק, וואָס אפ דער צווייטער זײַט גאס, קעדיי זיי צו מאכן אן אײַנשפּריצונג קעגן טיפוס.

א סאך מאמעס האָבן ניט געהאַט קיין כשאד. זיי האָבן די קינדער ארומגעוואשן, אויסגעפּוצט אין יאָמטעוודיקע קליידער, פארקעמט די הערעלעך און אין זוניקן פרילינג-טאָג זיי ארײַנגעטראָגן אין דעם אנטקעגנדיקן שפּיטאָל. ווען די קינדער זײַנען שוין געווען אינווייניק, און די ווארטנדיקע מאמעס זײַנען געשטאַנען הינטערן פּלאנקען פון לאגער, האָט דער ד"ר שולצע, דער דירעקטאָר פון דײַטשישן שפּיטאָל, אָנגעקלונגען צו ווײַסן אין קאַבינעט, אז די קינדער זײַנען שוין פאראן.

אין פינף מינוט ארום איז געקומען די „שווארצע וואָראָנע". ווײַס איז ארײַנגעשפּרונגען אין שפּיטאָל, געכאַפּט די קינדער און זיי געשלײַדערט אין אווטאָ. די מאמעס, וואָס האָבן דאָס צוגעזען פון

הינטערן פּלאַנקען, האָבן געריסן זיך מיט א געוויין צום אווטאָ צו ראַטעווען זייערע קינדער. ווײַס האָט זיי אָבער ניט צוגעלאָזט און געהייסן זײַנע לײַט צו שיסן פון אווטאָמאַטן אַף די לויפנדיקע מאַמעס. ניט געקוקט אַף דער שיסערײַ, זײַנען עטלעכע מאַמעס צוגעלאָפן צום אווטאָ און געפּרוווט מיט אַלע קויכעס זיך אַרײַנרײַסן אינווייניק. די מוטערס האָבן געוואָלט שטאַרבן מיט זייערע קינדער. ווײַס האָט זיך דערבאַרעמט און עטלעכע מאַמעס אַרײַנגעלאָזט.

דער לאַסט-אווטאָ איז אוועקגעפאָרן. אין דער רעשימע, וואָס ווײַס האָט געהאַט אין האַנט, האָבן אים געפעלט נאָך בא 60 קינדער. און ער איז אַרײַן אין בלאָק אופצוזוכן די געבליבענע.

* * *

די אַכציקיעריקע באָבע פרומע-ריווע בורשטיין האָט מיר דערציילט: „ווען איך האָב דערהערט, אַז אַלע קינדער מוז מען אַרײַנשיקן אין שפּיטאָל, האָב איך גלײַך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט קיין געווײנלעכע זאַך. מיר האָבן דאָך אין „קײַלים“ א דאָקטער מיט אַן אַמבולאַטאָריע, איז צוליב וואָס באַדאַרף מען די קינדער אַריבערטראָגן אין א דײַטשישן שפּיטאָל? איך האָב באַשטימט אָפּצוּוואַרטן, וואָס דאָ וועט זײַן, כאָטש דער דײַטש ריכטער האָט הויך געזאָגט פאַר אַלעמען: „די, וועלכע וועלן ניט אָפּשיקן זייערע קינדער, וועלן האַרב באַשטראָפט ווערן“.

דערהערט די קוילעס אין אַנטקעגנדיקן שפּיטאָל, האָב איך זיך גלײַך איבערגעצײַגט, אַז דער אומגליק איז א פאַקטיקער. איך האָב געכאַפּט מײַנע דרײַ אייניקלעך און מײַן פּלימעניטשקע און זיי באַהאַלטן אין א מאַלינע. אַליין בין איך אַראָפּגעלאָפן אַפן הויף און געוואַרט, וואָס דאָ וועט זײַן. דער גאַזלען ווײַס צוזאַמען מיטן דײַטש ריכטער זײַנען אַרומגעלאָפן איבערן הויף מיט א רעשימע און געריטשעט, אַז עס פעלן זיי קינדער. אויב מע וועט באַלד ניט אַרויסגעבן די באַהאַלטענע, וועט אָנקומען א פּאָלק שטורעמיסטן און דעם גאַנצן לאַגער וועט מען אויסשיסן. געזען, אַז פרײַוויליק קומט מען ניט, האָט ווײַס א פײַף געטאָן, און א סאַך דײַטשן זײַנען אַרײַנגעלאָפן אין לאַגער. די דײַטשן האָבן שוין געוואַרט הינטערן טויער, און אַף דעם ערשטן פײַף זײַנען זיי שוין געווען אינווייניק און גלײַך זיך פאַנאַנדערגעלאָפן איבער די הײַזער. זיי האָבן אַלע ייִדן אַראָפּגעטריבן אַפן הויף און אַליין זיך גענומען זוכן מאַלינעס.

איך בין געשטאַנען אונטן און געטראַכט: עפּשער וועט געשען א נעס און מײַנע קינדער וועט מען ניט אופזוכן. נאָר ווי איך טראַכט אַזוי, ערשט איך הער זייער געוויין. מע טראָגט זיי אונטן און מע שטעלט זיי באַזונדער. ווען אַלע אײַנוווינער האָבן זיך געפונען אפן הויף, האָט מען כאָרטירט אַלטע און קינדער פון איין זײַט און געזונטע פון דער אַנדער זײַט. אַזוי־ווי איך בין שוין ניט קיין יונגע, האָט מען מיך געשטעלט צו די קינדער. אוי, ווי מיר האָט זיך געוואָלט זיי ראַטעווען! איך האָב וועגן זיך ניט געטראַכט, נאָר וועגן די ריינע נעשאָמעלעך.

ווען א גאַזלען האָט זיך אפּ א ווײַל אָוועקגעקערט, האָב איך א כאַפּ געטאָן דאָס ייִנגסטע קינד, די איבעריקע איז ניט מעגלעך געווען צו ראַטעווען, און זיך אַוועקגעשאַרט אין דער ריכטונג צו די געזונטע, וועלכע זײַנען באַשטימט אפּ לעבן. ריכטער האָט מיר פאַרשטעלט דעם וועג: „וווהין גייסטו?" איך האָב געזאָגט, אַז איך גיי בלויז אָנקאָרמען דאָס קינד, און באַלד וועל איך צוריקומען.

די ייִדן, וואָס זײַנען באַשטימט געווען אפּ צום לעבן, האָבן מיך פאַרשטעלט. מײַן צוויי־יעריק אייפעלע האָט ניט אַרויסגעלאָזט קיין פּיפּס. מיטאַמאָל זײַנען אָנגעפאָרן לאַסט־אווטאָס, און מע האָט געגומען וואַרפן אהין די קינדער מיט די אַלטע.

איך האָב געזען, ווי מע וואַרפט דאָרט די צוויי אייניקלעך מײַנע. זיי האָבן געשריִען: „באָבעלע, מיר האָבן מוירע!" אָבער גאָרנישט האָב איך ניט געקענט זיי העלפן, ווײַל אויך מיטן געראַטעוועטן קינד בין איך נאָך ניט געווען זיכער. ריכטער, אָדער, ווי מע האָט אים גערופן, די גאָלאָשייקע, האָט פאַרגעדענקט, אַז איך בין אַוועקגעגאַנגען אָנקאָרמען דאָס קינד און האָט ניט אופגעהערט מיך צו זוכן.

ס'איז אַוועק א היפּשע צײַט. מיר האָבן פיל געליטן פון ריכטערן. ער פלעגט פיר מאָל א טאָג קומען זוכן קינדער. איך האָב אויסבאַהאַלטן מײַן קינד אונטער א קאָרב אין קלאָזעט. דאָרט איז עס אָפּגעלעגן בא א צען טעג, שפּעטער זײַנען מיר אַנטלאָפן פון לאָגער און זיך אויסבאַהאַלטן אין שטאָט בא א באַקאַנטער קריסטן".

* * *

א ייִנגל דערציילט: „דעם 27־טן מאַרט 1944, אַזייגער האַלב זיבן אינדערפרי, איז אין לאַגער־הויף פון ה.ק.פּ. אַרײַנגעפאָרן דער פעלדפעבל ריכטער און באַקוקט די צוויי מויערן. ער איז גלײַך אַרויסגעפאָרן צוריק און אַרײַנגעפירט סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן האָט ער אָנגעוויזן: דו —

דאָ, דו — דאָרטן. און גלײַך האָבן די באַוואָכנטע סאָלדאטן פארנומען פאָסטנס. איך בין דעמלט געווען אין באָד. איך האָב געהייצט אן אויוון. אז מע איז אַרײַן און געמאָלדן מיר, אז דער בלאָק איז ארומגעשטעלט, האָט מיר אָפּגעריסן באַם האַרץ. ווען איך בין ארויסגעלאָפן פון באָד, איז אָנגעפאָרן אנטקעגן מיר אן אווטאָ מיט א דרײַסיק-פערציק פאָליציאנטן, אָנגעטאָן אין גראנאטענע מונדירן.

איך בין אַרױף אין שטוב צו דער מאמען. דאָרטן איז א געוויין. איך ווער צעשניטן. איך האָב אָנגעטאָן עטלעכע פאָר קליידער. די מאמע אויך. מיר זײַנען געווען זיכער, אז מע ליקווידירט דעם בלאָק. די שטימונג איז געווען ווי פאַרן טויט. מיר האָבן אָפּגערעדט, אז בא דער ערשטער מעגלעכקײַט זאָלן מיר לויפן. אויב מע וועט אונדז אוועקשלעפּן מיט א באַן, זאָלן מיר שפּרינגען.

דערווײַל זײַנען די צימערן פול געוואָרן מיט פּאָליציי און מיט דײַטשן. די פרויען און קינדער האָבן זיי געשיקט אין שנײַדער-ווארשטאט, און די מענער — ווו יעדער ארבעט. קיינער האָט זיך ניט געאײַלט. ווער ווייסט, ווו ס'איז בעסער. מיטאמאָל האָט זיך פארשפּרייט א קלאנג, אז דאָס מאָל איז ניט קיין ליקווידאציע: מע נעמט „בלויז“ די אלטע און קינדער.

וואָס טוט מען? ווי ראטעוועט מען מײַן מאמע? איך האָב זיך ניט פארלאָרן, זי אַרײַנגעפירט אין באָד, אוועקגעלייגט זי אין א ווינקל און צוגעדעקט מיט קאָלדרעס. וועגן זיך אליין האָב איך געטראכט, אז מע וועט מיך דאָס מאָל ניט נעמען, ווײַל, קודעם ארבעט איך, און צווייטנס, בין איך ניט קיין קינד.

פארדעקט די מאמע, בין איך ארויס פון באָד. איך טו א קוק אין פּאָדערהויז, דער לייטער, וואָס פירט אפן בוידעם, איז ניטאָ. איך פרעג, ווער איז דאָרט, ענטפערט מיר צילקע רודענסקיס קאָל: „מיר זײַנען עס, קום זיך באהאלטן“.

איך ווייס ניט פארוואָס, נאָר אפן בוידעם האָט מיך ניט געצויגן. איך בין אַרײַן אין שלאָסערײַ-ווארשטאט (לויט דער רעשימע, וואָס געפינט זיך בא די דײַטשן, בין איך א שלאָסער). דורכן פענצטער פון שלאָסערײַ זעט זיך דער פלאץ לעבן טויער. אָט פירט מען דאָרט עלטערע פרויען און קינדער. זיי שטייען שוין צווישן פארקאן און טויער. זיי טראָגן מיט זיך קליינע פּעקלעך. די קעפּ זײַנען אראָפּגעלאָזט. אנטקעגן זיי שטייען פּאָליציאנטן און עסעסאָווצעס. די, וואָס קוקן ארויס דורך אונדזער פענצטער, דערקענען דאָרט באַם טויער — ווער זײַן קינד און ווער זײַן מוטער. זיי כאפּן זיך פאר

די קעפּ און נעמען אַרומשפּרייזן מיט גרויסע טריט איבער די וואַר-שטאַטן: „אוי, מײַן קינד! אוי, מײַן מאַמע!“

אָט זע איך, ווי מע פירט די פרוי יאַבראָוו. איר זון, וואָס שטייט אונטער אונטן אין פענצטער, נעמט זיך קלאַפּן דעם קאָפּ אָן דער וואַנט. מײַן מאַמע האָט מען דערווײַל נאָך ניט דורכגעפירט. מיסטאָמע ניט געפונען. עס ווערט מיר לײַכטער. עס גייען אַריבער אַ פּאָר שעה. דורכגעזוכט דעם ערשטן מויער, האָט מען זיך גענומען צום צווייטן. ווײַס גייט אַרום איבער די וואַרשטאַטן און זוכט, צי מע האָט ניט באַהאַלטן קיין קינדער. איצט איז ווײַס אין סטאָליאַרנײַ. אַ טיר לעבן אַ טיר מיט אונדז. איך הער פון דאָרט אַ קינדעריש געוויין. ווײַס האָט געפונען אַן אייפּעלע און טראָגט עס אונטערן אָרעם. באַם אַרײַנגיין אין אונדזער וואַרשטאַט גיט ער איבער זײַן געפינס אַ צווייטן. איך שטיי ווי אַ געליימטער און ווייס ניט וואָס צו טאָן. אָט איז ווײַס. צום ערשטן מאָל דערזע איך זײַן עקלדיק פּאָנעם מיט די ברילן אויף דער נאָז. ער טראָגט אַ האַק מיט אַ ברייטער טאַפּע-ריסקע. די האַק איז רויט און וואַרפט אויף אים אַן אָפּשײַן. ער באַ-פעלט, אַז די, וואָס אַרבעטן, זאָלן אַריבערגיין אין אַ צווייטן צימער. יעדן אַנדערן כאַפּט ווײַס פאַרן קאָלנער און שלײַדערט צום הויף. איצט איז מײַן ריי. איך פּרוּוו זיך שטעלן אויף די שפּיץ פינגער, איך זאָל אויסזען העכער. ווײַסן וועסטו אָבער ניט אָפּנאַרן. ער ווײַזט מיר די טיר, און אַן עסעסניק טוט מיך אַ וואָרף אין דרויסן. איך פּרוּוו אַנטלויפן, ערשט מע פאַרשטעלט מיר דעם וועג: לויף איך צוריק, ערשט ס׳פאַרשטעלט מיר אַ צווייטער. און אָט בין איך באַם פאַרקאַן אין איין קופּע מיט די קינדער.

דאָ איז מײַן סאָף, טראַכט איך. פון דעם טיגערס ציין וועל איך זיך ניט באַפרײַען. פונדעסטוועגן פּרוּוו איך מײַן מזל: ווען אַן עסעסאָווער קערט זיך אויף אַ רגע אָפּ, לויף איך ווײַטער אין דער ריכטונג צו אַ מויער, אָבער אויך דאָס מאָל האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן. אויפן וועג יאָגט מיך אָן אַ צווייטער פאַרשוין (ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דאָס לוקאַשיס, אַ פירער פון „איפּאַטינגאַ“), און מיטן הענטל פון רעוואָלווער שפּאַלט ער מיר דעם קאָפּ.

איך ליג אין זאַמד. בין האַלב פאַרכאַלעשט. דער ציווילער פאַר-שוין לאָזט מיך אָבער ניט אָפּ. פאַרן האַנט שלעפּט ער מיך אין אַ באַראַק, און ביים-מײַסע לאַכט ער. אין באַראַק האָט מען געבראַכט אַ טישל. ווײַס האָט זיך באַ אים אַוועקגעזעצט. די בלוטיקע האַק אונטער דער מאָרדע, און עס איז פאָרגעקומען די סאָרטירונג. קינ-

דער — אין באראק, יינגערע פרויען לאָזט ער אָפּ. אָט גייט א מאמע מיט אירע צוויי קינדער. די קינדער — א וואָרף אונ די מאמע אָפּ-געררוקט. אונ וויל א מאמע גיין מיט איר קינד איניינעם, רייסט ער זי אָפּ מיט געוואלט. די עלטערן פארגינט ער ניט דעם טויט. ווען עס דערגייט צו מיר, ווייזט ער אָן דעם באראק. ווידער נעם איך לויפן, נאָר אן עסעסניק כאפּט מיך.

איך האָב זיך פארוקט אין א ווינקל אונ געזוכט אן אויסוועג. ווענן אנטלויפן קען ניט זיין קיין רייד. איך זוך בלויז אן אָרט, וווּ מע קען זיך באהאלטן. מיטאמאָל באמערק איך, אז אין באלקן איז ארויסגענומען א ברעטל. איך טראכט ניט קיין סעקונד אונ קריך ארויף אפן בוידעם. נאָך מיר קריכן אנדערע. דער בוידעם ווערט פול. איך הער, ווי עס רוישן מאָטאָרן. דאָס זיינען ארייַנגעפאָרן די „שווארצע וואָראָנעס". דאָס געוויש איז אויסגעמישט מיט געוויינען. דאָס לאָדט מען איצט די צענדליקער קינדער.

אין אָוונט איז שוין געווען נאָך אלעמען. איך בין אראָפּ פון בוידעם. צו מיין פרייד האָב איך באגעגנט מיין מאמע, זי איז גע-לעגן ביז איצטער אונטער די קאָלדרעס אין באָד. דער שירמייַסטער דרישער, וואָס האָט דורכגענישטערט יעדן ווינקל, האָט זי ניט באמערקט".

הונדערט פופציק קינדער האָט מען דעם טאָג ארויסגעריסן פון לאגער (צווישן זיי די צוויי קינדערלעך פון דעם ארטיסט בערעגאָל-סקי). איינע א פרוי באס האָט איר קינד בעשום-אויפן ניט געגעבן. וויפל וויַיס האָט זי ניט געשלאָגן, האָט עס ניט געהאָלפן. די „וואָראָנע" האָט זי פארשלונגען צוזאמען מיטן קינד. א צווייטע פרוי זשוקאָווסקי האָט ווייס דערשאָסן אפן אָרט, ווייל זי האָט אים אָנגערופן קינדער-מערדער!

* * *

זעליק לעווין דערציילט: „איינמאָל איז ווייס געקומען אין געטאָ אופגענומען מענער צו שיקן קיין עסטלאנד. דער צעניעריקער שמוליק קאָטלער איז ארומגעלאָפן איבער דער געטאָ אונ געזוכט זיין טאטן. אָנשטאָט זיין טאטן האָט ער געטראָפן אפ ווייסן.

— דו וועסט בא מיר פאָרן אין עסטלאנד אפ ארבעט, — שרייט אויס דער מערדער.

— הער ווייס, — האָט זיך גענומען בעטן שמוליק. — איך בין דאָך אלט צען יאָר!

— צען יאָר? — האָט איבערגעכאַזערט ווײַס און גוט אָנגעקוקט דעם צעשראָקענעם שמוליקן.

דערווײַל האָט דער מערדער דערזען א באַהאַלטענעם ייִדן, און שמוליק האָט זיך אַרויסגעריסן פון זײַנע הענט. אין א האַלב יאָר אַרום, באַם דורכפירן די שכיטע אָפּ קינדער, האָט ווײַס זיך ווידער אָנגעשטויסן אָפּ שמוליקן. צוזאַמען מיט זײַן כאַוועראַל מאַרעק לעווין איז שמוליק געלאָפן זיך ערגעץ ראַטעווען. ווײַס האָט זיך צעשמייכלט:

— אַך דו! איצט גײסטו מיט מיר, — זאָגט ער צו שמוליקן, — און אויך דו וועסט מיטגיין, — לאָזט ער ניט אָפּ מאַרעקן.

שמוליק האָט זיך אָנגעהויבן בעטן:

— מײַן הער, איך בין דאָך שוין 15 יאָר!

ווײַס האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט איבערן גאַנצן הויף:

— זינט עטלעכע כאַדאָשים ביסטו שוין אַלט געוואָרן 15 יאָר? עס וועט דיר גאָרניט העלפן! — און ער האָט זיי געפירט פאַר די אַקסלען צום שוואַרצן אַווטאָ.

שמוליק האָט זיך אָנגעצונדן. סײַווי, האָט ער געטראַכט באַ זיך, איז זײַן לעבן פאַרפאַלן, האָט ער א שפּרונג געטאָן אָפּן מערדערס האַלדז און מיט די פיסלעך געבריקעט ווײַסן אין בויך. אויך מאַרעק איז ניט אָפּגעשטאַנען און געשלאָגן ווײַסן. ווײַס איז אָבער גיך געקומען צו זיך, און מיט דער מיטהילף פון דערבײַיִקע געסטאַפּאָוו-צעס בײַגעקומען די קינדער. צוליבן ווידערשטאַנד האָט ער זיי אין אַווטאָ ניט אַרײַנגעוואָרפן. ער האָט זיי ביידן אָנגעכאַפּט פאַר די העלדזער און דערשטיקט״.

* * *

א מאַמע דערציילט וועגן איר קינד: „ווי נאָר מע האָט אַרויסגע-געבן דעם באַפעל, אַז פרויען און קינדער דאַרפן אַראָפּגיין אָפּן הויף, האָט לייבל געזאָגט: עס איז ניט קיין קונץ אַליין זיך צו באַהאַלטן — מע דאַרף ראַטעווען אויך אַנדערע. ער האָט מיך מיט זײַן ברודערל יאָסעלע אַרײַנגעפירט אין א סקלאַדיק, אונדז צוגעדעקט מיט צוויי מעטער האָלץ, און אַליין איז ער פאַרשוווּנדן. אונטערן האָלץ האָב איך ניט געקענט אײַנליגן. איך בין געווען זיכער, אַז מײַן לייבלען האָט מען געכאַפּט. נאָר שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אָט וואָס:

ווען ער איז פון מיר פאַרשוווּנדן, האָט ער געפונען א האַק, עס איז די זעלבע האַק, וואָס איז געווען באַ ווײַסן. לייבל איז

געלאָפֿן מיט דער האַק און נאָך זיך מיטגעצויגן אַ צוויי צענדליק קינדער. אויך אַ פּאָר עלטערן זײַנען נאָכגעלאָפֿן לייבלען.

ער האָט זיי אַלעמען אַרויפֿגעהויבן אויפֿן בוידעם און גענומען זעצן מיט דער האַק אין בלעך, כּדי צו מאַכן אַן עפֿענונג איבער־צוקלעטערן ווײַטער. מיטאַמאָל האָט ער דערזען אויפֿן בוידעם צוויי געוואַלדיק גרויסע קעסלען, וווּ ס׳איז געזאַמלט געוואָרן דאָס וואַסער פֿאַר דער באָד. ווען לייבל האָט זיך איבערגעצײַגט, אַז איין קעסל איז אַ פּוסטער, האָט ער אין מאָמענט באַשלאָסן, אַז ס׳איז דאָס בעסטע אָרט אויף צו באַהאַלטן די קינדער. אָבער וויאַזוי דערקריכט מען צו די קעסלען, ווען זיי זײַנען דרײַ מעטער די הייך? לייבל איז פֿלינק אַראָפּגעשפּרונגען נאָך אַ לייטער, זיך גיך געקערט צוריק, איבער־גענומען פֿון די עלטערנס הענט די קינדער און זיי אַראָפּגעלאָזט אין קעסל. אין קעסל האָט ער אויך אַרײַנגענומען נאָכדעם דעם לייטער, מע זאָל גאָרניט באַמערקן.

דאָ האָט מען ווײַסן גזמאַסערט, אַז אויפֿן בוידעם, וווּ עס שטייען די קעסלען, האָט מען באַמערקט אַרויפֿקריכן קינדער. ער איז גיך אַהין אַוועקגעלאָפֿן און אָנגעהויבן נישטערן. ער האָט קיינעם ניט געפֿונען. דער לייטער צו די קעסלען איז ניט געווען. כּדי צו זײַן אין אָרדענונג מיטן געוויסן, האָט ער גענומען קלאַפּן מיט אַ שטעקן אין די קעסלען:

— קינדער, קומט אַרויס, איך האָב פֿאַר אײַך פּוטער, צוקערקעס!

צוויי־יאָריקע קינדער זײַנען אָבער געלעגן מיט פֿאַרשלאָסענע אָטעמס. פֿון קעסל האָט זיך ניט געהערט קיין פּיפּס״.

* * *

פֿון דעם באַן־מאַשיניסט יוזעף רינצעוויטש, וואָס ער אַליין האָט געפֿירט די באַן מיט די קינדער, האָט מען זיך שפּעטער דערוווּסט: די קינדער פֿון „קײַליס“ און פֿון ה. ק. פּ., צוזאַמען בײַ אַ צוויי הונדערט, האָט דער מאַשיניסט דערפֿירט ביז קראָקע, וווּ מע האָט זיי אַראָפּגעבראַכט אין אַ דײַטשישן שפּיטאָל. דאָרט האָט מען די קינדער סאָרטירט. פֿון אַ טייל האָט מען אַרויסגעצויגן דאָס בלוט אויף טראַנספּוזיעס פֿאַר דײַטשן. און בײַ דעם אַנדערן טייל האָבן דײַטשישע ספּעציאַליסטן אַראָפּגעצויגן פֿון די פּענעמער די צאַרטע הויט, כּדי אויסצונוצן אויף קאָסמעטישע אָפּעראַציעס פֿאַר פֿאַרווונ־דעטע און אָפּגעבריטע סאָלדאַטן.

# אין דער באַפרײַטער ווילנע

גלײַך ווי איך בין געקומען אין דער באַפרײַטער ווילנע, איז איינער פון מײַנע ערשטע באַזוכן געווען אין קאַמער נום. 16 אין געסטאַפּאָ. די קאַמער איז טרויעריק באַרימט געווען אין געטאָ. אין דער דאָזיקער קאַמער איז־וואָכנלאַנג געזעסן דער פּראָפעסאָר נויעך פּרילוצקי. אין דער דאָזיקער קאַמער איז אויך פאַרפּײַניקט געוואָרן דער קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ — איציק וויטענבערג. די קאַמער איז באַשטימט געווען בלויז פאַר ייִדן. אויך אין טורמע האָט מען אָפּגעטיילט ייִדן פון „אַריער".

און אָט בין איך אינווייניק. די קאַמער אָטעמט נאָך מיט די וויי־געשרייען פון מײַנע פרײַנט און כאַווערים. די ווענט זײַנען באַשפּריצט מיט בלוט. און טויזנטער אויפשריפטן איז נאָך צו מערקן אַף די ווענט. אַ סך פאַרמישפּעטע האָבן אָנגעשריבן זייער אייגענע מאַציייווע. פאַרן שײַן פון זון־פאַרגאַנג, וואָס טיילט נאָך בוילעסטער אויס די רויטקײַט פון די ווענט, לייען איך:

„נעמט נעקאָמע! איציק וויטענבערג.

16־טער יול 1943".

* * *

און אָט איז נאָך אַן אויפשריפט:

„ווער עס קען רײַבאָווא, אַף באַנ־גאַס 9, זאָל וויסן, אַז זי האָט אומגעבראַכט צוויי אומשולדיקע נעשאָמעס. ביזן לעצטן דאָר זאָל זי פאַרשאָלטן זײַן! איר בלוט זאָל רינען פון אירע אייניקלעך און אור־אייניקלעך, ווי עס רינט פון אונדז אומשולדיק בלוט. זי האָט אונדז אַרויסגעגעבן, און מיר גייען אַף פּאָנאַר. די שוועסטער טראַקונסקי".

אַ סך אויפשריפטן זײַנען שוין אָפּגעמעקט פון די ווענט. עס איז קענטיק, אַז מע האָט זיי ספּעציעל געריבן, עס זאָל ניט איבער־בלײַבן קיין סימאָנים.

אויך אין דער געטאָ־טורמע אַף לידסקער געסל זײַנען די ווענט פאַרשריבן פון די צום טויט פאַרמישפּעטע. אָט זײַנען עטלעכע גע־זעגענונגען מיט דער וועלט:

טעג, איר גאָלדענע, פון יוגנט,
כ'האָב אײַך ווינציק־וואָס געזען.
טעג איר טריבע, פּעכיק לאַנגע,
ווען וועט איר פאַרגיין שוין, ווען?

ווילנער געטאָ־טורמע. 9/5 1943.

„דער עמעס מוז זיגן. לידסקע איז דער וואָקזאַל צו פּאָנאַר. דאָ איז געזעסן יאָסעלע, ער גרייט זיך צו פּאָנאַר“.

## דאָס פאַרברענען די מייסים

ווען אין פּאָנאַר איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן איבער הונדערט טויזנט מענטשן, איז געקומען א באַפעל פון הימלערן צו דעם הויפּט פון ווילנער געסטאַפּאָ נויגעבויער צו פאַרברענען די מייסים, עס זאָל ניט איבערבלייַבן קיין סימען. גלייַכצייַטיק איז צוגעשיקט געוואָרן א ספּעציעל אָפּגעדרוקטע בראָשור פון הימלערס געהיימע אויסגאַבן, ווו עס ווערט מיט אלע געניויקייַטן אָנגעוויזן די סיסטעם, וו:אזוי דורכצופירן די פאַרברענונג.

דער ייִד קאַמערמאַכער, וואָס ביז יונ 1944 האָט ער געאַרבעט אפן הויף פון געסטאַפּאָ, איז באַהאַוונט געווען אין אלץ, וואָס עס האָט זיך געטאָן בא די מערדער. ער האָט עס דערציילט.

אין סענטיאַבער 1943, גלייַך נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ, ווען די ספּעציעל אויסגעטיילטע בריגאַדע אָפּ צו פאַרברענען די מייסים איז דורכגעגאַנגען דעם אינסטרוקטיוון קורס, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט נויגעבויער אליין, האָט מען אָנגעהויבן פּראַקטיש דורכצופירן די אויפגאַבע.

די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן פאַרברענען די הונדערט טויזנט מענטשן זייַנען געווען נויגעבויער און זייַן שפּעטערדיקער פאַרבייַטער פוילהאַבער, דער טרויעריק באַקאַנטער מאַרטין ווייַס, קיטעל, לעגעל, שנייַדער, קראָס, פידלער און איינער א שטורעמפירער, וועלכנס קינער האָט ניט געקענט באַם נאָמען. ביכלאַל מוז מען זאָגן, אז די גאַנצע ווילנער געסטאַפּאָ איז געווען פאַרטאָן אינעם פאַרברענען די הארוגים. די דייַטשישע מושלים האָבן, קענטיק, געפילט, אז אין די נאָענטסטע כאַדאָשים וועט זיך דער פראָנט דערנענטערן און אז סאָפּקאָלסאָפּ וועט מען זיי פון דער שטאָט פאַרטרייַבן.

קעדיי צו האָבן אַרבעטער, וואָס זאָלן זיך פאַרנעמען מיט דער שרעקלעכער אַרבעט, האָט ווייַס צונויפגענומען פון די טורמעס מענטשן און זיי אַוועקגעפירט אפּ פּאָנאַר. די געבראַכטע זייַנען געווען זיכער, אז מע פירט זיי שיסן. אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אז מע פירט זיי אפּ עפּעס אנדערש. זיי האָבן באַדאַרפט מאַכן א בונקער פאַר די, וואָס וועלן ברענען די מייסים. ווי דערמאָנט, זייַנען געווען אין פּאָנאַר פאַרשיידענע גריבער. איינ גרוב, וואָס איז אויסגעפּלאַסטערט געווען רונד אַרום מיט געהאַקטע שטיינער — בא א הונדערט פּופּציק

מעטער פון ארײַנגאנג דורכן גראָדנער שאָסיי — איז באשטימט געוואָרן דורך די דײַטשן פאר דער היים פון די מייסים-ברענער.

די, וואָס מע האָט געבראכט אפּ פּאָנאר אפּ אויסצובויען דעם בונקער, האָבן ניט געוווּסט, אז אויך זיי גופא וועט דאָרט אויסקומען צו וווינען. צוערשט פלעגן זיי ארבעטן פון פארטאָג ביז אָוונט, און דערנאָך פלעגט מען זיי אָפּפירן צוריק אין לוקישקער טורמע אָדער אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ.

די גרוב איז קײַלעכדיק, א מעטער פופצן די ברייט, אין דער טיף האלט זי אכט מעטער. זי איז דורכויס שטאָציק. די שטיינער אין די ווענט זײַנען אײַנגעמויערט גלאט, אז ניט מעגלעך דאָ ארײַנצורוקן א פינגער. אין דער-אָ גרוב זײַנען געמאכט געוואָרן פארשיידענע אָפּטיילן. א סקלאדיק אפּ עסנוואַרג, אן אוביקאציע (קלאָזעט), א ברונעם, א קיך און צוויי לאנגע קאמערן מיט נארעס צום שלאָפן. פון אויבן איז די טורמע פארלייגט געוואָרן מיט שווערע קלעצער. אפּ די קלעצער האָט מען נאָך אָנגעלייגט שטיינער, ערד און קאָלערליי אָפּפאל. בלויז אין צוויי ערטער האָט מען געלאָזן אָפּן. אין ביידע עפענונגען האָט מען ארײַנגעשטעלט לייטערס, איין לייטער איז באַשטימט פאר די ארעסטאנטן, און דער אנדערער, א פיל שענערער, — פאר די דײַטשן, קעדיי אראָפּצוגיי[illegible] [illegible]ן קאָנטראָלירן.

ווען דער בונקער איז [illegible] שוין געווען פארטיק, האָט מען זײַנע בויער שוין מער ני[illegible] [illegible] אָפּגעפירט נעכטיקן אין די טורמעס. פארקערט, מע האָט גער[illegible] [illegible] אכט אהער פון געסטאַפּאָ נאָך א סאך געפאנגענע און אלעמטי[illegible] [illegible] באזאָרגט מיט א געלעגער אין דעם פּאָנארער בונקער. צווישן די [illegible] אכציק פארשלעפּטע קיין פּאָנאר זײַנען געווען זיבעציק ייִדן, נײַן רוסישע געפאנגענע און איין יונגער פּאָליאק, בא וועמען מע האָט געפונען באהאלטן א ייִדיש מיידעלע לייעלע פון דאָרף לעשניק.

דעם בונקער האָט מען ארומגעצאמט מיט שטעכיקן דראָט, הינטערן דראָט ארומגעלייגט מינעס, און הינטער די מינעס ווידער ארומגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט. דערצו נאָך איז הינטער דער צווייטער דראָטענער צוים אפּ יעדער צוויי מעטער געשטאנען א וועכטער מיט אן אווטאָמאט.

שלוימע גאָל, איינער פון די שפּעטער אנטלאָפענע פון דעם פּאָנארער בונקער, האָט מיר דערציילט: „ווען אלע אכציק האָבן זיך געפונען אין בונקער, האָט זיך אראָפּגעלאָזן אפּן באזונדערן לייטער דער שטורעמפירער — א הויכער בלאָנדער דײַטש מיט גאָלדענע ארויסגעשטארצטע ציינער, האָט באקוקט דורך א מאָנאָקל, וויאזוי עס איז

אויסגעשטאַט די נײַע וווינונג, און האָט אַלעמען אַרויסגערופן אינ דרויסן. ער וועט האלטנ א רעדע:

„פונ הײַנט,—האָט אָנגעהויבנ דער שטורעמפירער,—בלײַבט איר שוינ דאָ ארבעטנ אפּ שטענדיק. עס וועט אײַך זײַנ ניט שלעכט. צום עסנ וועט איר באקומענ גוט אונ גענוג. אָבער האָרעווענ וועט איר מוזנ טיכטיק. איר וועט זײַנ באשעפטיקט בא א ספּעציעלער מעלוכי־שער ארבעט. עס האנדלט זיכ אינ דעמ, וואָס די ליטווינער האָבנ אָפּגעטאָנ שרעקלעכע כאזורײַענ. זיי האָבנ אויסגעהארגעט 90 טויזנט מענטשנ, אונ דאָ פוילנ זייערע קערפּערס. דאָס איז א שאנד פאר דער וועלט אונ פאר דער געשיכטע! דעריבער מוז מענ פארווישנ אלע סימאָנימ. קעדיי דאָס דערגרייכנ, וועט איר דארפנ אויסגראָבנ אפּ צוריק אלע מייסימ אונ אפּ ספּעציעלע שײַטערהויפנס זיי פארברענענ. נאָכדעמ וועט איר דארפנ פארשיטנ די גריבער אונ זיי פארגלעטנ, עס זאָל ניט איבערבלײַבנ קיינ מינדסטער סימענ.

וויאזוי צו מאכנ די שײַטערהויפנס וועט מענ אײַך לערנענ באזונדער. אויב נאָכנ פארברענענ די קערפּערס וועלנ איבערבלײַבנ שטיקער ביינער, דארפ מענ זיי צעשטויסנ אפּ אש אונ דעמ אש איבערמישנ מיט געלנ זאמד. אויב איר וועט ארבעטנ אָרנטלעכ, וועלנ מיר



דער בונקער פונ די מייסימ־ברענער אינ פּ·
פּנאַר.

אײַך דערנאָך אָפּשיקן אפּ ארבעט קיין דײַטשלאנד. יעדער וועט אר-
בעטן נאָך זײַן פאַך, ווי ער וועט זיך אליין אויסקלײַבן".

דעמלט האָט ער געהייסן אונדז נעמען דאָס הילצערנע לייטערל, וואָס איז באשטימט פאר אונדז, און זיך אראָפּלאָזן אין גרוב. ווען מיר זײַנען אלע געווען שוין אינווייניק, האָט אפּן באזונדערן שנערן לייטערל זיך אראָפּגעלאָזן דער שטורעמפירער מיט זײַנע אדיוטאנטן קראָס און פידלער. ער האָט אונדז אויסגעשטעלט אין א ריי און אָנגעהויבן:

„ווי געזאָגט, בלײַבט איר שוין בא מיר אפּ דער ארבעט. נאָר קעדיי איר זאָלט פונדאנען ניט אנטלויפן — מוזט איר געשמידט ווערן אין קייטן". און דערבײַ האָט דער שטורעמפירער אליין געבראכט א שוין צוגעגרייטע קייט, עס אָנגעטאָן אפּ איינעם פון אונדז און גע-וויזן די מאָדעל, וויאַזוי דאָס דארף געמאכט ווערן. דערנאָך האָט ער א זאָג געטאָן: „ווו איז דאָ דער שמיד?"

פון דער ריי איז ארויסגעקראָכן אווראָם גאמבורג, וואָס האָט זיך פריער געהאט אָנגעגעבן פאר א שמיד.

יעדער האָט געמוזט אוועקשטעלן זײַן פוס אפּ א שטיין, און פארן שטורעמפירער אין די אויגן האָט גאמבורג אונדז געשמידט אין קייטן איבער די שטיוול. דער אָפּשטאנד פון די קייטן איז געווען אזא, אז מע האָט געקענט בלויז געבן א געוויינלעכן טראָט. נאָכדעם איז דער שטורעמפירער צוגעגאנגען צו איטלעכן און האָט קאָנטראָ-לירט, צי יענער איז גוט געשמידט. ער האָט העפלעך יעדערן אויס-געפרעגט, פונוואנען ער איז, ווי אלט, זײַן פאַך, און ווידער גע-האלטן פאר אונדז א רעדע:

„איר זאָלט גאָר ניט פרווון כונדאנען צו אנטלויפן, ווײַל פון פאָ-נאר איז נאָך קיינער ניט אנטלאָפן. יעדער פאָר שאָ וועט מען אײַך קאָנטראָלירן די קייטן. אויב ס'וועט זיך ארויסווײַזן, אז די קייטן זײַ-נען ניט אין אָרדענונג, ווערט יענער גלײַך דערשאָסן. באם גיין מוזן די קייטן קלינגען. ניט בלויז בא אלעמען צוזאמען, נאָר בא איט-לעכן באזונדער. דעריבער דארף מען הייבן די פיס. ארבעטן זאָלט איר גוט, פלײַסיק, ווי פאר זיך אליין. פאר דעם מינדסטן סאבאָטאזש ווערט מען דערשאָסן. פאר יעדער ברעכן די דיסציפלין ווערט מען דערשאָסן".

נאָכדעם האָט ער אונדז געהייסן ארופקריכן אין דער הייך און ארופציִען נאָך זיך דעם לייטער. זײַן לייטער האָט ארופגעצויגן א דײַטש".

שלוימע גאָל דערציילט ווײַטער: „פיר וולכטער מיט אויסגעשטעל-
טע אוטאָמאטן האָבן- אונדז
אוועקגעפירט צו דער ארבעט.
צוערשט גייען מיר אריַין אין א
קאמער. דאָרט ליגן די אינ-
סטרומענטן: רידלען, קיר-
קעס, שופלען, קאָטשערעס,
לאָמען, גראבלעס און העק.
יעדער נעמט זיך דאָס
נייטיקע, און מיר גייען
ווײַטער. דער שטורעמפירער,
אין א לאנגן פעלץ,
באגעגנט אונדז אפן וועג.
ער הייסט אונדז די מאכשי-
רים אוועקלייגן צוריק.



שלוימע גאָליק

— קעדיי איר זאָלט זיך
צוגעוווינען צו ארבעטן, —
זאָגט ער, — זײַנען צום
ערשטן מאָל ניט נייטיק קיין
מאכשירים. איר וועט טראָגן
די פארפוילטע קערפערס
מיט די הוילע הענט, — און
קעדיי אונדז צו געבן צו פארשטיין, אז מע וועט ניט מאכן קיין
צערעמאָניעס, האָט ער גלײַך געכאפט א נאהײַקע און אונדז אײַנ-
געטיילט די ערשטע שמיץ.

— דיסציפלין, האָב איך געזאָגט, דיסציפלין!

אָבער ווי נאָר מע האָט אונדז אראָפּגעפירט אין איינעם פון די
הויפט-קוואָרים, ווו, אָפשארנדיק א שיכט זאמד, האָבן מיר דערזען
פאר זיך קופעס מייסים איינער אפן אנדערן, האָבן א סאך ארבעטער
אויסגעבראָכן א כפאזמאטיש געוויין און זיך ניט געקענט צורירן צו די
קדוישים. אונטער א האָגל קלעפּ האָט זיך ענדלעך אָנגעהויבן די ארבעט.

אין די שפעטערדיקע טעג האָט מען אונדז שוין דערלויבט צו
באנוצן זיך מיט די מאכשירים אפ אויסצוגראָבן די מייסים און זיי
טראָגן צום שײַטער. דערבײַ האָט אונדז דער שטורעמפירער אָנגע-

זאָגט, אז מיר זאָלן אינגאנצן פארגעסן, אז די מייסים זײַנען געווען אמאָל מענטשן. הײַנט זײַנען דאָס טויטע קעגנשטאנדן — „שײַסדרעק", און מע דארף זיך דערמיט בלויז רעכענען ווי מיט שטיקער מאטע-ריאל — קלעצער אָדער ענלעכס. דעריבער האָט-ער אונדז פארבאָטן אָנצורופן די מייסים מענטשן, קערפערס אָדער ענלעכס. ער האָט גע-הייסן באַם ציילן אָדער ראפּאָרטירן אָנצורופן זיי „פיגורן"".

* * *

דער קריגסגעפאנגענער קאָנסטאנטין פּאָטאנין, וואָס אויך ער איז ארײַנגעפאלן צווישן די מייסים-ברענער און האָט זיך נאָכדעם גע-ראטעוועט, האָט מיר דערציילט:

„...מיר האָבן גענומען לאָפּעטעס און זײַנען אוועק ווײַטער. מיר דערזעען א גרויסע גרוב, און מענטשן, געשמידט ווי מיר, שטייען דאָרט און ווארפן אָפּ דעם זאמד פון אויבן. עס שטינקט פונדער-ווײַטן, אז מע קאָן ניט צוגיין. באַם ראנד פון גרוב שטייען דעם שטורעמפירערס פארטרעטער פידלער און לעגעל. ביידע זײַנען זיי אָנ-געטאָן אין פעלצן און הויכע וואָליקעס. בא ביידן אין די קעשענעס שטעקן פלעשער ווײַן. יעדער ווײַלע נעמען זיי ארויס די פלאש און גיבן פון איר א ציִ. פידלער גיט אונדז אינסטרוקציעס, ער הייבט אָן אפּ דײַטש און ענדיקט אפּ פויליש:

— אויב איר וועט געפינען ביינער, לייגט אָפּ אָן א זײַט! בא אונדז גייט דאָ קיין זאך ניט פארלאָרן.

איך שטעק ארײַן די לאָפּעטע אין דער ערד און דערפיל, אז זי גייט ניט ווײַטער. עס רײַסט זיך ארויס פון מיר א געשריי:

— א מעס, דאָ ליגט א מעס!

— ניט קיין מעס, נאָר א פיגור! — לאכט זיך פאנאנדער לעגעל, און ער טוט א זופּ פון פלאש, — אויב דו געפינסט א פיגור, זאָלסטו זי אָפּרייניקן, זי זאָל אינגאנצן זײַן קאָנטיק. — דערבײַ ריטשעט ער: — שנעלער! נעם מערער זאמד אפּ דער לאָפּעטע! רייניק אָפּ פון דער פיגור דעם זאמד! נעענטער! נעענטער! איך וועל דיך אויסלערנען ארבעטן!

עס קומט צו דער שטורעמפירער אליין. יעדער מאָל, ווען איך זע אים, טראָגט ער אנדערע קליידער. דאכט זיך, אָקאָרשט געגאנגען אין ווײַסע וואָליקעס און א פעלץ, איצט איז ער שוין אין שטיוול און א לעדערנעם מאנטל. ער שטעלט זיך מיר אנטקעגן און באפעלט אופצוהערן גראָבן. איך מיט איינעם א מיכעלסאָן (געוועזענער אייגנ-

טימער פון א ווילנער רעסטאָראַנ) דארפן טראָגן די פיגורן, גראָבן וועלן אנדערע. מיר באקומען א נאָסילקע, וואָס איז געמאכט פון צוויי לאנגע בעריאָזעווע פלעקער, צוגעשלאָגן צו צוויי ברעטלעך, און דער שטורעמפירער ברענגט אונדז צו א צווייטער גרוב. איך זע, ווי דאָרט אינווייניק שטייען געשמידטע ארבעטער: איציק דאָגים, בייליץ, טשמעלינא, גאָלדבערג, און מיט אייַזערנע קירקעס ציִען זיי אוועק אָן א זייַט די אויסגעגראָבענע פיגורן, מיר זאָלן זיי קענען נעמען.

די פיגורן ליגן אין א גרויס געמיש. קעפ, פיס, הענט זייַנען איבערגעפלאָכטן. מע ליגט אפ א זייַט, אפן בויך, אפ דער פלייצע. בא אנדערע זייַנען פארדעקט די פענעמער. מיט די הענט ארום פרוייִשע העלדזער זייַנען צוגעטוליעט קינדער. אָט איז א מאן מיט א פרוי: די אָרעמס זייַנען ארומגעקלאמערט איינער ארום צווייטן. אייניקע זייַנען נאקעט, אנדערע אָנגעטאָן. פון דער ערד קריכן ארויס פיס און אויסגעשטרעקטע פויסטן. די פארב פון קליידער איז אינגאנצן אָפגעגאנגען — גרוי. די קערפערס זייַנען פארשיידנקאָליריקע: גרינע, רויטע, בלויע און וויפל קאָלירן עס זייַנען נאָר דאָ אפ דער וועלט. דאָס איז דערפאר, ווייַל די פארשיידנפארביקע קליידער זייַנען אין דער פייַכטער ערד אָפגעגאנגען אפ די לייַבער. אנדערע פיגורן זייַנען דינ ווי פאפיר, דאָס זייַנען פון די אונטערשטע שיכטן. בא אנדערע פעלן טיילן. די קעפ זייַנען גאנצ, און די אונטערשטע טיילן צעשיטן זיך".

* * *

איינמאָל האָט דער שטורעמפירער באמערקט, אז צוויי פיגורנטרעגער גייען עפעס וואקלדיק און האלטן זיך פאר די קעפ. ער איז צו און זיי געפרעגט:

— וואָס, עפשער ניט געזונט?

די ארבעטער האָבן זיך מוידע געווען:

— יע, מיר האָבן היצ. עס טוען אונדז וויי די קעפ.

— איז וואָס שווייַגט איר? קומט, איך וועל אייַך אוועקפירן אין שפיטאָל.

די ארבעטער זייַנען אוועק צוזאמען מיטן שטורעמפירער. ער האָט זיי אָפגעפירט בא א קילאָמעטער און דערשאָסן אין א ספעציִעל צוגעגרייטער גרוב. פון דעמלט פלעגט דער שטורעמפירער ארומקוקן יעדן איינציקן, און ווער עס איז געווען קראנק — דעם פלעגט ער אוועקפירן אין „שפיטאָל". ווען די ארבעטער האָבן זיך פון דעם דערוווסט, פלעגן שוין קראנקע מיט 40 גראד היצ ארבעטן ביז די לעצטע קויכעס.

## די פארטיילונג פון די פונקציעס

די ארעסטאנטן זײַנען פארטיילט געוואָרן אין פאכן, און יעדער איינער האָט זיך געדארפט ספעציאַליזירן און ווערן א פיגורן־גרעבער, פיגורן־טרעגער, האָלץ־פארזאָרגער, פײַער־מײַסטער, ביינער־שטויסער, אשן־זיפּער אָדער סימאָנים־פארגלעטער.

פארן בריגאדיר, פארן פאראנטוואָרטלעכן פאר דער ארבעט, איז באשטימט געוואָרן מאָטל גאָלדבערג (געווען א פריקאשטשיק בא שוּרן אין פארבקראָם אפ גיטקע טויבעס זאווולעק). גאָלדבערג האָט געדארפט אכטונג געבן, מע זאָל געוויסנדיק אויספירן די ארבעט און יעדער ארעסטאנט זאָל זיך געפינען אפ זײַן פּאָסטן. איינמאָל, באם אויסגראָבן די מייסים, האָט ער דערקענט זײַן פרוי מיט זײַנע צוויי קינדער. ווענדיק אָפּגעבן קאָוועד זײַנע טײַערסטע, האָט ער זיי אליין אוועקגעטראָגן צום שײַטערהויפן, און ווען די מייסים האָבן געברענט, האָט ער געזאָגט קאדעש.

די פיגורן־גרעבער זײַנען שווארץ־ארבעטער. זייער אויפגאבע איז א פּראָסטע: אויפגראָבן די טויטע, מיט ספעציעלע האָקנס זיי ארויסשלעפּן פון די גריבער און צוגרייטן פאר די טרעגער. אויב צוויי גופּן זײַנען אויפגעפראָרן איינעם, באדארף מען זיי פאנאנדער־שפּאלטן און צעטיילן באזונדער. די פיגורן דארף מען ריַיניקן. עס טאָר ניט איבערבלײַבן קיין סימען זאמד. באם געפינען באזונדערע מענטשן־טיילן, ווי קעפּ, פיס, הענט, איז דער כעושבן אזא: צוויי קעפּ איז א פיגור. פיר הענט און צוויי פיס איז א פיגור. צוויי גופּן אָן הענט און פיס — איז א פיגור.

באם געפינען א מאסן־קייווער פלעגט שטענדיק מוזן בײַזײַן ווײַס. ער, וואָס האָט אליין אומגעבראכט די טויזנטער, האָט בעסער ווי אלע אנדערע געוווּסט די ערטער. ער פלעגט גוט באשמעקן די פעלדער און אָנווײַזן:

— היר, היר...

ווען א קייווער איז שוין געווען פוסט — אלע מייסים ארויסגע־טראָגן און פארברענט, — פלעגט ווײַס באפעלן די ארבעטער, מע זאָל ארײַנלייגן צוריק עטלעכע פיגורן: אויב מע וועט אמאָל, נאָך דער מילכאָמע, גראָבן אין פּאָנאר, זאָל מען ניט געפינען קיין הונדערט טויזנט, נאָר א צענדליק קאָרבאָנעס.

די פיגורן־טרעגער האָבן געהערט צו דער זעלבער קאטעגאָריע. זאלבעצווייט דארפן זיי ארופטראָגן דרײַ טויטע און זיי איבערגעבן די פײַער־מײַסטערס, וואָס גרייטן צו דעם שײַטער. דערבײַ האָבן זיי

באדארפט געגוי ציילן, וויפל פיגורן זיי האָבן ארויסגעגאָסן פון קיוער.

די האַלץ-פארזאָרגער האָבן געארבעט גרינגער: זיי פלעגן זעגן ביימער פון די דערבײַיקע וועלדער און אריינפירן אין פאַנאר. די קלעצער האָבן באדארפט זײַן צו פינף און צו אכט מעטער.

די פײַער-מײַסטער האָבן זיך גערעכנט בא די דײַטשן פאר די פאראנטוואָרטלעכסטע ארבעטער. זיי פלעגן אופבויען דעם שײַטערהויפן, ארופלייגן די מייסים אין פאָרם פון א פיראמידע און זיי פארברענען.

יעדער פיגור האָט מען פארן ארופלייגן אפן שײַטער באדארפט גענוי דורכקוקן, דורכטאפן די קעשענעס און ארויסנעמען פון דאָרט, וואָס נאָר מע האָט געפונען. איין ארבעטער איז דערבײַ געשטאנען מיט א צוואנג און ארויסגעריסן בא די מייסים זייערע גאָלדענע ציינער. די ציינער פלעגן געקליבן ווערן אין באזונדערע קאסטנס, און דער שטורעמפירער אָדער ווײַס פלעגן עס שפעטער צונעמען.

די ביינער-שטויסער דארפן אופקלײַבן אלע ביינער און ביינדלעך, וואָס זײַנען נ ט פארברענט געוואָרן אפן שײַטערהויפן, זיי ארײַנעמען אין א גרויסער שטיינערנער שטופע און מיט א שווערן אײַזערנעם כוקאטש צעשטויסן זיי אזוי, עס זאָל בלײַבן אש. די געבליבענע אש ווערט אופגענומען אפ א טאטשקע און אוועקגעפירט צו די אשן-זיפער.

די אשן-זיפער זײַנען ניט אלעמאָל אפן זעלבן אָרט. זיי שטייען בא די פוסטע קוואָרים, לעבן גרויסע געדיכט געפלאָכטענע זיפן, און מיט לאָפעטעס זיפן זיי: א לאָפעטע מענטשן-אש און א לאָפעטע זאמד. די שערבלעך און שטיקלעך ביינדלעך, וואָס זײַנען איבערגעבליבן בא דעם ראנד פון זיפ, פלעגט מען ווידער ארײַנעמען אין שטייסל און נאָכאמאָל שטויסן.

אין קיוער שטייען די סימאָנים-פארגלעטער מיט גראבלעס און מישן דורך נאָכאמאָל די ארײַנגעקומענע מאסע פון אש און זאמד און באשיטן עס מיט פאָשעטער ערד, פארגלעטן עס, און די ארבעט איז געענדיקט.

## דאָס געבוי פון שײַטערהויפן

די סיסטעם פון שײַטערהויפן איז געווען אזא: מע פלעגט אויסגראָבן אין דער ערד דרײַ פאראלעלע קאנאלן, בא אָנדערהאלבן-צוויי מעטער ווײַט איינער פון צווייטן, צו פופציק סאנטימעטער די ברייט

און זעכציק סאנטימעטער די טיף און בא אכט מעטער די לענג. אין דער קווער פון די ערשטע דרײַ קאנאלן פלעגט מען אויסגראָבן ווידער דרײַ קאנאלן פון דער זעלבער גרייס, אינמיטן בא דער קרייציקונג פון די מיטלסטע צוויי קאנאלן פלעגן זײַן אײַנגעגראָבן פיר קלעצער צו פינף מעטער די הייך, וועלכע פלעגן אין זייער אייבערשטן טייל עטוואָס צוגענייגט ווערן איינער צו דעם צווייטן און אויבן פלעגן זיי ווערן פארבונדן. אפ אזא אויפן פלעגט זיך באקומען א קאָנוס-ארטיקער קוימען פון האָלץ. ארום דעם קוימען פלעגט מען אויסלייגן צו פינף אכטמעטערדיקע קלעצער פון יעדער זײַט. דערנאָך פלעגט מען זיי ארומלייגן מיט טרוקענע בלעטער־צווײַגן און ערשט אפ דעם האָט מען אויסגעלייגט די קערפערס מיט די קעפ צום דרויסן און די פיס צום קוימען אין צוויי רייען, דה. צוויי קרײַזן קערפערס: אן ענגערער קרײַז נאָענט צום קוימען און א צווייטער, ברייטערער, קרײַז ארום דעם ענגערן. פון אויבן אפ די קערפערס פלעגט מען ארופלייגן קירצערע שײַטלעך טרוקענע האָלץ און זיי באגיסן מיט א שווארצן מינעראל-אייל און מיט בענזין. דאָס פלעגט זײַן דער ערשטער שיכט. אפ דעם דאָזיקן שיכט פלעגט קומען א צווייטער שיכט מיטן זעלבן סיידער, נאָר אין אן עטוואָס קלענערן קרײַז, קעדיי עס זאָל זיך באקומען א פיראמידע.

א פיראמידע איז באשטאנען פון 3500 מייסים. ווען אזא פיראמידע פלעגט פארטיק ווערן, פלעגט מען פון אויבן דורכן הילצערנעם קוימען נאָך ארײַנגיסן צוועלף עמער אייל און עטלעכע ליטער בענזין. נאָכדעם פלעגט מען אויך דורך די לעפצונגען פון יעדן קאנאל ארײַנגיסן צו דרײַ קריגלעך אייל און בענזין. און צו דעם אלעמען פלעגט מען נאָך ארײַנווארפן אין דעם קוימען און אין קאנאל צינד-באָמבעס, צולעצט פלעגט מען אָנצינדן א שטיקל האָלץ, געטונקט אין אייל און בענזין, און פון־ווײַטן ארײַנווארפן עס אין איינעם פון די קאנאלן. דער שײַטער פלעגט מאָמענטאל אופלאקערן מיט א שרעקלעכן קנאל און אויסערגעוויינלעך גרויסן פײַער.

— איך בין געווען באשטימט פארן פײַער-מײַסטער, דאָס הייסט צו מאכן דעם פלאקער, — דערציילט גאָל, — דאָס איז געווען איינע פון מײַנע שרעקלעכסטע איבערלעבונגען. דער רויך און דער טשאד האָט געשטיקט און פארכאפט דעם אָטעם.

א שײַטערהויפן פלעגט ברענען פון זיבן ביז צען טעג. מע פלעגט מוזן שטיין ארום פײַער און היטן: אינמיטן ברענען פלעגט אָפט אראָפ-

פאלן פון שײַטער א פוס, א האנט, א קאָפּ, איך האָב דאָס געמוזט ארופנעמען אפ אן אײַזערנעם שופל און צוריקווארפן אין פײַער.

אזא איז געווען דער סײדער פון דער ארבעט, וועלכע פלעגט זיך איבערכאזערן פעריאָדיש, ביז עס זײַנען פארברענט געוואָרן 56800 מייסים. דאָס איז געווען בעערעך א העלפט פון די פּאָנארער קבר-באָנים.

## די געעפנטע גריבער

י. צכאָק דאָגים, איינער פון די, וואָס האָבן זיך געראטעוועט פון פּאָנארער געהענעם, האָט מיר דערציילט וועגן די געעפנטע גריבער:

„דעם ערשטן האָבן מיר געעפנט דעם מאסן-קייווער פון דער צײַט פון די כאפונעס. ער געפינט זיך בא א 150 מעטער פון דעם גראָד-נער שאָסיי. אז דאָס שטאמט פון יענער צײַט, האָבן מיר דערקענט וועדליק די האנטעכער און זייף, וואָס יעדערער האָט געהאט מיט זיך. די יידן האָט מען דעמלט באפוילן מיטנעמען האנטעכער מיט זייף, ווײַל זיי „פאָרן אפ ארבעט". אלע דורכויס יונגע מענער און אפן ברוסט די לאטע מיטן געלן . דאָס ראָוו זײַנען געווען מיט פאר-בונדענע אויגן און די הענט אפ הינטן. מיר האָבן דאָרט אָנגעציילט 9 טויזנט מייסים, צווישן זיי פינף הונדערט קריגסגעפאנגענע און גא-לאָכים אין שווארצע סוטאנעס. די מייסים זײַנען געלעגן שיכטנווײַז, באגאָסענע מיט קאלך.

דער צווייטער קייווער איז געווען פון די דערמאָרדעטע אין דער צײַט פון דער פּראָוואָקאציע דעם 1-טן סענטיאבער 1941: מענער, פרויען און קינדער. ניט אלע זײַנען געווען אויסגעטאָן. בא די אָנגע-טאָנענע האָבן מיר געפונען די שליסלען פון שטוב: די מענטשן האָט דעמלט זיך א יכגעדאכט, אז זיי וועלן נאָך קומען צוריק. דאָרט האָבן מיר איבערגעציילט 9500 מייסים.

דער דריטער מאסן-קייווער האָט געשטאמט פון דער ליקווידאציע פון דער צווייטער געטאָ, נאָיאבער 1941. דאָס ערשטע מאָל באַ-מערקן מיר, אז די מערדער האָבן געשאָסן מיט א סיסטעם — פון הינטן אין קאָפּ. אין דער לענג פון גרוב איז געווען אויסגעצויגן א דראָט, אָן וועלכן די פאלנדיקע מענטשן פלעגן פארטשעפען זיך און ארײַנפאלן אין א גלײַכער ריי. דאָרט האָבן מיר איבערגעציילט 10400 מייסים. קימאט בא אלע קינדער איז ניט געווען צו מערקן קיין סי-

מען פון א קויל. ווערליק די אויכגעשטרעקטע צינגלעך, קאָן מע זיך אָנשטויסן, אז מע האָט זיי פארשאָטן לעבעדיקערהייט.

אין דעם פערטן מאסן-קייווער, דעם גרעסטן, זײַנען געלעגן 24 טויזנט מייסים. צווישן זיי מערסטנטייל פון דער שכיטע ביים די „געלע שײַנען". גלײַכצײַטיק האָבן מיר אין דער זעלבער גרוב געפונען ניט-ייִדן: גאלאָכים, מאָנאשקעס, פאָליאקן, פארטיזאנער, א רײַטש אין א מונדיר און פיל סאָוועטישע געפאנגענע.

אין פינפטן מאסן-קייווער, ניט ווײַט פון טויער, זײַנען געלעגן 3500 פרויען, מענער און קינדער. אלע נאקעטע, אומגעבראכטע מיט א קויל אין קארק. נאקעט זײַנען אויך געווען די פינף טויזנט מייסים פון דער ז̇ןקסטער גרוב.

א באזונדערע גרוב איז געווען פון פאָליטישע ארעסטירטע, — 51 מאן, געבראכטע פון דער לוקישקער טורמע. איך האָב דערקענט דאָרט מײַן שוואָגער שמועל שאץ, וועלכן מע האָט צוגעגומען פון געטאָ ווי א באשולדיקטן אין קאָמוניזם.

אין באזונדערע צוויי גריבער זײַנען געלעגן די הארוגים פון דער „קאָוונער אקציע", דעם 5-טנ_אפרעל 1943. אלע מוטער-נאקעט — מענער, פרויען און קינדער.

אין די פרישע קוואָרים זײַנען געלעגן ייִדן נאָך דער ליקווידאציע פון געטאָ און געפונענע אין מאלינעס.

פאר דער צײַט, וואָס מיר האָבן דאָרט געברענט די מייסים, האָב איך געזען, ווי מע האָט דאָרט געבראכט פארטיעס מענטשן צום דערשיסן. צווישן אנדערע: פיר הונדערט ייִדן פון ווײַוואַרי. שפּעטער, אן ערעך דרײַסיק-פערציק פאָליאקן און פופצן ציגײַנער.

ווען די דײַטשן פלעגן אויספירן די עקזעקוציעס, פלעגט מען אונדז געבן צורליב. מיר פלעגן באדארפן ארויסקריכן אין בונקער און דאָרט איבערווארטן די שיסערײַ. דאָס געוויין פון די קאָרבאָנעס פלעגט אָבער דורכבויערן די שטיינער פון אונדזער בונקער.

בײַם ארויפלייגן די מייסים אפן שײַטער האָב איך דערקענט מײַן מישפּאָכע: די מוטער, די פרוי, דרײַ שוועסטער און צוויי פלימעניצעס. מײַן פרוי האָב איך דערקענט לויטן מעדאליאָן, וואָס איך האָב איר געגעבן א מאטאָנע צו אונדזער כאסענע. ווען מײַן פרוי האָט שוין געברענט אפן שײַטער, האָב איך ארויסגעצויגן פון איר האלדז דעם מעדאליאָן. די צוויי קליינע בילדלעך, מײַנס און אירס, וואָס זײַנען געווען אינעווייניק, האָט שוין דאָס פײַער פארשלונגען".

# דער טונעל אונטערן פּאָנאַרער בונקער

פון ערשטן טאָג, זינט מע האָט די ארבעטער אראָפּגעלאָזט אינ בונקער, האָבן זיי פארשטאנען, אז זייער גורל איז א באשטימטער. אנטלויפן איז ניט מעגלעך. בא דער ארבעט היט מען זיי אפ יעדן טראָט. און דערצו נאָך איז מען געשמידט אינ קייטן. דער בונקער איז ארום-גערינגלט מיט א צווייפאכער ליניע פון שטעכל-דראָט. דאָס פעלד איז מינירט. בלויז איינ שמאָל שטעגל איז אנ אָפּנס. נאָר בא דעם שטעגל שטייט א וועכטער מיט אנ אווטאָמאט, און ניט נאָר דאָרטן — אפ יע-דער צוויי מעטער ארום בונקער שטייט אנ עסעסניק און היט די גע-פאנגענע. דערצו נאָך לאָזט זיך אראָפּ אינ בונקער יעדער אָנדער-האלבן שאָ א ספּעציעלער פּאטרול און קאָנטראָלירט די קייטן.

דעם שטורעמפירער גייט אינ לעבן, אז קיינער זאָל פון דעם פּלאץ ניט אנטלויפן, עס זאָלן ניט בלײַבן קיינ איידעס. ווען די אכ-ציק וועלן ענדיקן זייער ארבעט, וועט דער שטורעמפירער זיי אליינ פארברענען אפ די שײַטערהויפנס און ער וועט אוועקפאָרן קיינ בער-לינ. דעם אָבערשארפירער פידלערן האָט שוינ דער שטורעמפירער די טעג דערשאָסן. פידלער האָט צו פיל געוווּסט. ער איז מער ניט גע-ווען נייטיק.

ניט געקוקט אפ דעם אלעמען, האָבן זיך אינ בונקער געפונען מענטשן, וואָס האָבן ניט אופגעהערט צו באקלערן א פּלאנ ווי אזוי צו אנטלויפן פון געהענעם.

יִצחאָק דאָגים און שלוימע גאָל זײַנען געווען די איניציאַטאָרס פון דער אונטערנעמונג. זיי האָבן זיך צונויפגערעדט מיטן קריגסגע-פאנגענעם יורי פארבער, אנ אינזשעניער, מיט נאָך צוויי, און זאלבעפינפט איז מען צוגעטראָטן צו גראָבן א טונעל פון 30—35 מעטער, וואָס זאָל ארויס-פירן פון בונקער הינטער דער דראָט-פארצוימונג אינ א סאָסנאָווע וועלדל. דעם וועג פון טונעל און זײַנ געבוי האָט אויסגערעכנט פארבער, וועל-כער האָט געהאט בא זיך א קאָמפּאס, ארויסגעגאנוועטן בא א דײַטש.

ארבעטן פלעגט מען בלויז באנאכט, ווען אלע איבעריקע, פאר-האָרעוועט און פארטומלט פון א טאָג האווען ארום די מייסים, זײַ-נען געלעגן ווי שטיינער.

מע האָט אויסגעגראָבן איינ שטעלכל פון עסנווארג א פארשטעלטן ברונעם פון צוויי א האלב מעטער די טיפ. פון אָט דעם ברונעם האָט זיך אָנגעהויבן דער טונעל. קיינ שום מאכשירים זײַנען אינ בונקער ניט געווען. מע האָט געגראָבן מיט די הוילע הענט און מיט פלעק-

לעכ. ווענ די הענט האָבנ גענומענ בלוטיקנ, האָט מענ געגראָבנ מיט לעפל. צוואַנציק מעטער טונעל האָט מענ אויסגעגראָבנ מיט לעפל! דעמ זאַמד האָט מענ געשאָטנ אונטער די נאַרעס, צווישנ די טאָפּל-ברעטער פונ די אָפּגעצאַמטע קאַמערנ אונ איבערנ סופיט פונ קיכ. וואָס א טאָג — פלעגט העכער ווערנ די פּאָדלאָגע, אָבער אדאַנק דעמ, וואָס דער בונקער איז געווענ זייער א הויכער, האָט מענ עס ניט געמערקט.

איבער דער גאַנצער לענג פונ טונעל האָבנ אָט די פינפ — שפּע־טער האָבנ מיטגעהאָלפנ נאָכ — געשטעלט רישטעוואַניעס-אָנשפּאַרער, קעדיי דער זאַמדיקער באָדנ זאָל ניט אײַנפאַלנ. ניט איינ מאָל איז געווענ די סאַקאָנע — פאַרשאָטנ ווערנ לעבעדיקערהייט. אָבער דער אימפּעט צומ לעבנ איז געווענ אזוי שטאַרק, אז דאָגימ'ענ האָט זיכ אײַנגעגעבנ אַרײַנצוציִענ אינ טונעל עלעקטרע. דעמ שטראָמ האָט ער גענומענ פונ א דײַטשישנ וואַכ-פּאָסטנ אונ דורכ א פאַרמאַסקירטנ עלעקטרישנ דראָט אימ אַרײַנגעבראַכט אהערצו.

די שווערסטע אויפגאַבע איז געווענ די ריכטונג פונ טונעל. ווי־אזוי דאַרפ מענ גראָבנ, אז דער אַרויסגאַנג זאָל ניט אויסקומענ נאָענט צו די וואַכ-פּאָסטנס, אָדער זאָל ניט אַרײַנפירנ אינ קיינ מאַסנ-קיי־ווער? ווײַל רונד אַרומ דעמ בונקער, אהינטער די וואַכ־פּאָסטנס, זײַ־נענ געווענ קוואָרימ. גראָבנדיק דעמ טונעל, האָט מענ זיכ טאַקע אָנ־געשטויסנ אָנ איינעמ אזא קייווער. מע האָט געביטנ די ריכטונג אונ געגראָבנ ווײַטער. נאָכ א לאַנגער געפערלעכער אַרבעט, וואָס האָט געדויערט קאָרעוו דרײַ כאַדאָשימ, איז דער טונעל געוואָרנ פאַרטיק.

דעמ 29־טנ מײַ 1944, פיר אזייגער באַנאַכט, נאָכ דעמ, ווי דער קאָנטראָל-פּאַטרול איז אַרויס פונ בונקער, האָט דאָגימ אלעמענ אויפ־געוועקט אונ געזאָגט:

— עס איז פאַרטיק א טונעל. ווער עס וויל פונדאַנענ אַנטלויפנ, זאָל הערנ מײַנע באַפעלנ...

ער האָט אויסגעשטעלט דעמ אוילעמ צו צענדליקער. יעדער צענד־ליק האָט באַקומענ א קאָמאַנדיר. די קייטנ האָט מענ פונ זיכ גיכ אַראָפּגעריסנ, ווײַל די רינגענ, וואָס האָבנ אויפגעהאַלטנ די קייטנ אַרומ די פיס, האָט מענ נאָכ מיט א טאָג צוריק אָדורכגעזעגט מיט א פײַלכל, אונ אָנשטאָט די שטאָלענע רינגענ האָט מענ די קייטנ אויפגעהאַלטנ מיט אַנ אַרײַנגעצויגענעמ דראָט, קעדיי, ווענ ס'וועט קומענ די צײַט, זאָל מענ זיכ גיכ באַפרײַענ.

דער ערשטער האָט זיכ אַראָפּגעלאָזנ אינ טונעל דאָגימ. הינטער

אים האָבן געצויגן די צענדליקער מיט זייערע קאָמאַנדירן. ווען אַלע זײַנען שוין געווען אין וועג, האָט דאָגים איבערגעריסן דעם עלעקטרישן דראָט, עס זאָל ווערן פינצטער, און ער האָט גע־נומען דורכלויפן דעם לעצטן שיכט. עס האָט א שטראָם געטאָן פרישע לופט. פונדערווײַטן האָט זיך געזען דער אָפּגלאַנץ פון שײַ־טער. דאָגים האָט דערלאַנגט א קאָמאַנדע: גיין! און אײנציקווײַז האָבן די אַכציק זיך ארײַנגעשאַרט אין דעם וועלדל.

ניט ווײַט פון דער עפענונג האָט פּאַטרולירט די וואַך. די אַרעס־טאַנטן זײַנען געגאַנגען זייער פּאָרזיכטיק. מיטאַמאָל האָט זיך דער־הערט א שאָרך — דאָס האָט דער אוילעם אַרופגעטראָטן אַף טרוקענע צווײַגן. די וועכטער האָבן דערשפּירט און געעפנט א שיסערײַ. עס האָבן אופגעבליצט ראַקעטן און רונד אַרום באַלויכטן.

די באַפרײַטע אַרעסטאַנטן האָבן גענומען לויפן. דורך דראָט, דורך גריבער האָט מען געיאָגט צום פּאַרקאַן. קוילן האָבן געשניטן. מענטשן זײַנען געפאַלן, און צו די פּאַרטיזאַנער אין דער רודניצקער פּושטשע איז מען דערגאַנגען זאַלבעלפט.

## אַף קייווער־אָוועס אין פּאָנאַר

אין פּאָנאַר איז מײַן מאַמע, מײַן קינד, מײַנע כאַווײרים. זייערע גופן האָט מען פּאַרברענט אַף די שײַטערהויפנס און די ביינער צע־שמויסן, עס זאָל ניט בלײַבן קיין סימען. מיר דאַכט, אַז אויך מײַן האַרץ איז פּאַרברענט אַפן שײַטער. עס קלאַפּט אין מיר וואָס אַנ־דערש. קען זײַן, די סינע.

ווי שיין איז דער וועג! רעכטס בלענדט די ווילִיע פון בלויקײַט, און די יאָדלעס, פּאַרכאַפּט אין זון־פּאַרגאַנג, לאָקן אַזש פונדערווײַטן. איז דאָס דער ארײַנגאַנג צום געהענעם? איז דער געהענעם שיין? כויזנטער און טויזנטער זײַנען געגאַנגען מיט אָט דעם וועג.

* * *

עס באַגלייטן מיך דרײַ פּאַרטיזאַנער: שלוימע גאָל, דאָגים און גלאַזער. זיי האָבן דאָס מיט קייטן אַף די פיס אין מעשעך פון פיר כאַדאָשים זיך פּאַרנומען מיט אָט דער שרעקלעכער אַרבעט. זיי זײַ־נען דאָס פון די עלף געבליבענע, וואָס האָבן דורכגעביסן די ערד אונטערן בונקער.

* * *

איצט גייען מיר דאָרט, ווו אונדזערע נאָענטסטע זײַנען פאַרוואנדלט אין אש. אפֿן ערשטן טויער, לינקס פֿון דעם גראָדנער שאָסיי, דורכ־וואנען עס פלעגן אַרײַנפֿאָרן די „שווארצע וואָראָנעס", הענגט נאָך דאָס דײַטשישע שילדל: „אײַנטריט אויך פֿיר דויטשע אָפֿיצירע שטרענג פֿערבאָטען!". מיר גייען דורך דעם טויער פֿון טאָפּל־דראָט און פארטיפֿן זיך אין א סאָסנאָווע וועלדל. אָפּגעגאנגען א הונדערט טריט, ווײַזט מיר אָן גאָל:

— דאָס איז דער לעצטער מאסן־קייווער, וואָס מיר האָבן געעפֿנט ערעוו אונדזער אנטלויפֿן. דאָ ליגן נאָך, לויט אונדזער אויסרעכענונג, פֿיל טויזנטער.

מיט פֿאַרפֿרעסטע ציין לויף איך צו דעם קייווער. א שווערער שטינקענדיקער רייעך טוט מיר א שפּאַר אָפּ צוריק. איך זע א גרויסע גרוב, אַן ערעך א פֿופֿציק טריט אין דיאַמעטער. אינוויי־ניק איז א אינדזעלע מיט קוסטעס. אין גרוב אַרײַן פֿירט א לאנגער גראָבן. וואָס נעענטער צו דער גרוב, אַלץ מער איז אײַנגעטיפֿטער דער אַרײַנפֿיר. דורך אָט דעם גראָבן, ווײַזט אָן גלאזער, האָט מען אים דעם 6־טן דעקאבער 1941 אַרײַנגעפֿירט אין קייווער דערשיסן. דאָ האָט ער געדאַרפֿט פֿריִער אויסטאָן די קליידער. צוליב דעם, וואָס זײַנע אונטערהויזן זײַנען געווען זייער צעריסענע, האָט מען זיי אים דער־לויבט צו טראָגן. די בעסערע זאכן זײַנען גלײַך צעכאַפּט געוואָרן פֿון די ארומיקע סאָלדאטן. דער גראָבן איז דענסטמאָל געווען טיפֿער ווי איצטער: אַן ערעך 6 מעטער. קענטיק, מע האָט שפּעטער דאָ פֿאַר־שאָטן די דערהארגעטע, וואָס זײַנען ניט דערלאָפֿן צום קייווער. צו זעקס האָט מען זיי אַרײַנגעפֿירט אינווייניק, און פֿון די קוסטעס, וואָס זײַ־נען אינמיטן גרוב, האָט ער דערזען אויסגעשטרעקטע אווטאָמאטן. אנטקעגן אים אָפּ א בערגל איז געשטאנען שווײַנענבערג מיט צוויי כאַפּונעס. זיי האָבן געקוקט דורך בינאָקלען און אָבסערווירט אַלץ, וואָס דאָ קומט פֿאָר אין די גריבער. ווען גלאזער האָט דערהערט דעם באפֿעל „פֿײַער", איז ער געפֿאלן אָפּ דער ערד. עס האָבן אָפּגעהילכט 6 שאָסן. דרײַ מענטשן זײַנען געפֿאלן אָפּ אים און האָבן באשפּריצט זײַן פּאָנעם מיט זייער ווארעם בלוט. ליגנדיק אונטער די מייסים, האָט ער געזען, ווי מע דערשיסט אנדערע צו 6 מאן אין א גרופּע. א יונג מיידל, וואָס איז נאָך געבליבן לעבן פֿון דער ערשטער קויל, האָט זיך געבעטן בא די מערדער:

— איר האָט דערמאָרדעט מײַן מוטער. דערמאָרדעט אויך מיכן

ווען די שיסערײַ האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז גלאזער אנטלאָפֿן. אז ער וועט זײַן אין פֿאָנאר נאָכאמאָל און ווידער אנטלויפֿן, האָט ער זיך ניט געקענט פֿאָרשטעלן...

מיר זײַנען אראָפּ אינעם גראָבן. צעריסענע געלט, פּאפּירלעך, דאָקומענטן פֿון געטאָ וואלגערן זיך האלב צעפֿוילטע אין זאמד. אָט איז א קינדיש העמדעלע מיט א רויטער מאָנאָגראם באם דעקאָלט. פֿון די דורכגעפּעטשטע זײַטן פּאפּיר איז קאָנטיק, אז די קאָרבאָנעס האָבן דאָ מיטגעבראכט עסנווארג — ברויט מיט פּעטס. אָט וואלגערט זיך שמינקע צו די ליפּן, א צעדרייטער שוך, צעריסענע פֿאָטאָגראפֿיעס, שטיקלעך פֿון שוין פֿארפֿוילטע טאלייסים, און אָט איז א פּאָר טפֿילן, וואָס א פֿרומער ייִד האָט מיט זיך גענומען אין זײַן לעצטן וועג.

גאָל פּילט זיך דאָ ווי א היימישער. ער שפּרינגט ארײַן אין קייווער, און שוין צוגעווינט אָנצונעמען די מייסים מיט די הענט, ציט ער ארויס עטלעכע פֿון דעם לײַכט פֿארשאָטענעם זאמד און פּרוּווט דערקענען די קאָרבאָנעס.

דאָס שטאמען זיי אלע פֿון די לאַגערן „קײַליס" און ה. ק. פּ. די גופֿן זײַנען נאָך פֿריש. מע קען זיי דערקענען.

מיטאמאָל טוט גאָל א געשריי: „אָט איז ד"ר פּייגוס!"

און ווירקלעך, מיר דערקענען דעם באקאנטן ווילנער דאָקטער. מע האָט אים אומגעבראכט מיט עטלעכע טעג פֿריִער, איידער די רויטע ארמיי איז ארײַן אין שטאָט.

אָט איז אויך א צײַגעניש, אז מע האָט געענדיקט א שול אין געטאָ, אפֿן נאָמען פֿון לייזער רודניצקי מיטן פֿאָלגנדיקן טעקסט:

ווילנער געטאָ
קולטור-אָפּטיילונג
קינדער-פֿארזאָרגונג
נום. 9

דערמיט ווערט באשטעטיקט, אז רודניצקי לייזער האָט געענדיקט די פֿאָלקסשול אין געטאָ.

געטאָ-פֿאָרשטייער:
לייטער פֿון דער קולטור-אָפּטיילונג
(די אונטערשריפֿט ניט דײַטלעך).
אינספּעקטאָר פֿון די שולן — — — ר. ברוידע.
פֿארוואלטער פֿון דער שול — — — (ניט דײַטלעך)
ווילנער געטאָ 1943.

בא שוין א האלב צעפֿאלענעם גוף, וואָס לויט די גרויע האָר

איז עס א ייִד פון א יאָר 55—60, האָט גאָל ארויסגעצויגן א ייִדישע ליד, געשריבן מיט בלײַ אפ אן אופגעקלעפטן, האלב צעריסענעם בלעטל. דעם דערמאָרדעטן איז ניט צו דערקענען. דאָס פּאָנעם שווארץ. לעכער אָנשטאָט אויגן. אין ליד ווענדט ער זיך צו זײַן טעכטערל סאָרעלע, וואָס איז אומגעבראכט געוואָרן נאָך פארן טאטן. זאָט איז די ליד:

ווען א גיפטיקע שלאנג וואָלט אײַנגעביסן אין מײַן הארץ,
וואָלט זי דערשטיקט געוואָרן פון דעם גיפט,
וואָס איז נאָך גיפטיקער פאר איר אליין.

דו ביסט אוועק, מײַן הייס געליבטע קינד,
מײַן אויסגעכאָלעמט פלאטערל, מײַן שעפּעלע,
דו ביסט אוועק און קומסט ניט מער צוריק,
אוועק אף אייביק סאָרעלע פון מאמע־טאטע.

נעשאָמע און הארץ געווייקט אין בלוט,
נעשאָמע וועפּט אויס, און הארץ?
און הארץ ווערט צעשפּרונגען
פון ווייטעק און פּײַן, צוליב דײַן ניט-זײַן.

פארוואָס, אלמעכטיקער, האָסטו אזוי שטארק
באאוולט א מאמע־טאטע?
האָסט צוגערויבט דאָס גליק, וואָס רופט זיך קינד,
האָסט געמאכט פון מענטשן צוויי א שכאטע.
פארוואָס, פאר ווען, פאר וועמענס זינד?

איך וואָלט וועלן בלינד ווערן,
ניט זען דעם אָנקומענדיקן זומער מיט זײַן פּראכט,
זונען-שטראלן, ביימער בליִען,
קיין בעז, פּיוואָניעס און רויזן,
וואָס פלעגט דערקוויקן די נעשאָמע פון מײַן טײַער קינד.
ווען כ'וואָלט געווען בעקויעך, וואָלט איך מיט א שווערד
א בלויזן

דאָס אלץ פארשניטן צוזאמען מיט מײַן לעבן,
ווײַל כ'האָב שוין ניט נאָך וואָס צו שטרעבן.

איך וואָלט וועלן טויב ווערן,
ניט הערן קיין געזאנגען פון סאָוועטישע לידער,
דאָס צוויטשערן פון פייגעלעך אף ביימער,
ווײַל דאָס צעפּרעסט מײַנע אלע גלידער,

און ס'ווערט דער ווייטעק אינ הארצנ אזוי שארפ, און ווידער
פאלנ טרערנ און בויערנ דעמ בעכער דורכ,
און קיינמאָל וועט ער פול ניט ווערנ.

איכ וואָלט וועלנ שטארבנ, פארייניקט ווערנ מיטנ קינדס נעשאָמע,
און דאָס וואָלט געווענ מייַנ אייניציקע נעכאָמע.
און נאָכ מייַנ טויט, ווענ איכ וואָלט געקענט
צומ הארצנ צודריקנ מייַנ קינד —
וואָלט איכ געווענ דער גליקלעכסטער
פונ אלע טויטע,
וואָס זייַנענ ווענ-ניט-איז געשטאָרבנ אפ דער וועלט.

* * *

די מייסימ-ברענער האָבנ מיכ ארומגעפירט איבער די פאָנארער פעלדער. זיי האָבנ מיר באוויזנ די נייַע גריבער, פונוואנענ מע האָט אויסגעגראָבנ צוריק די טויטע. וויפל עס איז נאָכ פאראנ קוואָרימ, איז שווער צו דערגיינ. ניט ווייַט פונ די באנ-רעלסנ, אנ ערעכ א קילאָמעטער פונ גראָדנער שאָסיי, פירט אריַינ אינ א קייווער אנ אָפּ-געהאקט בריקל. אפ אָט דעמ בריקל, דערציילנ מיר די באגלייטער, האָט מענ דאָס געדארפט לויפנ און אריַינפאלנ אינ קייווער. ווענ די מענטשנ פלעגנ לויפנ אפנ בריקל, פלעגט אינ זיי שיסנ די ארומיקע וואכ. יעדער קייווער האָט געהאט זייַנ אייגנארט.

— ווו איז דער מענטשנ-אש? — פרעג איכ דאָגימענ.

דאָגימ, דער אופבויער פונ פאָנארער טונעל, פירט מיכ אריַינ אינ א גראָבנ, און מיט א שטעקל נעמט ער אופשארנ די ערד. אונטערנ אייבערשטנ שיכט געלנ זאמד איז נאָכ צו מערקנ א גרויע מאסע. זי איז קלעפיק גרוי. איכ נעמ א ביסל אש אינ האנט און דריק עס צומ הארצ.

אלע געבייַדעס, מאכשירימ, דראָט-פארצאמונגענ ארומ די קוואָרימ האָבנ די דייַטשנ צעשטערט. פונ דעמ בונקער, ווו עס האָבנ געוווינט די אכציק מייסימ-ברענער, איז געבליבנ בלויז די גרויסע קייַלעכדיקע גרוב, אויסגעפלאסטערט מיט געהאקטע שטיינער. דאָגימ דערמאָנט זיכ נאָכאמאָל, וויאזוי ער האָט אָרגאניזירט דאָס אנטלויפנ. אָט שטייענ מיר בא דעמ אויכטערלישנ טונעל, וואָס די מייסימ-ברענער האָבנ אויסגעגראָבנ מיט לעפל.

בלויז אינ א צושטאנד פונ א גוואלדיקער שפאנונג, פונ אנ אומ-גלייבלעכ מעשונעדיקנ ווילנ צומ לעבנ, איז מעגלעכ געווענ אינ אזוינע באדינגונגענ צו דורכבויערנ די ערד.

## דער ארויסגעוואָרפענער בריוו

דעם 20-טן יולי 1944 איז צו מיר אין דער באפרײַטער ווילנע געקומען אן עלטערע פוילישע פרוי און איבערגעגעבן א בריוו, וואָס זי האָט מיט א כוידעש צוריק געפונען אפן גראַדנער שאָסיי, וואָס פירט קיין פאָנאר. דער בריוו — צוויי ראָזע צעטעלעך, פארשריבן מיט א בלײַער אפ פויליש. ער איז אדרעסירט — „איבערגעבן אין יידישע הענט". די פרוי האָט דעם בריוו אויסגעהיט, באהאלטן אים, ווי זי האָט דערציילט, אין א פלאש, און איצט פילט זי אויס די באקאָשע פון די צום טויט פארמישפּטע און גיט אים איבער אין יידישע הענט.

מיר, א גרופּע כאוויירים, האָבן געלייענט דעם בריוו. געלייענט און געשוידערט. נאָך דעם, ווי מיר זײַנען אליין אָפּגעווען צוויי יאָר אין געטאָ, וואָלט אונדז, אייגנטלעך, שוין גאָרניט געדארפט וווּנדערן. ווײַזט אויס אָבער, אז מיר האָבן ווינציק-וואָס געוווּסט, וויאזוי די געסטאַפּאָ האָט געפּײַניקט פארן טויט אונדזערע ברידער. אָט איז דער בריוו (אין א קירצונג). דער אָריגינאַל געפינט זיך אין ווילנער יידישן מוזיי. זאָל דער בלוטיקער דאָקומענט ריידן פאר זיך.

„א באקאָשע צו מײַנע ברידער און שוועסטער יידן

טײַערע ברידער און שוועסטער. מיר ווענדן זיך צו אײַך מיט א גרויסער באקאָשע. ערשטנס, זײַט אונדז מויכל אלץ, וואָס מיר האָבן אײַך געטאָן שלעכטס. מיר ווייסן ניט, פארוואָס עס איז גע-פאלן אפ אונדז אזא שטראָף, אז מע נעמט אונדז צו אונדזער לעבן. אז מע נעמט צו דאָס לעבן, איז נאָך גאָרניט. אונדזערע קינדער האָט מען אפ א בעסטיאַלישן אופן געמאטערט. אַנטיעריקע מיידעלעך פלעגט מען צווינגען צו געשלעכטלעכע באציִונגען. די מאמע האָט געמוזט זײַן דערבײַ און אכטונג געבן, דאָס קינד זאָל ניט שרײַען. שפּעטער פלעגט מען די מאמעס אויסטאָן נאקעט, שטעלן באם וואנט, צובינדן די הענט אין דער הייך און צופּן די האָר פון קערפּער. די צונג האָבן זיי געשטאָכן מיט שפּילקעס. געשמירט די אויגן מיט קאַל. די מענער פלעגט מען הייסן ארויסנעמען די געשלעכטס-אָרגאנען, מע פלעגט ארײַנשטעכן אין זיי אָנגעגליטע דראָטן, וועלכע מע האָט גע-האלטן אזוי לאנג, ביז די פלעגן ווערן שווארץ.



א גרופע קעמפער פון דער „פאראייניקטער פארטיזאנישער ארגאניזאציע" באם ארײנמארשירן אין ווילנע.

—גענוג,—פלעגן זיי זאָגן,—אײַך צו לעבן. מיר וועלן אויסהארגענען אלעמען. עס איז ניט קיין קונץ צו דערהארגענען. מיר וועלן אײַך אויסמאטערן. עס וועט זיך אײַך אָפּוועלן צו לעבן און וואַרטן אַם סטאלינען.—זיי פלעגן אָנדז אָפּשנײַדן די פינגער פון די הענט און פיס. די ווונדן האָבן מיר ניט געטאָרט פאַרבינדן, אַזוי אַז בלוט פלעגט גיסן אָן אויפהער. זיי האָבן אונדז אַזוי געמאַטערט פיר טעג, און שפּעטער — אַפּ פּאָנאַר. מיר זײַנען געווען פינף און פערציק מאַן אין איין באַהעלטעניש. דורך אַ קאַנאַל האָבן מיר געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט אַ צווייטער גרופּע—זיבן און זעכציק פּערזאָן—דערוואַקסענע און קינדער.

דעם בריוו וואַרפן מיר אַרויס אַפן וועג קיין פּאָנאַר, קעדיי גוטע מענטשן זאָלן נאָכן צוריקערן די רעכט, אים אָפּגעבן יידן. ווען זיי וועלן מאַר אונדז, 112 מאַן, דערהאַרגענען כאָטש איינעם, וועלן זיי טאָן אַ מיצווע פאַר אונדזער פאָלק. מיט טרערן אין די אויגן בעטן מיר: נעקאָמע! נעקאָמע! איך שרײַב דערפאַר אַפּ פּויליש, ווײַל אויב עמעצער וועט געפינען אַ יידישן בריוו, וועט ער פאַרברענען, און אַ פּוילישן וועט אַ גוטער ערלעכער מענטש איבערלייענען און אָפּגעבן געבליבענע יידן.

מיר געזעגענען זיך מיט אײַך, מיר געזעגענען זיך מיט דער וועלט, רופנדיק צו נעקאָמע!

עס שרײַבט גורוויטש און אַס.

דעם 26-טן יונ 1944".

* * *

איך בין ווידער אין מײַן היימשטאָט. מיט רידלען און זעק שפּאַנען מיר צו די מאַלינעס. עס גייט מיט אַבע קאָוונער, קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנישער יידישער מאַכנע „נעקאָמענעמער", וואָס זײַנע קעמפער האָבן פון די ערשטע זיך אַרײַנגעריסן אין שטאָט און אויפגענומען אַ שלאַכט מיט די פאַרבאַריקאַדירטע דײַטשן. עס גייט ניט דער שרײַבער דער פּאַרטיזאַן ש. קאַטשערגינסקי, וואָס צוזאַמען, מיט געווער אין האַנט, האָבן מיר ביידע זיך אַרויסגעריסן פון דער געטאָ און אַוועק אין וואַלד זיך שלאָגן קעגן סוינע. עס גייט מיט וויטקע קעמפנער, די העלדן פון דער ערשטער דיווערסיע, וואָס האָט אין מײַ 1942 זיך אַרויסגעקליבן מיט אַ באָמבע פון ווילנער געטאָ און אַרײַנגעלאָזט אַ דײַטשישן עשעלאָן לעבן נײַ-ווילייקע, עס גייט מיט די דרייסטע פּאַרטיזאַנקע זעלדע טרעגער, וואָס אַכצן מאָל האָט זי זיך אומגעקערט פון וואַלד אין געטאָ, קעדיי צו ראַ-

טעווען מענטשן, און עס באגלייט די פּאַטיזאַנקע רוזשקע — איינע פון אונדזערע ווירדיקסטע קעמפּערנס.

דאָ, ווו מיר גייען איצט, האָבן נאָך פּאַראיאָרן אין די זעלבע געכלעך געלעבט אונדזערע ברידער. אַף יעדער שפּאַן ערד, אַף דעם מינדסטן ברוקשטיין איז אויסגעקריצט אונדזער גורל. אָט איז דייַטשישע 19, פונוואַנען עס איז אוועק צום טויט דער קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ איציק וויטענבערג. אָט איז סטראַשון-גאַס 12, אונדזער פּאָרלעצטע באַריקאַדע, וועלכע די דייַטשן האָבן אויפגעריסן מיט דינאַמיט. אויך איצט ליגן נאָך אונטער די כורוועס באַ הונדערט פאַרשאָטענע.

מיר שטעלן זיך אָפּ. שווייַגן. איצט ריידן די ציגל איבער די הונדערט פאַרשאָטענע.

די קולטור-אוצרעס זייַנען פאַרגראָבן געווען אין א צען ערטער. שווער נאָך געפינען פּעסטצושטעלן, וואָס עס איז געבליבן. אַף דייַטשישע 29 איז די באַהעלטעניש פאַרשאָטן מיט א מויער. אַף וויוולסקע 18 איז אַלץ פאַרברענט. א סוואָרע, מירן דאָרט גאָרניט געפינען. ווען די רויטע אַרמיי איז שוין געשטאַנען הינטערן שטאָט, האָבן די דייַטשן אויסגעפונען די באַהעלטעניש אַף סטראַשון-גאַס 6 און געמאַכט אַרום הויף א שייַטער פון די קסאַוויאַדן. דאָס איינציקע, וואָס איז פון שייַטער געבליבן, איז א בריוו פון אווראָם רייזען. דער בריוו איז רונד אַרום פאַרברענט. בלויז דער אונטערשריפט פון פּאָעט און א צען שורעס זייַנען קענטיק.

גאַנץ, ניט אָנגערירט איז געבליבן די מאַלינע אַף סטראַשון-גאַס 1, מייַן שטוב אין געטאָ. דרייַ פּערטל געראַטעוועט איז אויך די מאַלינע אַף סטראַשון-גאַס 8. דאָרט זייַנען באַהאַלטן געוואָרן באַ א צוויי טויזנט ספאָרים פון דער סטראַשון-ביבליאָטעק. צווישן זיי אוניקאַטן אין א סאַך יעקאַר-האַמציִעסן. און אָט זייַנען מיר אַף שאַוולער 6, אין איינער פון די וויכטיקסטע מאַלינעס.

די מאַלינע איז צוויי גאָרן אונטער דער ערד, און זי איז פאַרייניקט מיט די רערן פון דער קאַנאַליזאַציע. גערשן אַבראַמאָוויטש, דער אויסבויער פון דער מאַלינע, גייט איצט מיט אונדז, און אייגנעם זוכן מיר.

אָט זייַנען די אַלטע פּלאַקאַטן פון גאָלדפאַדענס ערשטע פאָרשטעלונגען. אָט זייַנען די קליינע צעטעלעך פון ד״ר אַלפרעד לאַנדויס ווערטערבוך. אָט איז דאָס קעסטעלע מיט שאָלעם-אַלייכעמס בריוו. דערבייַ ליגן די קסאַוויאַדן פון ביאַליק און גאָרקי, געענדעלע




א טייל געראטעוועטע סקולפטורן פון די ווילנער ייִדישע מוזייען.

און יעהויאַש. אַט איז דער קסאַוויאַד פון בערגעלסאָנס „דער טויבער“. ער איז צוגעקלעפּט צום פּינקעס פון גאָענס קלויז.

אין ווינקל לינקס גראָבן מיר אויס די סקולפּטורן. זיי האָבן מערסטנס געהערט צו דעם אנסקי-מוזיי. דעם לייבן-קאָפּ פון טאָלסטאָי דערקענען מיר אין דער טונקל, ס׳איז די ארבעט פון איליא גינז-בורג.

באַם אופגראָבן די סקולפּטור „דאָוויד“ פון אנטאָקאָלסקי איז געשען אזוינס: ווען מיר האָבן אָפּגעגראָבן א שיכט ערד, האָט זיך באוויזן א האנט. איך האָב זי אָנגענומען, און מיר איז דורך א שויי-דער. ס׳איז ניט קיין גיפּסענע. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין דער זעלבער מאלינע האָבן זיך נאָך דער ליקווידאציע פון געטאָ באהאלטן יידן. איינער איז פון זיי געשטאָרבן, און מע האָט אים מעקאבער געווען לעבן אנטאָקאָלסקיס סקולפּטור.

* * *

איך שפּאַן איבער ווילנע. איך קום צו דער גרינער בריק. די בריק איז אופגעריסן, און זי ליגט אין וואסער. לעבן איר איז איצט פאראן א צווייטע, פּראָוויזאָריש אופגעשטעלט פון ברעטלעך. גייענדיק אף דער שמאָלער קלאדקע, זע איך: איינגעקוועטשט אין די אייזערנע פרענטעס פון דער אין וואסער ליגנדיקער בריק ליגט א דייטשישער פעלדפעבל, איינער פון די שוויינענבערגס, מיט א גלאנציקן האקנ-קרייץ אף דער ברוסט, און די כוואַליעס שווענקען אים, פלייצן אי-בערן קאָפּ. און אנטקעגן, בא דעם ברעג ווילִיע, שטייט אף דער וואך א יונגער באוואָפנטער יידישער פּארטיזאַן.

געשריבן אין מאָסקווע, זומער, 1944.

# אינהאלט

## באמ דײַטש אינ די נעגל


זײַט

אינ שטאָט אונ אפ די וועגנ . . . 3
גזיירעס אונ לאַטעס . . . . . 6
כאַפּונעס . . . . . . . . 9
דער ערשטער ייִדנראַט . . . . 10
די האַק . . . . . . . . . 12
מײַנ ערשטע מאַלינע . . . . 13
אַ פאַרווײַלונג באַ דײַטשנ . . . 16
קעפּ . . . . . . . . . . 19
אינ אַנ אָרנ פאַר מייסימ . . . 21
בראַנפנ אינ בלוט . . . . . 25
פּאָנאַר . . . . . . . . . 27
די ערשטע, אָדער די גרויסע, פּראָוואָקאַציע . . . . . 27
אינ לוקישקער טורמע . . . . 29
ווידער באַ דער מאַמענ . . . . 31
ציגײַנער . . . . . . . . 32
צווישנ פרײַנט . . . . . . . 34
דער סאָפ פונעמ ערשטנ ייִדנראַט . 35
דער בלוטיקער שפּאַס . . . . 36
דער וועג צו דער געטאָ . . . . 38


## הינטערנ טויער


דאָס פּנימ פונ געטאָ . . . . 42
די צווייטע פּראָוואָקאַציע אונ דער צווייטער ייִדנראַט . . . . 45
אַ בינטל געזעצנ . . . . . . 47
די צעטומל־קאַרירנ . . . . . 48
שטורמיסטנ . . . . . . . . 52
אינ דער צווייטער געטאָ . . . . 54
די נאַכט פונ געלע שײַנענ . . . 56
דורכ דער נאַכטיקער ווילנע . . 58
יאַנאָווא באַרטאָשעוויטש . . . . 60
צוריק אינ געטאָ . . . . . . 66
מײַנ מאַמעס טויט . . . . . 70
שטאָט אונ געטאָ . . . . . . 71
דער רעפערענט פאַר ייִדישע ענינימ . . . . . . 75
ריטשישע באַרעמהאַרציקײַט . . 77
די קליידער . . . . . . . . 84
דער באַלעבאָס פונ פּאָנאַר . . . 85
דער געזעצ־בוכ . . . . . . . 88
פונוואַנענ האָט מענ גענומענ שפּײַז . . . . . . . . . 90
דאָס קולטור־לעבנ אינ ווילנער געטאָ . . . . . . . . 98
די שולנ . . . . . . . . . 99
טעאַטער . . . . . . . . . 104
מוזיק . . . . . . . . . . 106
פאַרייניקונג פונ ליטעראַטנ אונ קינסטלער . . . . . . 107
אויסשטעלונגענ . . . . . . 109
דאָס קולטור־הויז אפ סטראַשונ־גאַס 6 . . . . . . . 110
דער שפּיטאָל אונ די אָרגאַניזאַציע פונ ריינקײַט . . . . 112
אינ קיניגרײַכ פונ אַלפרעד ראָזענבערג . . . . . . . 114
דער נײַניעריקער קינסטלער . . . 121

| | זייט |
|---|---|
| די זינגערנ | 125 |
| דער מאטעמאטיקער | 128 |
| די פאנטאסטישע הייל | 131 |
| די אונטערערדישע שטאָט | 134 |
| דער ייִד פונ דער מאלינע | 136 |
| קיטעל | 148 |

## די פארטיזאנישע אָרגאניזאציע

| | |
|---|---|
| דער ע־שטער אופרופ | 153 |
| געווער | 158 |
| זאלמענ טיקטינ | 161 |
| פארבינדונג מיט דער דרויסנדי־קער וועלט | 163 |
| ניט־ייִדנ — פארניזנער פונ געטאָ | 165 |
| די פאראשוטיסטנ פונ ביאלאָ־וואקע | 166 |
| סאבאָטאזש אונ דיווערסיע | 167 |
| הילפ פאר קריגס־געפאנגענע אונ מישפּאָכעס פונ סאָוועטישע קאָמאנדירנ | 171 |
| אינ די „ביליקע הייזער" | 172 |
| דער רופ צו אנדערע ייִדישע ייִשוּוימ | 174 |
| די געהיימע דרוקעריי | 177 |
| ספּעציעלע אָפּטיילונג בא פ. פ. אָ. | 182 |
| דער היבנ פונ פ. פ. אָ. | 183 |
| מיר פייערנ דעמ 1־טנ מיי (1943) | 184 |
| אונטערנ שוץ פונ עסטער־ראָכל קאמינסקי | 185 |
| איציק וויטענבערג | 191 |
| נייער טאָג־באפעל | 194 |
| ליזע רופט! | 197 |
| דורכ די רערנ פונ דער קאנא־ליזאציע | 200 |
| דריי העלדנ | 203 |
| סאָניע אונ יוליאנ | 204 |
| דער העמשעכ אינ וואלד | 206 |

## אפנ הייסנ אש

| | |
|---|---|
| די שייטערנ אינ קלאָגע | 215 |
| אונ אזוי זיינענ אומגעקומענ אונדזערע קינדער | 220 |
| אינ דער באפרייטער ווילנע | 228 |
| דאָס פארברענענ די מייסימ | 229 |
| פיגורנ | 233 |
| די פארטיילונג פונ די פונקציעס | 236 |
| דאָס געבוי פונ שייטערהויפנ | 237 |
| די געעפנטע גריבער | 239 |
| דער טונעל אונטערנ פּאָנארער בונקער | 241 |
| אפ קייווער־אָוועס אינ פּאָנאר | 243 |
| דער ארויסגעוואָרפענער בריוו | 248 |

## А. СУЦКЕВЕР

## ВИЛЕНСКОЕ ГЕТТО



Редактор *М. Альтшулер.* Художник *Г. Ингер.* Техред. *М. Погостин.*

А—02201. Сдано в производство 18|V—45 г. Подписано к печати 10|1—46 г. 16 п. л. 12,5 уч.-изд. л. 64.500 тип. зн. в л. Формат 84x108 $^1/_{32}$. Тираж 10.000. Зак. 1116.

Набрано в 13-й типографии треста „Полиграфкнига" ОГИЗа при Совете Министров РСФСР, Москва, Денисовский, 30. Отпечатано в тип. Госэнергоиздата, Москва, Шлюзовая наб., 10.

